# די יודישע געשיכטע
## לויט די מסורה

בעאַרבעט פון די ערשטע תורה־קוועלען:
תנ"ך, מדרשים און אַנדערע ספרי קדמונים,
אין דער בעלייכטונג פון די ערשטע מפרשי־התורה.

בעאַרבעט און רעדאַגירט דורך
משולם קאמינער

ערשטער באַנד

פון בריאת־עולם ביז דער אָנהויב פון א מלוכה פיי יודען

פאַרלאַג ת. יאַקובסאָן מ. גאָלדבערג
וואַרשע — נאַלעווקי 35 — ת. ר. צ. ב.

L. Myerson
7 Bertram Rd
S. Point

## זייער חשובע הערן!

איהר האָט זיך אונטערגענומען אַרויסצוגעבן „יודישע גע־שיכטע לויט דער מסורה".

איך מיין, אַז שוין דאָס אינטערנעמ׳ן זיך אַזאַ זאַך פאַר־דינט, אַז מ׳זאָל זיך דערמיט אינטערעסירן, ווייל, ווער ווייסט דען נישט, אַז דער יידישער עולם איז ביז אַצינד זייער ווינציק באַהבנט אין דער יידישער היסטאָריע, און אַז די ביכער וואָס זענען ביזאַהער אַרויס איבער דעם ענין, זענין כסדר גישריבן פון אפיקורסים?

דערצו ווייזט זיך מיר אויס נאָך די ערשטע קוקן אין דעם ווערק, אַז דאָס איז געשריבן פון ה׳ משולם קאַמינער מיט גרויס התמדה, מיט גרויס געטרייאיגקייט און מיט אַ גוטן סגנון. איך האָף, אַז זיי וועלן אויסנעמען ביים פרומען יודישן פאָלק.

בערלין, כ״ד תשרי תרצ״ב

**ד״ר נתן בירנבוים**

# פאָרוואָרט

די יודישע געשיכטע לויט דער תורה, וואָס מיר געבען יעצט דעם לעזער, שאפט איהם א פאָלקאָם בילד איבער'ן געשיכטליכען צוזאמענהאנג פון יודישען פאָלק, נישט בלויז די נאציאָנאלע מאָמענטען נאָר אויך די רעליגיעזע, וואָס עס איז דער הויפט-יסוד פון יודישען קיום, און וואָס עס טהוט פערורזאַכען און פעראייביגען דעם עגזיסטענץ פון יודישען פאָלק אין אלע שווערסטע צייטען.

די אמת'קייט פון די ידיעות, ווערט גאַראַנטירט דאַמיט, וואָס זיי זענען גענומען פון די ערשטע תורה-קוועלען, פון תנ"ך, מדרשים און אנדערע ספרי קדמונים. ביים איבערגעבען די געשיכטליכע ידיעות ווערען זיי פיעל מאָל בעלויכטען לויט די ערשטע און בעוואוסטע מפרשי התורה.

דעם אמת געזאָגט, האָט אַזאַ ווערק געפעהלט אין יודישען הויז, און אין דער יודישער רעליגיעזער שולע; א ווערק וואָס זאָל קודם כל פערזיכערען די עלטערען וועלכע ווילען נישט, זייערע קינדער זאָלען זיך אָנלעזען מיט די דעות, גענומען פון ספרים חיצונים.—זיי דאַרפען אָבער נישט פרעמד בלייבען, פונ'ם קלאָרען און קאָנקרעטען צוזאַמענשטעל, און דעם גאַנג פון די יודישע געשיכטע.

אין די ערשטע טיילען, וועט דער לעזער זיך דאָ טרעפען מיט פיעל בעקאַנטע שטעלען אין דער תורה. אָבער ביי יעדען מאָמענט קומט צו די געשיכטליכע פערלויפען וואָס זענען פערשפרייט אין פערשיעדענע ערטער, דאָ ווערען זיי קאָנצענטרירט, סיסטעמאַטיזירט און בעלויכטען, אַזוי דאָס ביים לעזער בלייבט אַ קלאָר בילד וועגען דעם וואָס עס איז געשעהען אין יעדער תקופה.

מיר ערוואַרטען דעם יודישען אָרטאָדאקסישען לעזער-פובליקום, וועלכער וועט פערשטעהען די שוועריגקייט פון אונזער אויפגאַבע, און וועט אונז מיטהעלפען; דער ערפאָלג פון אונזער אַרבייט, איז אויך אַ התחלה פון ווייטערע אונטערנעהמונגען אויף דעם געביט, צו פערשפרייטען די אמת'ע יודישע ידיעות, און מיר ווילען אויך האָבען די מעגליכקייט צו פערבעסערען און ענטוויקלען די פאָרגענומענע אַרבייט.

פערלאַג.

# פאַר׳ן בעשאַפען די וועלט

איז אלץ ארום, געווען וויסט און ליידיג, און פינסטער איז געווען—נור דער געטליכער גייסט וואָס האָט געשוועבט איבעראַל. האָט גאָט ב״ה, מיט צעהען בעפעהלן די וועלט בעשאפען.

זעקס טעג האָט געדויערט, ביז אלץ אויף דער וועלט איז בעשאפען געוואָרען.

דעם ערשטען טאָג — איז געוואָרען ליכטיג, און עס איז אויך געוואָרען בעשטימט א צייט־גרעניץ צווישען טאָג און נאכט.

דעם צווייטען טאָג — ווערט פערפעסטיגט דער הימעל אינ׳ם וואסער און עס ווערט א צווישען־שייד; די וואַסער׳ן ווערען אָבגעטיילט — איין טייל בלייבט איבער׳ן הימעל און דער צווייטער טייל, אונטער׳ן הימעל.

דעם דריטען טאָג — פערזאמלען זיך די וואסער׳ן אין בעשטימטע ערטער און די ערד בעוויזט זיך אין איהר גאנצער טריקעניש. די וואסער׳ן בלייבען אלס ים׳ען און די ערד אלס טריקענער באָדען.

נאָכדעם — ווערט די ערד בעדעקט מיט גראָזען און געוויקסען, בוימער און פרוכטען, וואָס האָבען אין זיך אויך זאָמען מיט וועלכע מ׳קען פערזייהען נייע געוויקסען אין דער ערד.

דעם פערטען טאָג — ווערט ארויסגעהאָנגען איבער׳ן חלל פון דער וועלט, די זון, די לבנה און די שטערען וואָס טהוּן

לייכטען, און דיענען אויך אלס צייכען לויט וועלכע מ׳קען צעה־
לען: טעג, חדשים און יאָהרען.

דעם פינפטען טאָג — ווערען די וואַסער׳ן פול מיט פיש און
אנדערע וואסער־ברואים, אויך פויגעל וואָס פליהען אין דער לופט.

דעם זעקסטען טאָג — ווערען בעשאפען אלע לעבעדיגע
ברואים אויף דער ערד, ווי בהמות, חיות, וואַרעם א. א. צום סוף
ווערט בעשאפען דער מענש אין א פאָרם פון די הימלישע גע־
שטאלטען, מיט א העכערען פערשטאנד, וואָס קען בעגרייפען און
זיך דערשלאָגען צו די אויפגאבען וואָס די אלערהעכסטע מאכט
האָט איהם בעשטימט.

דעם זיבעטען טאָג — האָט גאָט ב״ה גערוהט, נאָכדעם ווי
די גאנצע וועלט איז שוין געווען בעשאפען. און אזוי טהוט גאָט
אָבענדיגען זיין וועלט׳ס־ווערק, מיט׳ן בעשטימען דעם שבת׳דיגען
טאָג אלס רוה־טאָג, פאר די מענשען וואָס זענען בעשטימט צו געהן
אין דעם ריכטיגען וועג, וואָס זאָל בעצוועקען זייער אויפגאבע.
דער שבת וואָס קומט יעדען זיבעטען טאָג אין דער וואָך, ווערט
געבענטשט און געהייליגט אויף שטענדיג (בראשית א).

דער ערשטער טאָג, ווען די וועלט האָט אָנגעהויבען
בעשאפען ווערען, איז אויסגעפאלען לויט דער צייט וואָס מיר צעה־
לען — 25 טאָג אין חודש אלול. שוין אין דעם טאָג, איז איי־
גענטליך בעשאפען געוואָרען דער מענש, אָבער קיין גשמה האָט
ער ניט געהאט ביז׳ן זעקסטען טאָג, וואָס פאלט אויס — לויט ווי
מיר צעהלען — אין ראש השנה, דער ערשטער טאָג פון חודש
תשרי (מדרש אבכי״ר).

# אדם הראשון

## (א—תתק״ל)

**די ערשטע מענשען.** אדם הראשון איז געווען דער ערשטער מענש אויף די וועלט, וואָס איז בעשאפען געוואָרען פון גאָט'ס האנד; די ערשטע פרוי, אדם'ס ווייב חוה, איז בעשאפען געוואָרען פון זיינס א טייל קערפער:

גאָט ב״ה האָט געוואָרפען א שלאָף אויף אדם'ן, ביי איהם ארויסגענומען א ביין פון זיין ריפ; דאָס אָרט, ווי דער ביין איז געווען, איז שפעטער פערדעקט געוואָרען מיט פלייש און הויט. פון'ם אַרויסגענומענעם ביין, איז בעשאפען די פרוי, וועלכע איז שפעטער געשטעלט געוואָרען פאַר אָדם'ן, ער רופט זי חוה — זי איז די מוטער פון אלע לעבעדיגע מענשען.

די ערשטע שעה פון טאג, ווען אדם איז בעשאפען געווארען, האט גאָט ב״ה צונויפגעזאמעלט די ערד וואס פון איהר איז געקנעטען געווארען דער קערפער. די ערד איז צונויפגעזאמעלט געוואָרען פון אלע טיילען וועלט; בכדי, ווען ער וועט שטארבען זאל איהם די ערד איבעראל צונעהמען. פון איהר איז ער געקומען און צו איהר געהט דער קערפער נאכ'ן מענש'ס טויט.

די צווייטע שעה—איז שוין פערטיג געוואָרען אָדם'ס קערפער.

די דריטע שעה — זענען אויסגעטיילט געוואָרען זיינע אברים (גלידער).

די פערטע שעה — איז אין איהם אריינגעגעבען געוואָרען די נשמה.

די פינפטע שעה—האָט ער זיך שוין געקענט שטעלען אויף די פיס, און זיינע נקבים (לופט-לעכער אין גוף) זענען געעפענט געוואָרען.

די זעקסטע שעה — האָט גאָט ב״ה, פארביי-געשיקט אדם'ן

אַלע חיות, בהמות און לעבעדיגע בעשעפעניש‎ען, וועמען אָדם רופט יעדען אויס א נאָמען און אזוי רופט מען זיי אויף שטענדיג.

די זיעבעטע שעה — איז בעשאפען געוואָרען **חוה.**

די אַכטע שעה — זענען ביי אָדם מיט חוה שוין געוועזען קינדער (די ערשטע מענשען וואָס זענען נישט בעשאַפען געּ האָרען לויט דער נאַטור, האָבען געבוירען קינדער אויך נישט לויט די שפּעטערע נאַטורען).

די ניינטע שעה — האָט אָדם בעקומען דעם ערשטען בעפעהל פון גאָט, נישט צו עסען פון עץ הדעת (זעה ווייטער).

די צעהנטע שעה — האָט אדם שוין עובר געווען גאָט׳ס בעפעהל און פון עץ הדעת יאָ געגעסען (זעה ווייטער).

די עלפטע שעה — ווערט אדם גע׳משפט פאַר׳ן בית־דין של מעלה און ווערט פעראורטיילט אַלס שולדיגער.

די צוועלפטע שעה — ווערט ער פערטריבען פון גן עדן (זעה ווייטער) און עס ווערט אויפגעהאָנגען אַ שווערד־שארף, וואָס דרעהט זיך שטענדיג פאַר דער טהיר פון גן־עדן, אדם זאָל זיך אהי׳ן נישט קענען צוריקקעהרען (פרקי דרכי אליעזר).

אדם מיט חוה׳ן זענען בעשאַפען געוואָען, באַלד אין דעם גוואוקס פון צוואָנציג־יעהריגע מענשען (ב״ר—כ״ב).

**דער גן עדן** איז געווען דאָס בעסטע אָרט אויף די וועלט. דאָרט זענען געוואַקסען די בעסטע בוימער און די בעסטע פרוכטען. צווישען די בוימער האָט זיך אויך געפונען דער **עץ־החיים,** דער בוים פון לעבען די פרוכטען פון אָט דעם בוים האָבען געהאַט אַ סגולה—ווער עס עסט זיי לעבט אייביג. דאָרט האָט זיך אויך געפונען דער **עץ־הדעת,** דער בוים פון וויסען גוט׳ס און שלעכט׳ס די פרוכטען; פון אָט דעם בוים האָבען געהאַט די אייגענשאַפט, אריינצוגעבען איג׳ם עסער דאָס גלוסטען נישט בלויז צום גוטען, נאָר אויך צום שלעכטען.

אדם מיט חוה האָבען פאַר׳ן עסען פון עץ הדעת נישט געהאַט קיין שום יצר הרע און געהאָט אַ אינערליכע נייגונג נור

צו טהון גוט'ס — פונקט ווי מלאָכים. זיי זענען אויך געגאַנגען נאַקעט אָהן קליידער, און האָבען זאָגאָר נישט געוואוסט, אַז מען דאַרף זיך דאַמיט שעהמען.

און גאָט בעפעהלט אדם'ן: פון אַלע בוימער קענסטו עסען נאר פונ'ם עץ־הדעת דאַרפסטו נישט עסען; דען, אינ'ם טאָג וואָס דו עסט פון איהם, ווערסטו אַ בן מות, דו ברענגסט אויף דיר דעם טויט.

דער שלאַנג איז געוועזען די קלוגסטע צווישען אַלע בעשעפענישען אויף דער וועלט. ער האָט זיך אויך דאַן אויסגעגלייכט מיט'ן מענש, דאַמיט וואָס ער איז געגאַנגען אויפגעשטעלט, מיט'ן קאָפּ אין דער הויך. דעריבער האָט ער זיך מקנא געווען אין די מענשען און געזוכט אַ עצה, ווי זיי צו פערפיהרען פון גוטען וועג, און אַזוי אַרום אַוועקצונעהמען פון די מענשען גאָט'ס ברכה, וואָס טהוט דעם מענש דערהויבען איבער אַלע בעשעפענישען אויף די וועלט.

עס איז געוועזען אַ מאָמענט, ווען אָדם איז אַוועק זיך אָבּרו-הען און חוה איז געבליבען אַליין. דער שלאַנג נוצט אויס די געלעגענהייט און פערפיהרט מיט חוה'ן אַ שמועס וועגען דעם עץ־הדעת. זי פערשטעהט זיין שפּראַך און הערט די פראַגען וואָס ער שטעלט איהר: פאַר וואָס מיידען עפּעס די מענשען אויס דעם עץ-הדעת? דאָס איז דאָך דער שענסטער בוים, צי עסען זיי אינגאַנ-צען נישט די פרוכטען פון בוימער?

— ניין! פון אַלע בוימער עסען מיר, נור פונ'ם עץ-הדעת נישט; דאָס איז דער בוים וועגען וועלכען גאָט האָט בעפוילען אָדמ'ן: מ'דאַרף פון איהם נישט עסען און אויך נישט אָנריהרען, אויב איהר ווילט נישט שטאַרבען.

דער שלאַנג האָט גוט געוואוסט, אַז גאָט האָט נור פערבאָ-טען דאָס עסען פונ'ם עץ-הדעת אָבער נישט דאָס אָנריהרען איהם. אויך האָט ער געוואוסט אַז שטאַרבען אויפ'ן אָרט וועט נישט דער מענש ווען אפילו ער וועט עסען פונ'ם עץ־הדעת, נאָר ער

ווערט א בן-מות; ער וועט שטארבען אין א צייט ארום און וועט מעהר נישט לעבען אייביג—דאס וואס עס וואלט געשעהען ווען אדם עסט נישט פון עץ-הדעת, נור בלויז פון עץ-החיים.

דער שלאנג האט אבער געפונען די בעסטע געלעגענ-הייט צו פערפיהרען חוה'ן אין א טעות; ער האט איהר א שטויס געטהון, אזוי דאס זי איז ארויפגעפאלען אויפן בוים און ער זאגט איהר:

זעה! פונקט ווי דו שטארבסט נישט האטש דו האסט אינ'ם בוים אנגעריהרט, אזוי וועסטו אויך נישט שטארבען ווען דו וועסט עסען פון די פרוכטען פונ'ם בוים. גאט וויל אייך נישט אנטרויען, איהר זאלט געניסען פונ'ם עץ-הדעת, ווייל איהר וועט דאן א סך וויסען, גוט'ס און שלעכט'ס.

די רייד פונ'ם שלאנג וועלכע זענען געווען מיט גיפט און גלאנציג בעפוצט, האבען געפונען א אפקלאנג ביי דער לייכטזיניגער פרוי. זי שלאגט זיך מיט דער דעה און קען זיך נישט געבען קיין עצה:

זאל זי עסען פונ'ם עץ-הדעת, און זאל געשעהען וואס עס קאן געשעהען, מצג עס איהר קאסטען דאס לעבען—דער בוים איז דאך אזוי שעהן, די פרוכט אזוי זעלטענהאפט? אדער — זי זאל זיך איינקרעמפירען אין א צוים, אבזאגען זיך פון אזעלכע גלוסטונגען אין לעבען, נור צוליעב דעם וואס זי וועט לענגער לעבען, און דער סוף איהרער וועט זיין א בעסערער און צופרידענער?

דאס זענען באמת צוויי וויכטיגע, לעבענ'ס-וויכטיגע פראבלעמען: דאס לעבען פון יעצט, רופט צו זיין פריי אין אלע בעוועגונגען, און אויסנוצען די צייט צו אלע פערלאנגען וואס דאס אויג זעהט און דאס הארץ גלוסט; אבער דאס לעבען פון שפעטער, פאדערט צו זיין פארזיכטיג מיט אלעם וואס ווארפט זיך אין אויג, נישט טהון דאס וואס פערקירצט די צייט פון לע-בען און פערשאפט טרויעריגע קאנסעקווענצען.

די ערשטע פרוי בייז דער וועלט, חוה, האָט זיך נישט געטענגעט גענוג שטאַרק, אויפצוגעהמען דעם קאַמף צווישען אַזעלכע שווערע לעבענס-פראַגען, און האָט זיך אונטערגעוואָרפען דעם מאָמענטאַלען פערלאַנג: זי האָט געזעהען די פרוכטען פון ביים, וועלכע זענען ווירקליך געווען רייצענד האָט זי גענומען און געגעסען.

און די פאָלגען האָבען זיך באַלד בעוויזען. די ערשטע בייזע געדאַנקען קומען חוה'ן אין קאָפּ: זי האָט געגעסען פון'ם עץ-הדעת און וועט פריהער אָדער שפּעטער שטאַרבען; איהר מאַן אָבער, אָדם, ער האָט נישט געגעסען און וועט אָך מעגליך איהר איבערלעבען, ער וועט נאָך פיללייכט נעהמען אַ צווייטע פרוי אויף איהר אָרט, — און די קנאה ברענט אין איהר שוין, אַזוי דאָס זי בעשליסט פאַר יעדען פרייז צו ברענגען דעם טויט אויך אויפ'ן מאַן: ער מוז עסען פון עץ-הדעת גלייך מיט איהר און ער מוז אויך שטאַרבען גלייך מיט איהר.

ווען אָדם קומט צוהיים אַ אויסגערוהטער, דערלאַנגט איהם חוה אַ כוס פרוכטען-זאַפט.

אַזאַ טעם האָב איך נאָך נישט געפיהלט, ווירקליך אַ אויס-נאַהם, איז עס נישט אַמאָל פון עץ-הדעת? — פרעגט אָדם.

חוה ווערט בלאַס. אָדם דערקענט, אַז זי האָט שוין פערזוכט פון עץ-הדעת און ער ווערט דערשראָקען. זי הויבט איהם אָן בעטען און איינרעדען, מיט גוטען און מיט בייזען, ער זאָל אויף איהר רחמנות האָבען און זיך טיילען מיט איהר גורל; ער זאָל אויך עסען פון עץ-הדעת, און וואָס עס זאָל זיין מיט די מענ-שען זאָל זיין מיט ביידע, מיט'ן מאַן און מיט דער פרוי.

אָדם קען זיין פרוי נישט פערזאָגען און ער פאָלגט איהר. אַזוי האָבען די ערשטע מענשען אויף די וועלט, אָדם מיט חוה זיך געלאָזט איבעררעדען און פערשוואַכט די ערשטע מצוה וואָס די האָבען געהאַט.

די ערשטע שטראָף. ווי אָדם מיט חוה האָבען געגעסען פון עץ-הדעת, האָבען זיי זיך דערזעהען נאַקעט און אַז מען דאַרף

זיך דאַמיט שעהמען. עס האָט זיי זעהר באַנג געטהון וואָס זיי האָבען געגעסען און האָבען נישט געוואוסט וואָס צו טהון פון גרויס שמערץ. זיי האָבען זיך געפרובט בעהאַלטען צווישען די ביימער און עס האָט זיך זיי געדאָכטען, אַז מען קען זיך אויך בעהאַלטען פון גאָט׳ס צאָרן.

און עס איז געקומען דער רוף פון גאָט צו אָדם׳ן:

— וואו ביזטו? וואָס האָסטו דיך בעהאַלטען?

— איך האָב מורא פאַר דיין קול, כ׳שעהם זיך וויל כ׳בין אַ נאַקעטער!

— אָבער ווער האָט עס דיר אויפגעקלערט, אַז דו דאַרפסט זיך שעהמען, האָסט געגעסען פון עץ־הדעת?

— איך בין נישט שולדיג! מיין פרוי האָט מיך אָנגערעדט! זי האָט מיר געגעבען צו עסען און כ׳בין נישט געוועזן געננג פעסט, אָבצוזאָגען איהר פערלאַנג.

אַזוי האָט אדם זיך געפרובט פערענטפערען. אויך חוה נעהמט זיך פערענטפערן, אַז דער שלאַנג איז שולדיג אין אַלעם, מיט די גיפטיגע און אנציהענדע ווערטער האָט ער אויף איהר געווירקט; זי האָט זיך איינגאַנצען פערלוירען און זיך נישט געקענט בעהערשען. דעם שלאַנג וואָס איז אין אַלעם ווירקליך שולדיג, פרעגט נישט גאָט, נאָר ער בעקומט באַלד זיין פסק: עס ווערט ביי איהם אָבגענומען דער פערשטאַנד, דאָס לשון און דער גאַנג אויף צו געהן אויפגעשטעלט ווי דער מענש, און ער הויבט אָן צו קריכען אויפ׳ן בויך און בלייבט די נידריגסטע בעשעפעניש. מיט זיין גיפט קען ער נאָר טרעפען דעם מענש אינ׳ם טריט פון פיס. און די מענשען בלייבען איהם אייביגע שונאים.

אדם מיט חוה בעקומען אויך אַ פסק: זיי וועלען מוזען פיהרען אַ שווער לעבען, וויל צנדערש, ביי אַ לייכט לעבען וועלען די מענשען כסדר זינדיגען, נאָכדעם ווי דער יצר הרע האָט בעקומען אַ צוטריט צום מענש, איף איהם ווירקען צו

טהון שלעכט׳ס. דעריבער מוזען די מענשען טראָגען דעם שווע־רען צול; דער מאַן מוז שווער אַרבייטען ביי זיין פרנסה און די פרוי אין דער היים, ביים געבורט און אויסהאָדעווען די קינדער.

אָדם מיט חוה ווערען פערשטויסען פון גן-עדן, זיי זאָלען נישט קענען עסען פון עץ־החיים, וואָס די פרוכטען האָבען אַ סגולה, דער וואָס עסט זיי לעבט אייביג. און עס קומט די גזירה אויף אָדם׳ן, אַז ער וועט מעהר נישט לעבען ווי טויזענד יאָהר.

**די ערשטע קליידער.** פון דער פעל וואָס גאָט האָט אַראָב־גענומען ביים שלאַנג, האָט ער געמאַכט פאַר אָדם׳ן מיט חוה, אוי־בער־קליידער, צו פערדעקען זייער נאַקעטקייט. די דאָזיגע קליידער האָט אָדם איבערגעגעבען צו זיין אייניקעל חנוך, חנוך — צו משותלח, משותלח — צו נח׳ן. ביי נח׳ן האָט זיין זוהן חם אַרויסגע׳גנב׳עט די קליידער און זיי זענען שפּעטער געקומען צו כוש׳ן, חם׳ס זוהן, כוש האָט זיי געגעבען צו נמרוד׳ן. עשו האָט שפּעטער גע׳הרג׳עט נמרוד׳ן און ביי איהם אָבגענומען די קליידער. (פדר״א).

**דער ערשטער שבת.** אדם מיט חוה האָבען געזינדיגט פרייטיג, ווען זיי זענען באַלד פערטריבען געוואָרען פון גן-עדן. אָבער אינ׳ם זכות פון שבת, זענען זיי ניצול געוואָרען פון גהינם, וואו יעדער מוז ליידען פאַר זיינע זינד — בכדי עס זאָל נישט פער־שוואַכט ווערען די שבת׳דיגע הייליגקייט און די ברכה, דער ער־שטער שבת זאָל זיך נישט אָנהויבען מיט אַ שטראָף פאַר׳ן מענש.

ווען עס איז געוואָרען אויס שבת און עס ווערט פינסטער, האָט אדם זיך גענומען שרעקען און שטאַרק מורא געהאַט פאַר׳ן שלאַנג, זיין ערגסטען שונא. פון הימעל ווערט איהם געשיקט אַ פייער־דיגער ליכט-זאַל, איבער וועלכען אדם מאַכט אַ ברכה **בורא מאורי האש** און ער טרייסט זיך דערמיט, וואָס גאָט פערלאָזט איהם נישט.

**נאָך שבת** געהט אדם אין טייך גיחון וואו ער בלייבט ביז׳ן האַלז אין וואַסער, ער פאַסט זיעבען וואָכען ביז זיין גאַנ־צער קערפער ווערט צעווייקט ווי אַ זופּ, און ער בעט ביי גאָט:

זיי מיר מוחל און פערגעהם מיין תשובה! זאָלען די קומענ-דע דורות וויסען אז תשובה פועל'ט.

און גאָט פערגעהמט זיין תשובה.

**די ערשטע מצוות.** ווען נישט דער חטא פון עץ-הדעת, וואָלט די תורה באַלד איבערגעגעבען געוואָרען פון גאָט צו אָדם הראשון. שפעטער איז אָדם נור געוואָרען בעפוילען אויף זעקס מצות: א) עבודה-זרה; ב) גילוי-עריות; ג) שפיכות-דמים; ד) גזל; ה) ברכת ד'; און ו) דינים. ערשט נח איז בעפוילען געוואָרען אויף נאָך אַ מצוה: ז) אבר מן החי — דאָס זענען די אַזוי גערופענע: **שבע מצות בני נח**, וואָס די מענשען האָבען געהאַט צו היטען און אויך די יודען האָבען נישט געהאַט מעהר קיין מצות, פאַר קבלת התורה.

**דער סוד העיבור**, די גענויע אויסרעכנונג פון יאָהר לויט די זון און די לבנה, און ווען מ'דאַרף די חדשים און יאָהרען פער-גרעסערען, די אַלע ידיעות זענען איבערגעגעבען געוואָרען צו אָדם'ן וועלכער האָט זיי שפעטער איבערגעגעבען צו חנוך'ן, און חנוך צו מתושלח'ן, מתושלח — צו נח'ן, נח — צו שם'ן, שם צו אברהם'ן א. אז. ווייטער צו די איבריגע אבות, משה רבינו און די איבריגע נביאים און זקנים.

אָדם'ן האָט מען פון הימעל געוויזען, אַלע שפעטערע דורות, ווי זיי וועלען אויסזעהען, יעדער דור מיט זיינע חכמים און סופרים ער האָט אויך געזעהען דוד המלך'ן, ווי ער ווערט געבוירען אַ נפל'ע און האָט נישט קיין יאָהרען צום לעבען. האָט אָדם געבעטען ביי גאָט, ער זאָל איהם שענקען חאָטש זיעבעציג יאָהר, וועלכע זאָלען אַראָבגערעכענט ווערען פון זיינע טויזענד יאָהר, און אַזוי האָט אָדם הראשון נישט מעהר געלעבט ווי ניין הונדערט און דרייסיג יאָהר. (ילקוט חדש).

**די מערת המכפלה.** ווען אָדם איז געשטאָרבען, האָבען זיינע קינדער און אייניקלעך (שת מיט זיינע קינדער, חנוך און זיין זוהן מתושלח) איהם בעגראָבען מיט גרויס כבוד, אין די מערת המכפלה,

וועלכע איז פון הימעל אָנגעצייכענט געוואָרען פאַר'ן אָרט פון קברות אָבות. אַלע מענשען האָבען אָבגעהאַלטען אַ שטאַרקען טרויער. (די מערת המכפלה געפונט זיך ביז'ן היינטיגען טאָג אין חברון, ארץ-ישראל).

די ערשטע מענשען-קינדער זענען געבוירען געוואָרען ביי אדם'ן מיט חוה, צוויי זוהן און מיט יעדען אַ שוועסטער-צווילינג, וועלכע ער האָט געהאַט פאַר אַ ווייב. (פאַר מתן תורה האָט מען געקענט נעהמען אַ שוועסטער פאַר אַ ווייב). דער עלטסטער זוהן האָט געהייסען קין — איהם האָט אדם איבערגעגעבען צו בעאַרבייטען די ערד. דער יונגערער זוהן האָט געהייסען הבל — איהם האָט אדם איבערגעגעבען צו זיין אַ פאַסטוך פון די שעפסען א. א.

קין מיט הבל'ן האָבען זיך אונטערשיידעט אין זייערע כאַראַקטערען און אין זייער לעבענס-פיהרונג. הבל האָט געדענקט אין'ם חטא פון אדם הראשון און האָט שטענדיג געזוכט אַ וועג תשובה צו טהון, בעת קין איז אינגאַנצען געווען פערטהון אין זיין ערדישע אַרבייט. ווען הבל האָט אויסדערוועהלט אַלס קרבן צו גאָט, פון'ם בעסטען פון זיינע שאָף, האָט קין עס נאָכגעטהון הבל'ן און אויך געבראַכט אַ קרבן, אָבער נישט מיט'ן גאַנצען הארץ. דעריבער איז הבל'ס קרבן בעסער אויפגענומען געוואָרען. קין ווערט אין כעס אויף זיין ברודער הבל'ן און ער בעשליסט צו זוכען אַ עצה, ווי איהם אומצובריינגען.

די ערשטע קריעג צווישען זיי איז אַרויסגעקומען צוליעב קין'ס נאַרישע טענה, אַז די ערד איז איהם אַליין צוגעטיילט געוואָרען פון אָדם'ן, און הבל האָט דעריבער נישט קיין רעכט צו פיטערען די שעפסען אויף זיין, קין'ס ערד. הבל ענטפערט איהם: פאַרוואָס עסט דו פון מיינע שעפסען, דו טראָגסט קליידער פון זייער וואָל? ווען דו וועסט אויפהערען צו געניסען פון דעם אַלעם וואָס איז מיר צוגעטיילט געוואָרען, וועל איך אויך אַרויס פון דיין ערד.

— און אַז איך וועל דיך הרג'ענען? — פרעגט קין.

— וועט דיך גאָט משפּט'ן — זאָגט הבל.

קין ווערט אין כעס און כאַפּט דעם אַקער-אייזען. הבל איז אָבער געוועזן שטאַרקער און האָט זיך אַ וואָרף געטהון אויף קין'ן, וועלכער נעהמט זיך בעטען ביי הבל'ן ער זאָל איהם לאָזען לעבען.

מנהר קיין מענשען אויף די וועלט, אחוץ מירביידע — זאָגט קין — זענען דאָך נישטאָ; וואָס ווערסטו אַלזאָ זאָגען אונזער פאָטער, וועלכער וועט דאָך וויסען אַז דו האָסט מיך געהרג'עט?

הבל לאָזט איהם אָב, אין דער זעלבער מינוט אָבער איז קין פּלוצלינג אָנגעפאַלען אויף הבל'ן און איהם גצ'הרגעט.

דאָס אָרט ווי קין האָט גע'הרג'ט הבל'ן איז צוויי טעג גאַנג פון חברון אין א"י (ילקוט חדש).

קין'ס שטראָף. גאָט האָט געשטראָפט קין'ן, פאַרוואָס ער איז בעגאַנגען אַ ברודער-מאָרד. דאָס בלוט פון ערמאָרדעטען ברודער קאָכט אין דער ערד, ווי זי איז איינגעזאַפּט און פאָדערט א נקמה פונ'ם מערדער קין. דעריבער וועט קין מוזען אָבריכטען גלות און זיין פערוואָגעלט, זיך וואַלגערען פון איין אָרט אויפ'ן צווייטען און נישט געפונען קיין מקום-מנוחה (אַ אָברוה-אָרט). די ערד ווערט פון איהם פערשאָלטען און גיעט איהם מעהר נישט קיין פרוכט, ער וועט מעהר נישט האָבען קיין גליק אין אַלעם וואָס ער וועט טהון.

קין טהוט תשובה און האָט חרטה איבער זיין מאָרדען-טהאַט, ער בעט ביי גאָט צו פערלייכטערען חאָטש עטוואָס זיין שטראָף, זי זאָל זיין ערטרעגליך:

אַרומוואלגערען וועל איך זיך, און א פערשאָלטענער מענש בין איך, וועט דאָך מיך הרג'ענען ווער נור עס וועט מיך בעגעגענען— אזוי בעט זיך קין.

און קין האָט געפונען לייטזעליגקייט ביי גאָט, ער זאָל בלייבען לעבען ביז'ן זיבעטען דור.

און אַ צייכען אויפ'ן שטערן איז ביי איהם אַרויס, דאָס

קינער דאַרף איהם נישט הרגענען—ביז ער וועט דערלעבען 7 דורות.

אָבער דאָך האָט זיך אַלץ אונטער קין'ן געטרייסעלט נאָכ'ן שרעקליכען ברודער-מאָרד, זאָגאר די ערד אונטער איהם האָט געציטערט (ילקוט חדש).

הונדערט זוהן, האָט קין געהאַט (סדר הדורות) און אַזוי האָבען זיך זיינע קינדער אויך ווייטער געמעהרט און גע-בילדעט גרעסערע פאַמיליעס, דער עלטסטער ביי יעדען טאַטען איז געבליבען דער ראש המשפחה און אויף זיין נאָמען האָט זיך גערופען דער גאַנצער ישוב וואָס די פאַמיליע האָט געבילדעט.

קינ'ס זוהן, אויף וועמענס נאָמען ער האָט אויך געבויט אַ שטאָט — האָט געהייסען חנוך; חנוך'ס זוהן — עירד; עירד'ס זוהן— מחויאל; מחויאל'ס זוהן -- מתושאל; מתושאל'ס זוהן — למך. דער לעצטער האָט זיך משדך געווען און גענומען פאַר פרויען צוויי איינקלעך פון שת'ן (א דריטער זוהן פון אדם'ן — זעה ווייטער) פריהער האָט מען זיך נישט געוואָלט משדך זיין מיט קינ'ס קינדער און איינקלעך, ווייל אַזוי איז געווען א צוואָה פון אדם'ן צו זיינע קינדער וואָס ער האָט געהאַט נאָך קין'ן — זיי זאָלען זיך נישט משדך זיין מיט קינ'ס קינדער, וועלכע געהען אַוועק פונם וועג וואָס גאָט האָט אָנגעצייכענט פאַר די מענשען.

למך — דער זעקסטער דור פון קינ'ן און דער זיעבעטער פון אָדם'ן — האָט גענומען צוויי פרויען — עדה און צילה, זיי זענען געווען שוועסטערן — קינן'ס טעכטער (דאָס פיערטע דור פון אָדם, פון אַ צווייטען זוהן — שת, אנוש, קינן). פון זיינע פרויען האָט למך געהאַט פיער קינדער. פון עדה — צוויי, יבל און יובל'ן; פון צילה — א זוהן תובל-קין און אַ טאָכטער נעמה.

אויף דער עלטער האָט למך פערלוירען די ראיה, ער האָט מעהר נישט געזעהען און זיין זוהן, דער יונגער תובל קין האָט איהם געפיהרט.

איינמאָל, ווען זיי זענען געגאַנגען אין פעלד, האָט דער יונגער תובל-קין דערזעהען פון דערווייטענס אַ געשטאַלט פון אַ

בכשעפענישׂ וואָס האָט איהם אויסגעזעהען ווי אַנ׳אויסטערלישע חיה. תובל קין האָט עס איבערגעגעבען למך׳ן, וועלכער האָט אויסגע־צויגען זיין בויגען און דערשאָסען די בעשעפעניש. זיי זענען צו־געגאַנגען נעהנטער, זעהען וואָסער בעשעפעניש זיי האָבען דער־שאָסען, און צו זייער גרויס צער, איז עס געווען דער אַלטער קין, וועמען דער קליינער תובל קין האָט גאָרנישט דערזעהען אַלס מענש. פון גרויס אויפרעגונג האָט למך אָנגעהויבען פּאַטשען די הענד איינע אין די צווייטע, ער האָט ניט געזעהען, דאָס ער טהוט מיט׳ן קלאַפּען די הענד דערדרוקען דעם קליינעם תובל קין וואָס איז דאָרט געשטאַנען.

למך׳ס פרויען, עדה און צילה, זענען געוואָרען אויף איהם שטאַרק ב־וגז, איבער דעם דאָפּעלטען מאָרד. ערשט אָדם הראשון האָט צווישען זיי שלום געמאַכט, אַז זיי זאָלען הערען למך׳ס פער־ענטפערן זיך: קין האָט געהרג׳עט אַ ברודער מיט אַ בייזע כונה, האָט ער דאָך געלעבט ביז׳ן זיבעטען דור — דאַרף ער למך, וואָס האָט די מאָרדען אויסגעפיהרט אָהן אַ שום כונה, זיכער געדולדעט ווערען, האָטש ביז זיבען מאָל זיבען דורות.

אַזוי איז מקוים געוואָרען דער פסק אויף קין׳ן, אַז זיינע אייגענע קינדער, דער זיבעטער דור זאָל איהם הרגענען — אַלס שטראָף פאַר זיין שענדליכען ברודער־מאָרד.

פון זַלע קין׳ס קינדער איז קיין געדעכעניש אויף דער וועלט ניט געבליבען, אַלע זענען אומגעקומען אין דער צייט פון מבול (זעה ווייטער).

## שת
## (ק״ל—א־מ״ב)

דאָס צווייטע דור, וואָס ווערט געצעהלט אינ׳ם עקזי־סטענץ פון די פערבליבענע מענשען ביז׳ן היינטיגען טאָג, איז

געהערן שת דער זוהן פון אדם הראשון, וועלכער איז געבוי־רען געוואָרען, ווען זיין פאָטער און מוטער זענען אַלט געווען 130 יאָהר און ער האָט געלעבט 912 יאָהר.

מיט'ן דאָזיגען זוהן, האָבען זיך אדם מיט חוה געטרייסט נאָך הבל'ס מאָרד. דאן זאָל שוין אדם האָבען געוווּסט בלינד און נישט געקענט מעהר זעהען.

עס זענען געווען ווייניג מענשען אויף די וועלט, און די השגחה העליונה האָט געפיהרט די נאַטור, אז די מענשען זאָ־לען זיך שטארק מעהרען דורכדעם, וואָס זיי זענען געבוירען געוואָרען צווילינגס און מעהר בייזאמען (שלשלת הקבלה).

# אנוש

## (רל"ה—א־ק"מ)

דאָס דריטע דור — הויבט זיך אָן ביי אנוש'ן, וועלכער איז געבוירען געוואָרען ווען זיין פאָטער שת איז אַלט געווען 105 יאָהר, און ער האָט געלעבט 905 יאָהר. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויפגעבראַנגט צו שטעלען בילדער, און דורך זייער פערמיטלינג זאָל מען עס בעטען צו גאָט.

אין זיין צייט האָבען די מענשען אינגאנצען פערלאָזט גאָט'ס וועגען און געדינט עבודה־זרה.

זיי האָבען זיך אָנגעהויבען מאכען יעדער אין זיין הויז אָנ־אָבגאָט, סטאַטועס פון קיפער, זילבער, האָלץ און שטיין — צו וועלכע די מענשען האָבען זיך געבוקט.

און עס איז געקומען דער צאָרן פון גאָט אויף די מענשען, דאָס וואַסער פון טייך גיחון איז אַרויס איבער'ן מענשען־ישוב און האָט אָבגעשווענקט אַ דריטע טהייל פון'ם דאמאָלדיגען ישוב. דאָך האָבען די איבעריגע נישט געטהון קיין תשובה. עס איז אויך געקומען א גרויסער הונגער און דאָס אַלץ האָט נישט

בעווירקט, די מענשען זאָלען בעסער ווערען. ביז עס איז גע- קומען די גזירה פון מבול (זעה ווייטער) וואָס עס האָט אָבגע- שווענקט דעם גאנצען וועלט-ישוב פון די שלעכטע מענשען.

# קינן
## (שכ"ה — א-רל"ה)

**דאָס פיערטע דור** — הויבט זיך אָן ביי קינן, אנוש'ס זוהן, וועלכער ווערט געבוירען ווען זיין פאָטער איז אַלט 90 יאָהר און ער האָט געלעבט 910 יאָהר.

קינן איז אין זיין צייט געוועזן דער קלוגסטער מענש. ווען ער איז אַלט געוועזן פיערציג יאָהר האָבען איהם אַלע אויסגערופען פאַר אַ מלך, און ער האָט געפיהרט די מענשען מיט חכמה און וויסענ- שאַפט, ער האָט אויך בעהערשט די גייסטער און ער האָט געוואוסט אַז גאָט וועט די מענשען אומברענגען צוליעב זייערע זינד און אַז צום סוף וועט קומען דער מבול (זעה ווייטער). דאָס אַלץ וואָס וועט קומען, האָט ער געלאָזט אויפשרייבען אויף שטיינערנע טאָוולען און זיי בעהאַלטען אין זיינע אוצרות.

(ווען אַלעקסאַנדער מוקדון איז מיט זיינע חיילות דורכ- געגאַנגען דאָס רוב לענדער אויף די וועלט, האָט ער פון וועג געשריבען אַ בריעף אַהיים—דאָס ער איז געקומען אין דער פראָ- ווינץ פרסיאקין אויף איינעם פון די אינזלען וואָס געהער צו אינדיען, האָט ער דאָרט געטראָפען מענשען וואָס אַלע האָבען אַ פרויען-געשטאַלט און עסען רויהע פיש און רעדען ווי אונ- זערע מענשען אויף גריכיש. זיי דערצעהלען אז אויף איינעם פון יענע אינזלען איז פערהאַן אַ קבר פון אַ פערצייטיגען מלך מיט'ן נאָמען קינן אַ זוהן פון אנוש, וועלכער האָט פאַר'ן מבול געקעניגט איבער דער וועלט און ער איז געוועזן אַ גרוי- סער חכם. זיין מאַכט האָט דערגרייכט אויך איבער די גייסטער

און ער האָט געוואוסט, אז גאָט וועט שיקן אַ מבול אויף דער וועלט - דאָס אַלץ האָט ער פאַרשריבן אויף שטיינערנע טאָוולען וועלכע ער האָט באַהאַלטען; דאָרט שטעהט אויך, אַז אין זיינע צייטען, האָט דער ים אוקינוס פאַרפלייצט אַ דריטעל מענשען-ישוב (יוסיפון).

## מהללאל

### (שצ"ה — א־ר"צ)

דאָס פינפטע דור — הויבט זיך אָן ביי מהללאל, קינ׳ס זוהן וועלכער איז געבוירען געוואָרען ווען זיין פאָטער איז אַלט 70 יאָהר און ער האָט געלעבט 895 יאָהר. זיינע צוויי שוועסטערן עדה און צילה, האָבען די ערשטע געשלאָסען שדוכים מיט קינ׳ס אַ אייניקעל – למך (זעה אויבען).

## ירד

### (ת"ס — א־תכ"ב)

דאָס זעקסטע דור–הויבט זיך אָן ביי ירד, וועלכע ווערט געבוירען ביי זיין פאָטער מהללאל ווען ער איז אַלט 65 יאָהר און ער האָט געלעבט 962 יאָהר. ער האָט אויך זוכה געווען צו האָבען אַ זוהן חנוך, וועלכער האָט זיך דערהויבען איבער אַלע מענשען אויף די וועלט. (זעה ווייטער).

---

# חנוך

## (תרכ"ב — תתקפ"ז)

**דאָס זיבעטע דור** – הויבט זיך אָן ביי חנוך׳ן, יועלכער ווערט געבוירען ביי זיין פאָטער ירד, ווען ער איז אַלט 162 יאָהר און ער האָט געלעבט 365 יאָהר.

חנוך האָט זיך אויסגעצייכענט פון אַלע אַנדערע, ער האָט זיך אָבגעשיידט פון די מענשען און אינגאַנצען זיך איבערגעגעבען צו עבודת ה׳. ער האָט זיך פערנומען אויסשליסליך מיט הזכערע געטליכע עבודות׳ן. ער פלעגט זיך דעריבער אויסבעהאַלטען פון די מענשען און מ׳האָט נישט געוואוסט וואו ער איז, ביז אַ צייט ווען ער בעוויזט זיך צוריק.

איינמאָל איז עס געווען, ווי עס רופט צו איהם אַ קול, אַ מלאַך פון הימעל רופט חנוך׳ן, איג׳ם אָרט וואו ער איז געווען בע-האַלטען, בעפעהלט איהם צוגעהן צוריק צו די מענשען און זיי לערנען דעם וועג, ווי מ׳דאַרף געהן לויט די געטליכע פערלאַנגען און ריכטי-גע אויפגאַבען וואָס דער מענש האָט צו ערפילען.

חנוך פאָלגט. ער בעוויזט זיך צוריק צו די מענשען וועלכע פערזאַמלען זיך אַרום איהם מאַסענווייז. ער לאָזט אויך אויסרופען, אַז ווער עס וויל לערנען פון איהם, זאָל קומען.

חנוך ווערט געקרוינט פון די מענשען אלס מלך איבער זיי און אַלע קומען איהם הערען און פאָלגען. אויך אלע אנדערע קלענערע מלכים קומען איהם בעטען, ער זאָל זיין מלוכה פערשפרייטען איבער זיי. אזוי האָבען זיך ארום חנוך׳ן פערזאַמעלט 130 מלכים און עלטסטע, וועלכע האָבען זיך אונטערגעוואָרפען זיין חכמה און זיינע בעפעהלען, און עס האָט אויך געהערשט שלום אויף דער וועלט, די גאַנצע צייט פון חנוך׳ן. די צייט וואָס ער האָט געפיהרט זיין מלוכה, האָט געדויערט 243 יאָהר.

נאָכ׳ן יאָהר 930, ווען אָדם הראשון איז געשטאָרבען

צוליעב׳ן חטא פון עץ-הדעת, האָט חנוך זיך ווידער ענטשלאָסען, צו זיין ווייטער אָבגעזונדערט פון די מענשען און זיך אָבגעגעבען בלויז מיט עבודות ד׳. ער האָט עס אָבער נישט געוואָלט טהון ראַשיג, דעריבער האָט ער זיין בעשלוס אָנגעהויבען אויסצופיהרען סיסטעמאַטיש. ער פלעגט זיך דריי טאָג אויסבעהאַלטען און אויפ׳ן פיערטען טאָג זיך צוריק בעווייזען צו די מענשען. די דריי טאָג פלעגט ער זיין פערנומען בלויז מיט עבודת ד׳, און דעם פיערטען טאָג האָט ער זיך פערנומען מיט די פערלאַנגען פון די מענשען וואָס זענען געקומען צו איהם. שפעטער פלעגט ער זיך בעווייזען צו די מענשען נור איינמאָל אין זיבען טאָג, נאָכהער נור איינמאָל אין אַ חודש, שפעטער איינמאָל אין אַ יאָהר און צום סוף גאַר זעלטען. אַלע מענשען, מלכים און שרים, פלעגען וואַרטען און וואַרטען, ביז צום זעלטענעם מאָמענט ווען חנוך איז ארויסגעקומען צו די מענשען און ענטפערען וואָס מ׳האָט איהם געפרעגט.

איינמאָל, האָט חנוך געהערט ווי א מלאך רופט איהם און זאָגט, אז ער חנוך, ועט לעבעדיגערהייט ארויפקומען אין הימעל און זיין גלייך ווי די מלאָכים. ער האָט דעריבער פערזאַמעלט די מענשען אַרום זיך, זיי דערצעהלט דאָס ער וויס נישט דעם טאָג ווען ער וועט זיך שיידען מיט די מענשען אויף שטענדיג, דעריבער ווייל ער יעצט אויסנוצען די צייט און איינפיהרען צווישען די מענשען, פריעדען און געזעצליכקייט.

אין אַ מיטען העלען טאָג איז עס געווען, ווען די מענשען זיצען ארום חנוך׳ן, האָבען זיי דערזעהען ווי פון הימעל דערנעהנטערט זיך אַ גרויסער פייער-זאַל אין געשטאַלט פון אַ רייט-וואָגען, דאָס דאָזיגע געשטאַלט דערנעהנטערט זיך צום אָרט ווי חנוך געפונט זיך. די מענשען דערצעהלען עס חנוך׳ן, וועלכער בעשטעטיגט אז דאָס איז אַ צייכען פאַר איהם, היינט געהט ער אוועק פון די מענשען און זיי וועלען איהם מעהר נישט זעהען.

חנוך האָט זיך מיט די מענשען געזעגענט, איבערגעגעבען זיינע לעצטע ווערטער, און איז אוועק נאָך די שריט פונ׳ם גע-

שטאַלט וואָס איז געקומען פון הימעל. נישט אלע אָבער, האָבען זיך פון איהם געוואָלט שיידען, און איבער 600 טויזענד מאַן זענען איהם נאָכגעגאַנגען.

אויפ'ן צווייטען טאָג, האָט חנוך געהייסען די מלכים צוריקגעהן, אויב זיי ווילען נישט שטאַרבען. אַ טייל אָבער געהען איהם ווייטער נאָך אַ גאַנצע וואָך. אויפ'ן זעקסטען טאָג זענען מיט איהם געבליבען נור געציהלטע מענשען, וועלכע האָבען זיך איינגעעקשנ'ט און געזאָגט אַז לעבעדיגערהייט, וועלען זיי זיך פון חנוך'ן נישט שיידען, די איבריגע האָבען אָפּגעטרעטען. אויפ'ן זיעבעטען טאָג איז חנוך ארויף אין הימעל, דורך אַ שטורם וואָס האָט איהם דערהויבען, און די מענשען וואָס זענען איהם נאָכגעגאַנגען ביז'ן סוף, זענען אומגעקומען (ספה"י).

חנוך איז געוועזען דער ערשטער וואָס האָט פערפאַסט ספרים אויף אַסטראָנאָמיע, ער האָט אויך געשריבען געטליכע ווערק וועלכע זענען אָבער נישט אָנגענומען געוואָרען. אַלע פעלקער האָט ער געברענגט צו דינען דעם איינציגען גאָט, און ער האָט פערטיילט די מענשען לויט זייערע אַקלימען. ער האָט אויך אַרויסגעגעבען בעשטימטע צייטען אויף ימים טובים און אויף ברענגען קרבנות. די בעפעלקערונג האָט ער פערטיילט אין דריי קאַטאגאָריעס: כהנים, מלכים, און המון-מענשען. ער האָט זיי אויך גערעגעלט דאָס אַלטעגליכע לעבען לויט'ן מענשליכען געברויך, צוגעפאַסט צו זייער נאַטור.

# מתושלח

## (תרפ"ז — א-תרנ"ו)

דאָס אַכטע דור — הויבט זיך אָן ביי מתושלח'ן וועלכער ווערט געבוירען ביי זיין פאָטער חנוך וועלכער איז אַלט 65 יאָהר

און ער האָט געלעבט 969 יאָהר. ער האָט געלעבט ביי 7 טאָג פאַרן מבול, (זעה ווייטער).

מתושלח איז געווען אַ גרויסער צדיק. ער האָט אויך געהאַט אַ שווערד, וואָס אויף איהר איז געווען אויסגעקריצט דער שם־המפורש. די דאָזיגע שווערד איז שפּעטער איבערגעגאַנגען צו אברהם, יצחק און יעקב. פאַר אָט די שווערד, האָט עשו אָבגעטרעטען די בכורה יעקב׳ן.

נאָך חנוך׳ן, האָבען זיך פערזאַמעלט אַלע מלכים און אויסגערופען מתושלח׳ן פאַר אַ מלך אויפ׳ן אָרט פון זיין פאָטער. ער האָט געפיהרט און געלערנט די מענשען צו געהען אין ריכטיגען וועג. נאָר צום סוף פון מתושלח׳ס יאָהרען, האָבען די מענשען זיך אָבגעקעהרט פון גאָט׳ס וועג, זיי האָבען מורד געווען אין מתושלח׳ן און מעהר נישט געוואָלט הערען זיין לעהרע. די מענשען האָבען זיך אַראָבגעלאָזט צו דער נידעריגסטער מדרגה און זענען געוואָרען העכסט פערדאָרבען.

און גאָט האָט געצערנט אויף די מענשען: צי וואָס האָט ער זיי בעשאַפען, אויב זיי זענען אַזוי שלעכט? עס איז געקומען אַ קללה אין דער אַרבייט פון מענש, די ערד האָט נישט אַרויסגעגעבען די פערזייהעטע תבואות און עס האָט געפעהלט די מענשען צו עסען. זיי זענען אָבער נישט בעסער געוואָרען.

# למך

## (תתע״ד — א־תרנ״א)

דאָס נייַנטע דור — הויבט זיך אָן ביי למך׳ן, וועלכער איז געבוירען געוואָרען ביי מתושלח׳ן ווען ער איז אַלט געוואָרען 182 יאָהר און למך האָט געלעבט 777 יאָהר.

ווען למך איז אַלט געוואָרען 181 יאָהר, האָט ער גענומען

פאַר אַ פרוי זיין פעטער'ס אַ איייניקעל — אַשמיע, איהר פאָ-
טער האָט געהייסען אלישוע און איהר זיידע האָט געהייסען חנוך.

צום יאָהר איז ביי למך'ן געבוירען געוואָרען אַ קינד, און
דער זיידע מתושלח, האָט איהם אַ נאָמען געגעבען נח — ער
זאָל עס טרייסטען די וועלט פון די קללה וואָס איז אויף איהר
געקומען. און ווירקליך איז אַביסעל לייכטער געוואָרען, די ערד
האָט אָנגעהויבען צו ביסלעך וואַקסען. (ספה"י)

נח איז געווען דער ערשטער מענש, וואָס איז געבוירען גע-
וואָרען מיט פינגער, די פריהערדיגע מענשען זענען אַלע געווען
אָהן פינגער, דאָס האָט זיי בעשווערט צו בעארבייטען די ערד
(מד' אבכיר.) נח האָט אויך ערפונדען כלים צו בעארבייטען די ערד
(זוהר).

למך איז געשטאָרבען פאַר'ן מבול אין עלטער פון 777 יאָהר.
און אַזוי זענען אויך געשטאָרבען אַלע, וואָס זענען נישט געווען
פערדאָרבען, זיי האָבען נישט בעדאַרפט זעהען ווי די מענשען, זיי-
ערע קרובים און נאָהנטע ווערען פערלוירען, נור נח מיט זיינע קינ-
דער — פון זיי איז ענטשטאַנען דער נייער מענשען-ישוב נאָכ'ן מבול.

נח איז געווען דער ערשטער מענש, וואָס איז געבוירען
געוואָרען נאָכן טויט פון אדם הראשון, און האָט זיך גערעכענט דאָס
צעהנטע דור, זייט די וועלט איז בעשאַפען.

# די צווייטע צעהן דורות

## נח

### (א׳ב״ו—ב׳ו)

דער גרעסטער צדיק אין זיין דור, איז געווען נח, וועלכער האָט זוכה געווען ניצול צו ווערען, ער מיט זיינע קינדער, פונ׳ם מבול וואָס האָט אָבגעשווענקט דעם גאַנצען ישוב אויף דער וועלט. ער האָט איבערגענומען פון זיין זיידען משותלח׳ן, אַלע ידיעות און געטליכע חכמות. ביידע צוזאַמען, משותלח מיט נח׳ן, זענען עס געווען די שלוחים פון גאָט צו די מענשען, דערמאָנען זיי דאָס מען דארף תשובה טהון און אַלע קענען אָבגעראַטעוועט ווערען.

די מענשען האָבען עס אָבער נישט געוואָלט הערען און זענען וואָס אַמאָל מעהר געפאַלען, געזונקען אין די נידריגסטע תאוות און פאַרדאָרבענסטע מידות, און זייער גורל איז באַשטימט געוואָרען—אומצוקומען.

צום ערשט האָט נח געטראַכט, נישט חתונה צו האָבען. ער האָט זיך געזאָגט: אויב אַלע מענשען וועלען אומקומען, צו וואָס זשע זאָל איך האָבען קינדער. ערשט אין יאָהר 1,554— ווען נח איז שוין געלט געווען 498 יאָהר—האָט איהם הש״י גע־הייסען נעהמען א ווייב און האָבען קינדער, ווייל זיי וועלען

ניצול ווערן; פון גאַנצען דור זיינען זיי איבערגעבליבען און ווייטער פיהרען אַ לעבען אויף די וועלט. נח׳ס ווייב, האט גע-הייסען נעמה. דריי זוהן האָבען זיי געהאַט פאַר׳ן מבול: צו 500 יאָהר, איז ביי נח׳ן געבוירען געוואָרען זיין זוהן יפת; צו 501 יאָר—זיין צווייטער זוהן, חם; צו 502 יאָהר—זיין דריטער זוהן, שם.

הונדערט און צוואנציג יאָהר פאַר׳ן מבול, האָט נח כסדר געוואָרענט די מענשען פאַר די שטראָף וואָס דראָהט זיי. אַזוי ווייט האָט ער זיך איינגעריסען מיט דער בעפעלקערונג, דאָס אויס מורא מ׳זאָל איהם נישט הרג׳ענען, איז ער אנטלאָפען. דאַן האָט איהם השי״ת געהייסען אָנהויבען בויען די תיבה, אין וועלכע עס זענען ניצול געוואָרען נח מיט זיינע קינדער און פרויען.

די תיבה איז געווען אַ גרויסער בנין, וואָס זאָל קאָנען שווימען אויפ׳ן וואַסער: 300 איילען לאַנג, 50 איילען ברייט, און 30 איילען הויך. דריי שטאָק זענען געווען איבעוועניג: די, אויבערשטע שטאָקען פאַר מענשען; די מיטעלסטע-פאַר בהמות-חיות א. א. לעבעדיגע באַשעפענישען, וועלכע זענען אויך געקו-מען אין דער תיבה — און פון וועלכע דער ישוב נאָכ׳ן מבול האָט זיך ווייטער געצויגען; די אונטערשטע שטאָקען-פאַר זאַ-פאַסען פון תבואה און אַנדערע עסענוואַרג, אויף דער צייט וואָס זיי זענען געווען אין דער תיבה, און אויף נאָכ׳ן מבול צו פערזייהען די ערד. אין דער תיבה, זענען געווען אַ סך איינצעלנע קעמערלעך, וואָס האָבען געדיענט אַלס בעזונדערע צימערען.

פינף יאָהר האָט נח געאַרבייט ביי דער תיבה. און ווען זי איז פערענדיגט געוואָרען, איז ער אַלט געווען 600 יאָהר.

פאַר׳ן אַריינגעהען אין דער תיבה, האָט נח געזעהען זיינע קינדער זאָלען נעהמען פרויען. זיי האָבען גענומען דריי שוועס-

טערען, איינקלעך פון משותלח'ן — זייער פאָטער האָט געהייסען אליקים.

זיעבען טאָג פאר'ן מבול, איז געשטאָרבען מתושלח.

נח האָט געהאַט אַ סימן פון הש״י, וועלכע בהמות, עופות א. א. ער זאָל אריינגעהמען אין דער תיבה: די וואָס וועלען אנידערלייגען זיך — זאָל ער אריינגעהמען, און די וואָס וועלען בלייבען שטעהן פאר די תיבה — זאָל ער נישט אריינגעהמען. און אזוי איז טאַקי געווען. פון אַלע בהמות, חיות א. א., האבען האָט דעם סימן ארויסגעוויזען נור אזוי פיצל, ווי עס האבען בעדאַרפט אַריינקומען: צו אַ פּאָר פון יעדען טמא-מין, און צו 7 פּארען פון יעדען טהור-מין. אַ אויסנאַהם איז געשעהען מיט אַ לייבין וועלכע איז געקומען מיט איהרע צוויי יונגע לייבען, א זכר מיט א נקיבה, אַלע האבען זיך אַנידערגעלעגט. פּלוצלינג אָבער, זענעןביידע יונגע בעפאַלען די אַלטע לייבין און איהר געשלאָגען, אזוי דאָס זי האָט געמוזט אַנטלויפען. ביידע יונגע לייבען זענען אָבער צוריקגעקומען צו נח'ן וועלכער איז געבליבען פערוואונדערט פון דאָזיגען געשעהעניש, און ער האָט די צוויי יונגע לייבען אריינגענומען אין דער תיבה.

זיעבען טאג, זענען זיי געווען אין דער תיבה, איידער דאָס מבול איז געקומען. די דאָזיגע טעג זענען געווען אויסטערלישע: בליצען און דונערן, און די וואסער-קוואַלען האָבען געשטורמט, אַזעלכעס וואָס עס איז נאָך קיינמאָל נישט געווען. דאָס אַלץ האָט געזאָלט די מענשען אָנזאָגען, וואָס עס קומט אויף זיי, פּילייכט וועלען זיי יעצט תשובה טהון — אָבער אַלץ האָט נישט געהאָלפען.

ערשט אויפן זיעבעטען טאָג, איז דאָס וואסער פון מבול ארויס אויף די ערד. אַלע וואַסער-קוואַלען האָבען זיך געשפּאָלטען, די הימלען-פענסטער האבען זיך געעפענט און דער רעגען האָט געשטורמט אויף דער ערד.

צום סוף ערשט, האָבען די מענשען, פּלוצלינג דערזעהן

דאָס געפאַהר וואָס ריקט זיך אָן אויף זיי און זענען געקומען צו לויפען פאַר נח׳ס תיבה און גערופען, ער זאָל זיי עפענען און אַריינגעהמען. איבער 700 טויזענד מאַן האָבען זיך פערזאַמעלט פאַר דער תיבה און געבעטען ביי נח׳ן רחמנות, ווען זיי האָבען שוין געזעהן דעם טויט פאַר די אויגען.

נח האָט זיי דערמאָנט: די גאַנצע צייט, שוין 120 יאָהר, ווי ער וואָרענט זיי פאַר אָט דעם שרעקליכען מאָמענט און פאַרוואָס האָבען זיי זיך נישט מיישב געווען בעצייטענס? יעצט איז שוין פערפאַלען.

דער פערזאַמעלטער עולם וויל אָבער נישט הערען קיין שום ענטפער, און זיך געגרייט, אויפברעכען די טהיר פון דער תיבה.

האָט השי״ת אויף זיי אָנגערייצט די חיות וואָס זענען געוועזן פערזאַמעלט ארום דער תיבה, די חיות וואָס זענען געקומען צולויפען און זענען געבליבען פון דרויסען. די דאָזיגע חיות זענען בעפאַלען די מענשען און זיי פעריאָגט.

---

# דער מבול

## (א׳תרנ״ו — א׳תרנ״ז.)

פערציג טעג און פערציג נעכט האָט דער רעגען געשטורעמט און דאָס וואַסער איבער דער ערד האָט זיך כסדר געשטאַרקט, און אָבגעמעקט אַלע סימנים פון אישוב אויף דער ערד. די תיבה איז געשוואומען אין דער הויך אויפ׳ן וואַסער און זי האָט זיך געטרייסעלט און געוואָרפען הין און צוריק; די בריאים וואָס זענען געווען אינצווייניג אין דער תיבה האָבען זיך געקייקעלט פון איין ארט צום צווייטען, דער צער איז געווען שרעקליך און די תיבה האָט געהאַלטען ביים צובראַכען הערען. אַלע זענען דערשראָקען געוואָרען: די לייבען האָבען געברומט,

די אָקספּן–גאַמאַבּט זייערע הועיות, די וועלף האָבּען געשריען, אַלץ רעדט און שרייעט אויף זיין שפּראַך און דאָס קול הערט זיך גאַנץ ווייט. אויך נח מיט די קינדער שרייען און בעטען צו גאָט, ער זאָל אויף זיי רחמנות האָבּען, דען עס איז שוין מעהר נישט צים אויסהאַלטען. ערשט ווען עס איז געקומען אַ הילף פון גאָט, די תיבה האָט זיך בערוהיגט. זענען אויך געוואָרען רו־היגער די מענשען און אַלע אַנדערע לעבּעדיגע בּרואים אין דער תיבה. אַ גאַנץ יאָהר האָט דאָס וואַסער געבּושעוועט אויף די וועלט ווי אַ בּרויזענדער ים און אָבּגעשווענקט דעם גאַנצען ישוב. דעם ערשטען חודש אין יאָהר 1657, האָט דאָס וואַסער אויסגעטריקענט און ערשט דעם 27־טען אינם צווייטען חודש איז די ערד אינגאַנצען טרוקען געוואָרען. דעם דאָזיגען טאָג, זענען אַלע אַרויס פון דער תיבה, נאָכדעם ווי זיי זענען דאָרט געווען אַ קיילעכדיג יאָהר.

נאָכן מבּול, האָט גאָט געבּענשט נח׳ן מיט זיינע קינדער און זיי בּעפוילען פערנעהמען די ערד און איהר בּעארבּייטען, אויסבּויען אַ נייעם ישוב אויפ׳ן אָרט פון פריהערדיגען ישוב וועלכער איז חרוב געוואָרען. נח האָט אויך בּעקומען אַ צוזאָג פון גאָט, אַז מעהר וועט קיין מבּול נישט קומען אויף דער וועלט.

פון נח׳ס קינדער האָבּען זיך אויסגעצייכענט שם און יפת, מיט זייער בּעציהונג צום פאָטער און זיין לעהרע. דאַגעגען חם איז פון נח׳ן פערשאָלטען געוואָרען, זיינע קינדער זאָלען בּילדען די נידריגערע משפּחות און פעלקער אויף די וועלט. דער עיקר אָבּער, לעהרע און געטליכע וויסענשאַפט, האָט איבּערגענומען שם, וועלכער איז געווען שפּעטער דער גרינדער פון תורה־הויז וואָס איז בּעקאַנט אין דער גאַנצער יודישער געשיכטע א. נ. פון שם ועבר, וואו עס האָבּען אויך געלערנט די אָבות.

נח האָט געלעבּט 350 יאָהר נאָכן מבּול און איז געשטאָר־בּען אין עלטער פון 950 יאָהר.

# שם

## (א׳תקנ״ח—ב׳קנ״ח)

דער יודישער שטאם נאָכ׳ן מבול, הויבט זיך אָן בײַ שם׳ן פון וועמען עס צעהלט זיך צעהן דורות ביז אברהם׳ן, אַ זוהן נאָך אַ זוהן: א) שם, ב) ארפכשד, ג) שלח, ד) עבר ה) פלג ו) רעו, ז) שרוג), ח) נחור, ט) תרח. י) אברהם.

שם איז געווען אַ נביא. אין דער תורה ווערט ער דער־מאנט אלס מלכי צדק, וועלכער האָט מקריב געווען קרבנות. ער האָט געלעבט 600 יאָהר און איז געשטאָרבען אין יאָהר 2158 וועהענדיג פאַרן לעבען זיינע 12 נאָכקומענדע דורות.

---

# ארפכשד

## (א׳תרנ״ח—ב׳צ״ו)

ארפכשד איז געבוירען געוואָרען ווען שם, זיין פאָטער איז אַלט געווען הונדערט יאָהר און ער האט געלעבט 438 יאהר. פון איהם שטאַמען אויך די כלדים.

אין ארפכשד׳ס צייט האָט א פרוי מיטן נאָמען, מיג׳דיפא, ערפונדען די מלאכה אויסצואַרבייטען וואָל אויף צו מאַכען א קלייד.*)

---

*) זי האָט אויך ערפינדען די אויסארבייטונג פון אייל און ווי צו בעניצהן זיך דערמיט; אויך אייזערנע פאנצער׳ס צו שיצען זיך אין א מלחמה, און דער אופן פון פיהרען א מלחמה; די חכמה פון רעכענען, ווי אזוי צו כאַנגען פיש און עופות דאָס ארויסנעהמען אייזען פון דער רודאַ (די קאָפּאַלניע)׳ דאָס בויען הייזער און צו מאַכען זאַלץ. (סה״ד)

# שלח

## (א־תרצ״ג—ב־קכ״ו)

**שלח** איז געבוירען געוואָרען ווען ארפכשד, זיין פאָטער איז אלט געוועזן 35 יאָהר און ער האָט געלעבט 433 יאָהר. פון איהם שטאַמען אויך די סרמרינער, וואָס אַטייל רופען זיי אויך טרטרי׳ן, וועלכע זענען געוואָרען אַפּול-צעהליג פאָלק. (סה״ד).

---

# עבר

## (א־תשכ״ג—ב־קפ״ז)

**עבר** איז געבוירען געוואָרען ווען זיין פאָטער שלח, איז אַלט געוועזן 30 יאָהר און ער האָט געלעבט 464 יאָהר. ער איז געוועזן דער מיט־בעל־הבית פון בעוואוסטען שם ועבר׳ס תלמוד-תורה. פון איהם האָבען דאָס די יודען איבערגענומען זייער נאָמען עברים, ביי איהם מיט זיינע קינדער איז געבליבען די לשון-הקודש שפּראַך. צו איהם איז מען געקומען הערען גאָט׳ס וואָרט און ביי איהם האָט אויך געלערנט יעקב אבינו, 22 יאָהר.

---

# פלג

## (א־תשנ״ז — א־תתקצ״ו)

**פלג** איז געבוירען געוואָרען, ווען זיין פאָטער עבר, איז אַלט געוועזן 34 יאָהר און ער האָט געלעבט 239 יאָהר. אין זיין

צייט האָט זיך פערקלענערט. אויף בערך א העלפט, די צייט פון יאָהרען וואָס דורכשניטליכע מענשען האָבען געלעבט, און ער אליין האָט שוין געלעבט נור א העלפט יאָהרען ווי זיין פאָטער.

זיין ברודער יקטן, האָט זיך אַזוי גערופען, אויך צוליעב דעם, וואָס עס איז פערקלענערט געוואָרען די לעבענ׳ס-צייט פון די מענשען.

**דער דור הפלגה** איז געווען אין פלג׳ס לעצטע יאָהרען, וואָס זיין פאָטער עבר, האָט פאָראויסגעזעהן, און האָט איהם אויך צוליעב דעם, א נאָמען געגעבען פלג. די געשיכטע דערפון איז געווען אַזוי:

אין יענע צייטען האָבען אַלע מענשען געהאַט איין שפראַך און אַלע פעלקער האָבען זיך געקענט לייכט צוזאַמענרעדען. האָבען זיך טאקע צוזאַמענגענומען אַלע פעלקער און געטראַכט אַ עצה, ווי אַזוי צו פערפעסטיגען זייער הערשאַפט אויף די וועלט אין געבליבען איז ביי זיי, צו שטעלען אַ טורעם-פעסטונג, וואָס זאָל מיט זיין הויך דערגרייכען דעם הימעל—אַרום אָט דעם פעסטונג זאָלען זיי זיך אַלע צוזאַמענהאַלטען און בילדען איין שטאַרקע קראַפט, די שטאַרקסטע מאַכט אויף דער וועלט.

דאָס איז געווען, אַזוי צו זאָגען, דער אויסערליכער מאָטיוו פונ׳ם בויען דעם טורם-פעסטונג. עס זענען אָבער אויך געווען טיעפערע כונות ביים אונטערנעהמען אָט דעם ריעזען-שריט. דאָס לעצטע האָט די מענשען-בויער איינגעטיילט אין דריי קאַטעגאָריעס:

אַ טייל—האָבען מורד געווען אין גאָט [illegible] אַלערהעכסטען בעשעפער פון די וועלט, און זיי האָבען זיך איינגערעדט צו דערגרייכען דורכן הויכען טורעם דעם הימעל, און פון דער העכסטער הייך, בעווייזען זייער שטאַרקייט פאר אַלעמען, אַז זיי האָבען אַראָבגעוואָרפען פון זיך אַלע געטליכע פליכטען.

אַנדערע ווידער—האָבען אין דער העכסטער הויך געוואָלט אַוועקשטעלען זייער עבודה-זרה, און דאָרט דיענען די אָבגעטער.

אַ דריטע קאַטעגאָריע האָט זיך גאָר איינגערעדט צו דער־גרייכען דעם הימעל און פיהרען דאָרט אַ מלחמה.

דערווייל האָבען זיך די מענשען געגומען מיט גרויס ענערגיע אויספיהרען דעם אָבגעקלערטען פּלאַן. זיי האָבען אויס־געזוכט אַ ברייטען און בעקוועמען פּלאַץ אין שנער, אין נמרוד׳ס מלוכה (זעה ווייטער). די געביידע איז שפּעטער שוין געווען אזוי הויך, דאָס עס האָט געדויערט אַ גאַנץ יאָהר ביז מען איז ארויפגעקומען אויפן שפּיץ מיט דעם נויטיגען בוי־מאַטעריאַל. עס איז דערגאַנגען אויך דערצו, אַז דאָס בוי־מאַטעריאַל איז געוואָ־רען חשוב׳ער ווי דער מענש: ווען אַ שטיק מאַטעריאַל איז אַראָב־געפאַלען, האָט מען עס מעהר בעדויערט ווי אַ מענש, ווען ער איז אַראָבגעפאַלען און גע׳הרג׳עט געוואָרען. (ספה״י)

דאַן האָט גאָט ב״ה גערופען זיבעציג מלאכים און זיי ב׳פוילען: אראָבנידערען צו די מענשען און פערמישען זיי אין פערשיעדענע שפּראַכען; יעדער מלאך זאָל איבערנעהמען אַ אַנ־דער שטאַם און איהם מאַבען פערגעסען די פריהערדיגע שפּראַך נור אַ נייע שפּראַך זאָל יעדער אָנהויבען רעדען (סה״ד).

צווישען די טורם־בויער, איז דעריבער אַריינגעקומען אַ גאַנצע צומישונג, איינער האָט מעהר נישט פערשטאַנען דעם צווייטען; האָט מען פערלאַנגט ציגעל, האָט דער צווייטער גאָר געברענגט ליים אָדער עפּעס אַנדערש, אַזוי דאָס מען האָט נישט געקאָנט ווייטער פיהרען די אַרבייט, און דאָס בויען האָט זיך געמוזט אָבשטעלען.

דער טורם־פעסטונג האָט אויך געהאַט אַ סוף: אַ דריטעל איז פערברענט געוואָרען פונ׳ם פייער וואָס איז אַראָב פון הימעל. אַ דריטעל איז איינגעזונקען געוואָרען אין דער ערד און אַ דריטעל איז געבליבען (וואָס עס איז אָבער שפּעטער וואַרשיינ־ליך צופאַלען געוואָרען). אויך די מענשען־מאַסע וואָס איז געווען פערזאַמעלט אַרום דעם טורם־בוי, זענען: אַ דריטעל פונאַנדער־געשפּרייט געוואָרען איבער דער גרויסער וועלט, אַ דריטעל—

זענען איינער פון צווייטען גע׳הרג׳ט געוואָרען בעת די שפּראַכען-פערמישונג, און אַ דריטעל, זענען זיך רוהיג אַוועקגעגאַנגען און פערלאָזט די געביידע.

שפּעטער, האָבען די מענשען, יעדעס פאָלק און יעדער שטאַם, זיך אויסגעזוכט אַ פּלאַץ וואו צו בויען שטעדט, און אַ זיכער אָרט—וואו זיך איינצוארדנען און באזעצען.

---

# רעו

## (א׳תשפ״ז—א׳כ״ו)

**רעו** איז געבוירען געוואָרען ווען זיין פאָטער, פלג, איז א׳ט געווען 30 יאָהר און ער האָט געלעבט 239 יאָהר.

(אין זיין צייט זענען ענטשטאַנען עטליכע אנגעזעהענע מלוכות, וועלכע זענען אונז בעקאַנט ביז׳ן היינטיגן טאָג. די בעהמישע מלוכה ווערט געשאַפען, און זייער הויפּט-שטאָט איז פראָג. אין רעו׳ס צייט האָט אויך אנגעהויבען צו עקזיסטירען די פרויען-מלוכה, די אַזוי גערופענע „אמזוני״, וועלכע איז שפּעטער בעקאַנט געוואָרען אין דער וועלט, צוליעב זייער קאָנפליקט מיט אַלעקסאַנדער מוקדון. די מענער זענען אין די ערשטע צייט גע׳הרג׳עט געוואָרען אין א מלחמה, און די פרויען האָבען גענומען שווערד אין ביקס, מלחמה געהאַלטען און בעזיעגט די פיינד. אויך דאָס קעניגטום פון מצרים האָט זיך געגרינדעט אין רעו׳ס דור—(סה״ד).

---

# ש ר ו ג

## (א=תתי"ט — ב=נ"ח)

**שרוג** איז געבוירען געוואָרען, ווען זיין פאָטער רעו, איז אַלט געוואָרען 32 יאָהר און ער האָט געלעבט 339 יאָהר.

---

# נ ח ו ר

## (א־תתמ"ט — א־תתקצ"ז)

**נחור** אוז געבוירען געוואָרען, ווען זיין פאָטער שרוג, איז אַלט געווען 30 יאָהר, און ער האָט געלעבט 148 יאָהר.

---

# נ מ ר ו ד

## (א=תתק"ח — ב=קכ"ג)

חם'ס זוהן, קיש, האָט אויף דער עלטער גענומען אַ ווייב און געבוירען אַ זוהן נמרוד אין יאָהר 1908 זייטן חשבון פון בריאת העולם. קיש האָט זיין זוהן נמרוד זעהר ליב געהאַט, און איהם אַוועקגעגעבען די קליידער, וואָס גאָט האָט געמאַכט פאַר אדם הראשון, נאָך דער זינד פון עץ הדעת. (די דאָזיקע קליידער, האָט חם — נמרוד'ס זיידע, אוועקגעגנבעט ביי נח'ן בשעת זיי זענען ארויס פון דער תיבה—(זעה אויבען)

ווען נמרוד האָט אָנגעטהון די דאָזיגע קליידער, האָט ער זיך געפיהלט שטאַרקער ווי אַלע זייגע ברידער, און ער האָט בעקומען אַ רוהם פאר'ן שטאַרקסטען מענש אויף די וועלט. ער

האָט געפיהרט מלחמות פאַר זיינע ברידער מיט אלע זייערע פיינד, און שטענדיג איז ער געווען דער זיגער. ער איז אויך געוואָרען אַ מלך איבער זיינע ברידער די כושיים.

ווען נמרוד איז אַלט געוואָרען 40 יאָהר, האָט ער אויפגעמונטערט אַלע זיינע נאָהנטע, די כושיים, זיי זאָלען געהן פיהרען אַ מלחמה מיט די בני יפת, אונטער וועמען זיי זענען דעמאָלס געווען אונטערטעניג. מיט אנ׳אַרמעע פון 540 מאַן האָט ער די בני יפת איינגאַנצען באזיעגט.

נאָכ׳ן דאָזיגן זיעג, האָבען זיך פערזאַמעלט די עלטסטע פון די שבטים און אויסגערופען נמרוד׳ן פאַר אַ מלך איבער אַלל בני נח.

אָבער נישט בלויז אין שטארקייט, האָט נמרוד איבערגעשטיגען אַלע מענשען, נאָר אויך אין שלעכטיקייט, אין רשעות און מורד זיין אין גאָט. אין דאזיגען שלעכטען וועג האָט ער אויך געפיהרט אַלע זייזע אונטערטאַנען—מורד צו זיין אין גאָט, און זייט דעם מבול איז נמרוד געווען דער שלעכטסטער פון אַלע מענשען. (ספה״י)

נמרוד האָט געמאַכט אַ בילד אין זיין געשטאַלט, און פערלאַנגט, מען זאָל זיך בוקען צום בילד, וואָס מען האָט אָנגערופען ב ל. דאָס דאָזיקע בילד איז שטעהן געבליבען אַ לאַנגע צייט, ביז די צייטען פון ד נ י א ל וועלכער האָט ענדליך אבגעשאפט אָט די עבודה זרה (סה״ד)

נמרוד האָט געהאַט זיין רעזידענץ-שטאָדט אין לאַנד שנער, אין די שטאָט וואָס ער האָט געבויט צום אנדענקען פון זיינע נצחונות איבער אַלע פיינד.

נמרוד האָט געקעניגט 185 יאָהר, און געלעבט 215 יאָהר— ביזן יאָהר 2123, ווען ע ש ו האָט איהם דערהרגעט אין דער מידבר, אינם זעלבען טאָג ווען אברהם אבינו איז געשטאָרבען (זעה ווייטער) זיינע דינער האָבען דעם טויטען קערפער אַ היים- געפיהרט קיין בבל, וואו ער איז בעגראָבען געוואָרען. זיין קע-

ביגטום איז זיך דאַן פונאַנדערגעפאלען אין א סך קליינע טיי-לען (סה"ד)

נמרוד האָט זיך אויך בעריהמט געמאַכט אין דער געשיכ-טע מיט זיינע פערפאלגונגען געגען אַברהם אבינו, ווי ער האָט בעפוילען איהם לעבעדיגערהייט צו וואַרפען אין א קאַלך-אויווען פדי איהם צו פערברענען. עס איז אָבער געשעהן דאָס גרויסע נס, ווי אברהם אבינו ווערט ניצל. (זעה ווייטער)

---

# תרח

## (א־תתע"ה — ב־פ"ג)

**תרח** איז געבוירען געוואָרען, ווען זיין פאָטער נחור, איז אלט געווען 29 יאָהר. תרח איז געווען איינער פון די חשוב-סטע מענשען אין זיין צייט. אלס ערשטער הויפטמאַן ביי נמרוד'ן וועלכער האָט געקעניגט איבער אלע פעלקער, האָט ער גע-שפיעלט אַ גאָר גרויסע ראָל פערמאָגט אנ'אייגען פירשטענטום. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט ארויסגעגעבען אייגענע מטבעות (סה"ד)

ווען תרח איז אַלט געוואָרען 70 יאָהר, האָט ער גענומען פאַר א ווייב זמתלאה די טאָכטער פון כרנבו וועלכע האָט איהם געבוירען אַ זוהן. דעם דאָזיגען זוהן האָט תרח אַ נאָמען געגעבען א ב ר ם, אַלס צייכען וואָס דער מלך נמרוד האָט איהם דערהויבען איבער אַלע זיינע קנעכט. תרח האָט אויך כון פריהער געהאַט צוויי זיהן, הרן און נחור, וועלכע זענען געווען עלטער פון אברם'ן מיט בערך 32 יאָהר.

---

**אברם'ס געבורט.** די נאַכט ווען אברם איז געבוירען געוואָרען האָט תרח געמאַכט אַ גרויסע סעודה, וואו עס האָבען זיך געפונען די אנגעזעהענע לייט. עס האָבען זיך אויך געפונען די הרטומים, וועלכע בעריהמען זיך מיטן כח פון כישוף צו דערגעהן פער-שידענע זאַכען וואָס וועלען פאָרקומען אין אַ צייט ארום. נאָך דער סעודה, ווען דער פערזאַמעלטער עולם איז זיך פונאַנדער געגאַנגען האָבען זיי בעמערקט אויפ'ן הימעל אַ גרויסען שטערן וועלכער קומט פון מזרח-זייט און לויפט מיט אַ זעלטענער שנעלקייט, און ער האָט איינגעשלונגען פיער שטערען וועלכע האָבען זיך געפונען אין אַלע פיער זייטען. אַלע זענען געוואָ-רען פערוואונדערט פון די דאָזיגע זעהעניש און די חרטומים האָבען עס אויסגעטייטשט אַלס צייכען אויפ'ן ניי געבוירענעם-זוהן ביי תרח'ן:

„דאָס דאָזיגע קינד וועט זיך אויסוואַקסען אַלס פאָטער פון אַ גרויס פאָלק, וואָס וועט אויף אייביג ירשענען די וועלט און וועט מלחמה האלטען און באַזיעגען די גרעסטע מלכים און זייערע לענדער!"

און צומאָרגענס האָבען זיך אַלע גרויסע לייט, וואָס זענען געוועזען ביי תרחן, פערזאַמעלט, און באַשלאָסען צו דערצעהלען דעם סוד דעם מלך נמרוד.

**נמרוד וויל הרגענען אברם'ן.** נמרוד פאלט אויף אַ עצה: ער האָט באַלד גערופען תרח'ן און איהם פאָרגעלייגט, א גרויסע סומע אויסקויף-געלד פאַרן ניי געבוירענעם קינד, וואָס ער וויל הרג'נען, איידער ער וואַקסט אויף אין אַ גרויסע קראַפט, פאַר וועלכער ער האָט שטאַרק מורא. תרח האָט שטאַרק געבעטען ביי נמרוד'ן אז ער זאָל לאָזען לעבען זיין קינד, צום סוף אָבער, ווען ער זעהט, אז ער וועט נישט פועלן ביי נמרוד'ן פערלאַנגט ער אַ צייט פון דריי טעג ביז ער זאָל ווירקען אויף זיין ווייב צו טהון דעם מלך'ס פערלאַנג.

אויפ'ן דריטען טאָג, שיקט נמרוד צו תרח'ן אַ שטרענגען

בעפעהל צו ברענגען דאָס קינד, אויב נישט, וועט ער לאָזנ אויסהרגנען תרח׳ס גאַנצע פאַמיליע. תרח איז געפאַלען אויף אַ עצה, ווי אַזוי אבצונאַרען נמרוד׳ן און ראַטעווען זיין קינד, אברם׳ן:

**א פרעמד קינד** תרח נעהמט אַ קינד וואָס איז דעם זעלבען טאָג געבוירען געוואָרען ביי זיין דינסט, שיקט עס צו נמרוד׳ן און בעקומט דאָס צוגעזאָגטע אויסקויף-געלד פאַר׳ן קינד, וועלכעס נמרוד דערהרגעט עס מיט זיינע אייגענע הענד.

נמרוד האָט שוין נאטירליך מעהר נישט געטראַכט פון דער דאָזיגער זאַך, און תרח האָט זיין זוהן אברם בעהאַלטען מיט אַ זויגערין אין אַ פאַרבאָרגענע הייל, וואו מען האָט פון צייט צו צייט אריינגעגעבען די נויטיגע דערנערונגס-מיטלען. אין דער דאָזיגער הייל איז אברם אויסגעוואַקסען ביז ער איז אַלט געוואָרען צעהן יאָר. דאַן איז אברם אַרויס פון די הייל און אוועק צו נח׳ן, לערנען ביי נח׳ן און ביי שם׳ן. ניין און דריי-סיג יאָהר איז אברם געווען אין נח׳ס הויז און נמרוד האָט זי-כער געמיינט, אַז אברם לעבט נישט מעהר.

**אברם דערקענט די געטליכקייט.** אברם נעמט פאַרשען דעם כבוד פון גאָט אויף דער וועלט, שוין אין זיין פריהערסטער יוגענד. ווען ער איז געווען אין דער הייל, זענענדיג קוים דריי יאָר אַלט, האָט ער שוין פערשטאַנען, אַז די וועלט ווערט געפיהרט דורך אַ ספּעציעלע השגחה פון דער העכערער מאַכט. ער האָט גע-זעהן די זון און זיך פערטראַכט אין איהר קראַפט און ליכטיג-קייט, ווי זי טהוט אַרומנעהמען און בעהערשען דעם חלל פון דער וועלט, פאַרנאַכט אָבער ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, האָט ער דערזעהן איהר שוואַכקייט, אַז זי טהוט אויך נור דער-פיהלען די אָנווייזונגען פון אַ העכערער מאַכט. דאָס זעלבע האָט ער זיך געטראַכט ווען ער האָט בעטראַכט די לבנה מיט איהרע שטערענס. זיינע אַלע געדאַנקען זענען נור געווען צו דערגעהן די געטליכקייט און די העכסטע מאַכט, אַלע איבעריגע

מעשים וואָס מענשען האָבען זיך דערמיט פארנומצן, זענען ביי איהם געווען ווי נאַריש און פארבייגעהענד.

און דער כבוד פון גאָט ב"ה האָט זיך באַוויזען צו אברם'ן און איהם געלערענט וואָס צו טהון. און שפּעטער ווען ער איז געקומען אין נח'ס הויז האָט ער דאָס איבעריגע דער־לערנט און זיך פארפאָלקאָמט צו די אויפגאַבע, צו וועלכער ער איז געווען באַשטימט,—צו זיין דער ערשטער זייל, דער ערשטער שטאַם־פּאָטער פון יודישען פאָלק.

**אברם קומט אַהיים.** פונפציג יאָהר איז אברם אלט, ווען ער פארלאָזט נח'ס הויז און קומט אַהיים צום פאָטער. תרח איז נאָך געווען דער זעלבער חשוב ביי נמרוד'ן ווי פריהער און דיענט אויך ווייטער די אָבגעטער וואָס נמרוד האָט איינגעפיהרט. אברם אבער איז פיעל מיט מוסר און געטליכקייט, און קאָן נישט פאַרנעמען די צלמים און בילדער וואָס געפינען זיך ביים פאָטער אין הויז. ער טהוט זיך אַ שבועה, אז אין פערלויף פין דריי טאג, וועט ער אָברייניגען דאָס ארט פון די עבודה זרה־בילדער,

אברם פערפיהרט דעריבער אַ טענה מיט זיין פאָטער און פרעגט איהם: זאָג מיר טאַטע, וואו איז דער גאָט וואָס האָט בעשאַפען הימעל און ערד אַלע מענשען, דיך און מיך און אַלע אנדערע? תרח ענטפערט, אַז גאָט געפינט זיך ביי איהם אין שטוב, און ער פיהרט אברם'ן אין איינעם פון די אינעווייניגסטע חדרים, וואו עס שטעהן 12 גרויסע צלמים - אבגעטער, און אַ סך קלענערע. דאָס זענען די האַרען פון די וועלט — זאָגט תרח און פאַלט אנידער פאַר זיי אויף די קניען.

אברם גייט צו צו די מוטער און דערצעהלט איהר, אז דער פאָטער האָט איהם געוויזען די געטער, וועלכע האָבען בע־שאַפען די וועלט, דעריבער זאָל זי פאר איהם אָנגרייטען אַ גוט מאכל פון שעפסען־פלייש, וואָס ער וויל ברענגען א מנחה פארן פאָטערס אבגעטער. די מוטער האָט נישט פערשטאַנען זיי־

נע געדאַנקען, און האָט זיין פערלאַנג געטהון. אברם שטעלט די שפייזען פאר די אָבגעטער און לאַכט פון זיי. דער מוטער דער-צעהלט ער אָבער, אז די אָבגעטער האָבען נישט געגעסען, מסתם פערלאַנגען זיי אַ בעסערע שפייז, דעריבער זאָל זי עס איהם צוגרייטען. אברם איז ווידער געקומען צו די אבגעטער, און אויך אויפן צווייטען טאָג, האָט ער געטהון דאָס זעלבע, ווידער אוועקגעשטעלט די שפייזען פאַר די אָבגעטער, און די אָבגעטער בעריהרען נישט די שפייזען.

אברם צוברעכט די אָבגעטער. שטאַרק אין כעס אויף די מענשען וואָס זענען אזוי פארנאַרט און געהען אין שלעכטען וועג, גענומט אברם אַ האַק און צוברעכט אַלע אָבגעטער וואָס געפונען זיך אין פאָטערס הויז אויף שטיקער. די האַק האָט ער אַוועקגעשטעלט נע-בען דעם עלטסטען אָבגאָט און פערלאָזט די שטוב.

תרח קומט אַהיים אין דערהערט דאָס גערויש פון האקען אין יענער שטוב, לויפט שנעל און טרעפט זיין זוהן אברם, פערלאָזענדיג די אָבגעטער-שטוב. תרח דערזעהט דאָס בילד, ווי אַלע אָבגעטער זענען צוהאַקט אויף שטיקער און וואַלגערען זיך נעבען גרעסטען אָבגאָט, וועלכער איז גאַנץ געבליבען מיט דער האַק נעבען זיך, לויפט ער שנעל צו אברם'ן און פרעגט איהם וועגען דעם וואָס ער האָט געטהון.

אברם ענטפערט אָבער, אַז די געשיכטע איז געווען אַ געוועהנליכע: מען האָט פאַר זיי דערלאַנגט די שפייז, האָבען אַלע זיך געכאַפט דערצו—פארן גרעסטען אבגאָט, וועלכער האָט נאָך נישט געהאַט אויסגעשטרעקט זיין האַנד, האָט עס איהם פערדראָסען, געכאַפּט די האַק און צוּבראָכען אַלע קלענערע אָב-געטער—אַ בעוויז, דאָס די האַק געפינט זיך טאַקי נעבען גרעס-טען אבגאָט.

תרח ווערט אין כעס אויף אברם'ען און זאָגט צו איהם: די אָבגעטער האָבען דאַך נישט קיין שום קראַפט צו טהון די

מינדעסטע בעוועגונג, זיי זענען דאָך האָלץ און שטיין, וואָס אַ מענש מאַכט זיי מיט זיינע אייגענע הענד.

און ווי דיענסט דו — פרעגט אברם — אזעלכע אבגעטער וועלכע האָבען נישט קיין שום קראַפט, קענען זיי דיר עפּעס העלפען? פאַרוואָס האָט איהר פערגעסען דעם אמת'ן גאָט, וואָס האָט בעשאַפען הימעל און ערד און אויך אלע מענשען? דערמיט האָבען זיך דאָך פארזינדיגט אונזערע עלטערען, אויף וועלכע עס איז געקומען דער מבול, יעצט זאָל מען ווידער ברענגען אַ נייע צרה אויף זיך.

נאָך די דאָזיגע ווערטער, נעהמט אברם די האַק און אין פאַטערס אויגען צוהאַקט ער דעם גרויסען אָבגאָט, וועלכען ער האָט פריהער געלאָזט גאַנץ.

**תרח פערקלאָגט זיין זוהן.** תרח לויפט צו נמרוד'ן און דערצעהלט איהם וואָס זיין זוהן האָט געטהון די אָבגעטער. אברם ווערט באַלד געבראַכט פאַר נמרוד'ן, וועלכער זיצט אויף זיין מלוכה־טראָהן ארומגערינגעלט מיט אַ גרויסע צאָהל האַרען און עלטסטע. צווישען זיי געפינט זיך אויך תרח.

אברם שרעקט זיך נישט און ענטפערט נמרוד'ן די זעלבע ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט זיין פאָטער תרח און נאָך מיט מעהר ברען און שטאַרקען גייסט, און ער נעהמט שטראָפען נמרוד'ן פאַר אַלע אין די אויגען מיט דידאָזיקע רייד: דו ביזט דאָך אַ מלך און דו דאַרפסט פיהרען דיינע קנעכט אין וועג פון גאָט און גערעכטיקייט, האָסטו גאָר אַלע פערפיהרט אין נידערטרעכטיקייט? ווייסטו דען נישט אז אַזוי איז שוין געווען אין די צייטען פון מבול, די מענשען אַליין האָבען אויף זיך געבראכט דאס אומגליק און זענען אַלע אומגעקומען, ווייל זיי האָבען דערצערענט דעם אַלערהעכסטען באשעפער פון די וועלט יעצט איז אויך די ברירה ביי אייך, איהר קאָנט תשובה טהון און עס וועט אייך קיין שלעכטס געשעהן. טהוט איהר עס נישט

וועסטו נמרוד מיט אַלע דיינע מענשען אומקומען מיט אַ מיאוסען סוף און פערענדיגען אייער לעבען מיט גרויס חרפּה.

**אברם אין תּפיסה.** נמרוד באַפעהלט, אברם׳ען צו זעצען אין תּפיסה. גאַנצע צעהן טעג איז ער דאָרט געווען, דערנאָך האָט נמרוד איינגעזאַמעלט אַלע זיינע עצה־געבער און פירשטען צו בּעראַטען זיך מיט וואָסערע שטראָף מען זאָל אברם׳ן משפּט׳ן, און עס איז בּעשלאָסען געוואָרען איהם צו פערבּרענען אין פייער.

**אברם אין קאַלך־אויווען.** נמרוד בּעפעהלט, מען זאָל דעם גרויסען קאַלך־אויווען, וואָס געפינט זיך ביי איהם אין פּאַלאַץ אין שטאָדט אור כשדים, גוט אויסהייצען, דריי טעג און דריי נעכט, זאָל מען כּסדר פלאַקערן פייער און דערנאָך זאָל מען אברם׳ן דאָרט פערבּרענען לעבּעדיגערהייט.

אויפן פּלאַץ ביים קאַלך־אויווען האָבּען זיך פערזאַמעלט אַ גרויסע מענשען־מאַסע — ניין הונדערט טויזענד מאַן, צווישען זיי אַלע עלטסטע און הויף־לייט פון קעניג נמרוד. אַלע שטעלען זיך געגענאיבּער דעם קאַלך־אויווען צו זעהען ווי אברם ווערט פאַרבּרענט. אַלע דעכער. טורעמ׳ס, און גאַניקעס זענען פול מיט פרויען און קינדער וועלכע זענען נייגעריג צו זעהן וואָס עס וועט פּאָרקומען.

**אברם ווערט דערקענט.** ווי נאָר אברם ווערט געבּרענגט אויפן גרויסען פּלאַץ פאַרן קאַלך־אויווען, האָבּען אין איהם די חרטומים דערקענט, אז ער איז דער זעלבּער וועגען וועלכען זיי האָבּען מיט 50 יאָהר צוריק דערצעהלט נמרוד׳ן. — דאָס וואָס זיי האָבּען געזעהן אויפן הימעל דעם שטערן, וואָס זיי האָבּען פּותר געווען אויפן ניי געבּוירענעם קינד (זעה אויבּען).

נמרוד ווערט דערצערנט, תּרח האָט איהם גענאַרט. תּרח דערצעהלט אין שרעק ווי אַזוי ער האָט נמרודן אבּגענאַרט, געשיקט איהם אנשטאַט דעם קליינעם אברם אַ פרעמד קינד און אברם איז אזוי אָרום געבּליבּען לעבּען. תּרח פאַרענטפערט זיך

אַז צוליב גרויס רחמנות צום קינד איז ער באַגאַנגען דעם שווינ־דעל.

נמרוד פאַרלאַנגט פון תרח׳ן, ער זאָל איהם זאָגען ווער עס האָט איהם געגעבען די דאָזיגע עצה, וועט איהם גאָרנישט געשעהן. תרח וואַרפט די שולד אויף זיין עלטסטען זוהן הרן, און נמרוד באַפעהלט, אַז הרן זאָל פאַרברענט ווערען צוזאַמען מיט אברם׳ן אין קאַלך־אויווען.

אין אמתן האָט הרן די עצה נישט געגעבען, און ער האָט נישט גענומען קיין אנטייל אין דער זאַך. תרח האָט זיך אָבער אַזוי אַרום געראַטעוועט פון אַ זיכערען טויט.

**הרן׳ס פאַלשע אויסרעכנונג.** הרן פערלירט זיך, און ווייסט נישט וואָס צו טהון—ער וועט פאַרברענט ווערען צוזאַמען מיט אברם׳ן? און עס האָבען איהם אָנגעהויבען עגבערען אין מח אברם׳ס דרייסטע ווערטער צו נמרוד׳ן; אויב אברם ערלויבט זיך אזא שריט און שרעקט זיך נישט פאַרן טויט איז דאָך אַ בעווייז אז אברם איז זיכער אין אַלערהויכסטען וועלט־באַשעפער, אז גאָט וועט איהם מציל זיין פון קאַלך־אויווען, קאָן ער דאָך רו־היג זיך פעראייניגען מיט אברם׳ן און זיין אמונה!

און אפשר האָט אברם פאַרט אַ טעות, און עס איז גליי־כער צו בלייבען ביי נמרוד׳ן.

הרן בעשליסט ענדליך אָבצוואַרטען און זעהן אברם׳ס סוף. ווייל ער האָט גערעכענט, אַז מען וועט צום ערשט אברם׳ן וואַרפען אין קאַלך־אויווען און דער־נאָך איהם. איז ווען אברם וועט ניצל ווערען, וועט ער זיך אנשליסען אין אברם׳ס אמונה, ווען נישט, דאַן וועט ער זיך וואַרפען פאַר די פיס פון נמרוד׳ן און זאָגען איהם אַז דער בלבול פון פאָטער, דאָס ער זאָל איהם געבען די עצה אויסצוטוישען דאָס קינד, איז פאַלש.

הרן האָט אָבער געהאַט אַ טעות, ווייל ער איז צוזאַמען מיט אברם׳ן געוואָרפען געוואָרען אין קאַלך־אויווען ווערענדיג געבונדען מיט פעסטע שטריק.



יצחק בענשט יעקב'ן

אַברם ווערט נישט פערבערענט. עס איז געשעהן דאָס גרויסע נס. גאָט האָט זיך דערבארעמט אויף אברם און איהם מציל געווען פון פייער. עס האָט איהם גאָרנישט גע־שאַדט, בלויז די שטריק איז אויף איהם פערבערענט, און ער בעוועגט זיך פריי אין קאַלך-אויוועו, אָבער זיין ברודער הרן ווי־אויך 12 מאַן פון נמרוד'ס דינערשאַפט, וועלכע האָבען אויסגע־פיהרט דעם שרעקליכען אורטייל, ווערען גלייך פערברענט אויף אַש.

און דאָס גאַנצע פאָלק וואָס האָט זיך פערזאַמעלט בייב קאַלך-אויוועו, זעהט אברם'ן שפּאַצירען אין קאַלך-אויוועו ווי אין אַ גאָרטען. דריי טאג און דריי נעכט האָט אברם אַזוי שפּאַ־צירט אין פייער. נמרוד גלייבט נישט דערין און געהט אַליין זעהן דאס גרויסע וואונדער.

נמרוד בעפעהלט ארויסצונעהמען אברם'ן פון קאַלך-אויוועו. ווי אָבער די דינערשאַפט דערנעהנטערט זיך צום אויוועו, ווערען זיי פערברענט. 8 מאַן זענען פערברענט געוואָרען און די אי־בעריגע זענען אַנטלאָפען.

ערשט דאַן, פערשטעהט נמרוד אז די געטליכע השגחה שיצט אברם'ן און גאָט האָט איהם מציל געווען פון פייער, ער רופט דעריבער אויס צו איהם:

— אברם, דיענער פון גאָט אין הימעל, געה ארויס פון פייער און קום צו אונז!

אברם געהט אַרויס פון פייער, געזונד און פריש, און שטעלט זיך פאַר נמרוד'ן.

— ווי אַזוי ביזטו אַרויס פון אַזאַ העלישען פייער גאַנץ און אונבאשעדיגט—פרעגט נמרוד מיט שרעק.

— דער גאָט וואָס געוועלטיגט איבער הימעל און ערד; דער גאָט, וואָס כ'האָב זיך אין איהם פארזיכערט, האָט זיך איבער מיר דערבארעמט און מיך מציל געווען פון פייער, אין וועלכען דו האָסט מיך געוואָרפען—ענטפערט אַברם.

נמרוד פערבײַסט די ציין פון כעס, און דער שטאַרקער אײַנדרוק וואָס דער נס האָט געמאַכט אויפן פערזאַמעלטען עולם האָט איהם שווער געטראָפען, ער באַשליסט דעריבער אוועקצושי־קען אברם׳ן פון זיך.

אברם פערלאָזט נמרוד׳ן, פון וועמען ער האָט אויך באַקו־מען פיעל מתנות. צוזאַמען מיט איהם באַהעפטען זיך 300 מאַן, וועלכע באַשליסען זיך, צו געהן אין זיינע וועגען, אויך צוויי הויפט־לייט פון נמרוד׳ן, עוני און אליעזר, פערלאָזען זייער קעניג און שליסען זיך אָן אין אברם׳ן.

אברם קומט צוריק אין זיין פאָטערס הויז, ער בויט זיך זיין פאַמיליען־היים און נעהמט זיין ברודער הרן׳ס טאָכטער, שרי, פאַר א ווייב, אויך אברם׳ס ברודער, נחור, נעהמט פאַר א ווייב מלכה א שוועסטער פון שרי.

**נמרוד׳ס חלום.** אין א צייט אַרום זעהט נמרוד א שלעכטען חלום, וואס זיינע לייט בעשיידען עס ווידער אויף אברם׳ן, אז אברם מיט זיינע קינדער וועלען מיט איהם האַלטען מלחמה און ער וועט אומקומען דורך איינעם פון זיינע קינדער. נמרוד צערנט זייער, און שיקט ארויס זיינע מענשען צו אברם׳ן כדי איהם צו טויטען. דערפון דערוואוסט זיך אליעזר, איינער פון נמרוד׳ס לייט וועלכער איז איבערגעגאַנגען צו אברם׳ן, און אברם אנטלויפט צו נח׳ן, דאָרט זיך אויסצובעהאַלטען פאַר נמרודס צאָרן.

תרח קומט צו נח׳ן כדי זיך צו זעהן מיט זיין זוהן, און זיי באַשליסען צו פערלאָזען דאָס לאַנד: און אברם מיט שרי, תרח און זיין אייניקעל לוט—פערלאָזען דאָס לאַנד און באַזעצען זיך אין חרן (ארם נהרים)

אברם מיט זיין ווייב געהן ווייטער קיין כנען און תרח מיט לוט בלייבען אין חרן. אברם איז אַלט 55 יאָהר ווען ער קומט קיין כנען.

מיט 15 יאָהר שפּעטער קומט אַברם קיין חרן בעזוכען זיינע עלטערען, און נאָכדעם ווי ער פאַרברענגט דאָרט 5 יאָהר

געהט ער צוריק קיין כנען. מיט אברמ׳ן געהען 72 מאַן, וועלכע האָבען באַשלאָסען צו פיהרען זיך אין אברמ׳ס וועגען. צו־זאַמען מיט איהם געהט אויך זיין ברודער־זון, לוט.

# זיעבעציג פעלקער

זענען ענטשטאַנען פון די מענשען־פאמיליעס וואָס האָבען זיך פונאַנדערגעשפרייט איבער די וועלט נאָכן דור הפלגה (זעה אויבען): פון שמ׳ן—26; פון יפת׳ן—14; פון חמ׳ן—30 פעלקער

פון די לענדער און ישובים וואָס האָבען זיך אין יענע צייטען געבילדעט און וועלכע האָבען א נאָהנטען צוזאַמענהאַנג מיט דער יודישער געשיכטע—זענען:

**ארץ ישראל** אדער ארץ כנען, וואָס די רומים און יונים רופען עס שפּעטער פאַלעסטינע—אָט דאָס לאַנד געפינט זיך ביים עק פון מערב־אזיען, צווישען אשור און בבל, און מצרים וועלכע געפונט זיך אין דער נאָהנט, אבער שוין אין צפון־אפריקע. (דער נאָהנטסטער וועג אויף דער יבשה צווישען ארץ ישראל און מצרים, איז דורך פלשתים). דער באָדען געהט ווי אַ שמאָלער פאַס וואָס ציהט זיך פון מערב זייט ביים מיטעללענדישען ים, מזרח און דרום—צו דער אראבישער מדבר און צפון—צו סיריען.

דער ירדן וואָס פליסט פון די בערג לבנון און חרמון, געהט דורך דעם ים כנרת און פאַלט אַריין אינ׳ם ים־המלח, טהוט צוטיילען דאָס לאַנד אין צוויי הויפּט־טיילען, דער מזרח־טייל (עבר הירדן) און דער מערב־טהייל.

נאָכן מבול, ווען נח האָט באשטימט די ערטער וואו זיינע קינדער זאָלען זיך בעזעצען און פערנעהמען זייער נחלה אויף די וועלט, איז דאָס גאַנצע לאַנד געפאַלען צו שמ׳ן און זיינע קינדער (רש״י וירא). שם איז געווען דער ערשטער מלך אין ירושלים און האָט אויך דער ערשטער אנגעהויבען בויען די

מויער פון ירושלים (סה"ד). אין אברהמ'ס צייטען האָבען כנענים פערנומען דאָס לאַנד און ארויסגעשטויסען די בני שם וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין די שכנות'דיגע לענדער. ערשט נאָך מתן תורה און נאכ'ן דור המדבר, זענען די יודען יוצאי מצרים צוריקגעקומען קיין א"י און פערנומען אויפס-נייע דאָס לאַנד.

דעם וועג פון מצרים קיין א"י זענען די יודען נישט דורכ-געגאַנגען דאָס לאַנד פלשתים, נור זיי האָבען געמאַכט א אומוועג: דורכ'ן מדבר סין און מדבר פארן, זענען זיי אויפ'ן וועג פארביי-געגאַנגען די פעלקער פון עמלק, מדין, עמון און מואב; אדום, אמורי און בשן. מיט די עמלקים, מדינים, און אמורי מיט בשן האָבען די יודען געפיהרט מלחמה, און פון די לעטטע האָבען זיי פערנומען דעם קאנט וואס בילדעט מיט זיך דעם עבר הירדן. 1)

**פלשתים** ליעגט ביים ברעג פון מיטעללענדישען ים, צו דרום פון ארץ ישראל. די פלשתים האָבען געפיהרט א סך מלחמות מיט די יודען. שוין מיט אברהמ'ן און יצחק'ן האָבען זיי געהאַט קאָנפליק-טען, אבער שפעטער האבען זיי געשלאָסען א שלום-פערבאנד. אין די שפעטערע צייטען, זענען די פלשתים כסדר אָנגעפאַלען אויף די יודען וועלכע האָבען געוואוינט אין ארץ ישראל. די מלכים שאול און דוד האָבען ערשט רעכט מנצח געווען די פלשתים און פערגרעסערט דאָס יודישע לאַנד מיט'ן אַיינשליסען די ראנד-לענ-דער וועלכע זיי האָבען אבגעריסען פון פלשתים. 2)

---

1) די ערשטע כנענים האָבען געבילדעט צעהן פירשטענטומ'ס אויפ'ן נאָמען פון כנענ'ס זיהן: צידון, חתי, יבוסי גרגשי, חוי, ערקי, סיני, ארודי, צמרי און חמתי. ער אליין איז געווען א זוהן פון חם'ן (איין זוהן האָט זיך פערמישט מיט די איבעריגע ברידער און אויף זיין נאמען איז נישט געשאפען געוואָרען קיין בעזונדער פירשטענטום—רמב"ן וירא)

2) די ערשטע פלשתים האבען געבילדעט פינף פירשטענטימ'ס אויפ'ן נאָמען פון: פלשת (פלשתים), עזה (עזתים), גרר (גררי), גת (גתים) ועקרון (עקרונים). זיי זענען געווען קינדער פון פתרוס און כתלוח. די לעצטע זענען זיהן פון מצרים—חמ'ס זוהן.

**מצרים**, (עגיפּטען) איז דאָס בעקאנטע לאַנד אין דער יודישער געשיכטע. שוין אברם האָט געהאַט צו טהון און געוואוינט א קורצע צייט אין מצרים. שפּעטער יעקב און די שבטים זענען געקומען קיין מצרים און די יודען זענען דארט געבליבען. דער ערשטער יודישער גלות איז געווען אין מצרים. 3)

**שעיר**, (אדום) ליגט ביי דער גרענעץ פון ארץ ישראל, און ווי פון אַלע ראנד-לענדער האָבען די יודען געהאַט אויסצושטיין פון די אדומים, וועלכע זענען אין פערשיעדענע צייטען געווען אונטערטעניג דעם יודישען ישוב אין א״י. ביי פערשיעדענע געלע־גענהייטען אָבער, ווי נאָר עס האָט זיך געמאַכט אַ מלחמה ביי דער גרענעץ פון א״י, האָבען די אדומים אויך פיעל מאָל זיך פעראייניגט צו טהון די יודען שלעכט׳ס. 4)

**ארם־צובא** (סיריען) גרענעצט זיך מיט ארץ־ישראל ביי צפון־זייט, און איז געשאפען געוואָרען שפּעטער ווי דאָס שכנותדיגע ארם נהרים (מעסאָפּאָטאַמיען) צווישען וועלכע עס געהט דער טייך פרת. 5)

---

3) דאָס ערשטע מצרים האָט זיך געטיילט אויף פירשטענטום׳ס אויפ׳ן נאָמען פון מצרים׳ס קינדער: לודים, ענמים, להבים, נפתוחים, פתרוסים, כסלוחים און כפתורים.

4) דאס ערשטע שעיר, האט געשאפען כנען׳ס א אייניקעל, דאָס פיערטע דור פון איהם (כנען, חוי, חורי, שעיר) שעיר מיט זיינע 7 זיהן האָבען זיך בע־זעצט אין א טאָל נעבען בארג פארן און אויף זייער נאָמען רופט מען עס דעם הר שעיר. שפּעטער האט זיך נעבען אט דעם ישוב באזעצט עשו, יצחק׳ס זוהן, וועלכער האט געלעבט אין שלום מיט די שעירים, זיך מתחתן געווען מיט זיי, אזוי דאס די אדומיים (בני עשו) מיט די שעירים האָבען זיך כמעט פערמישט אין איין משפחה. אין דער ערשטער צייט אבער, ווען אַ טייל פון די ערשטע שעירים זענען נישט געווען צופריעדען מיט די אדומיים, האבען די לעצטע אין א מלחמה מנצח געווען אַלע שעירים און פון דאן אָן געהט איבער דאס גאנצע לאנד צו די אדומיים.

5) צובא איז געווען תרח׳ס א זוהן, וואָס איז געבוירען געוואָרען ביי זיין פאטער אויף דער עלטער. ער איז געווען זעהר רייך און האט געהאט 12 זיהן און דריי טעכטער. ער האָט געוואוינט און געשאפען דאס פירשטענטום ארם־ צובא.

**ארם־נהרים** (מעסאָפּאָטאַמיען) ליעגט נעבען ארם־צובא צווישען די טייכען פרת און חדקל. 6) דארט האבען געוואוינט אברם׳ס פאמיליען, נחור תרח׳ס עלטסטער זוהן, און דארט געפונט זיך אויך די שטאָט חרן, וואו עס האָט געוואוינט תרח אַ שעהנע צייט און אַ שטיק צייט איז דארט געוועזען אויך אברם, ווען זיי זענען אוועק פון אור כשדים. דארט געפונט זיך אויך די שטאָט פדן ארם, וואו עס האָט געוואוינט בתואל 7) מיט לבן, דער פאָטער און ברודער פון רבקה (שפּעטער יצחק׳ס ווייב—זעה ווייטער), נעבען ארם־צובא, ביים מיטעללענדישען ים, געפונט זיך אַ קליינער שטח וואָס רופט זיך ארץ עוץ. 8)

**אשור**, איז איינע פון די עלטסטע און בעקאַנטסטע מלוכות אין דער יודישער געשיכטע. דאָס לאַנד ציהט זיך צווישען די טייכען פרת און חדקל פון איין זייט איז איהר גרענעץ מיט ארם נהרים, און פון דער צווייטער זייט — מיט די כשדיים. 9)

א צייט האָבען די אשורים געוואוינט אין בבל, שפּעטער זאָלען זיי האָבען אוועק און געגרינדעט דאָס קעניגטום אשור מיט איהר רעזידענץ־שטאט נינוה אויפן טייך חדקל. מיט דער צייט האָט דאָס מלכות אשור פערנומען אַלע לענדער ארום דעם חדקל און פרת, ווי אויך פאלעסטינא און מצרים; ארמיניה (מיני) מצי, ארם אין צור. אשור׳ס חיילות האָבען אויך געפיהרט א נקמה־מלחמה

---

6) דאס פריהערדיקע חרן איז געוועזן דער פלאַץ וואו עס האָט געוואוינט תרח׳ס פאמיליע. שפּעטער איז אויסגעוואקסען דאָס לאַנד אַרם־נהרים אויפ׳ן נאָמען פון ארם, תרח׳ס א אייניקעל (תרח, נחור, קמואל, ארם) ארם מיט זיין ברודער רחב האָבען דאָס לאַנד אויסגעבויט.

7) בתואל איז געווען נחור׳ס א זוהן וואָס איז געבוירען געוואָרען פון זיין מוטער מלכה—שרה׳ס, אברם׳ס ווייב, א שוועסטער.

8) דער בעוואוסטער איוב שטאמט פון לאַנד עוץ. ביים ערשטען אַרם, שם׳ס יונגסטער זוהן, איז געוועז א זוהן עוץ, אויף וועמענס נאמען דאס לאַנד איז אויפגעבויט געוואָרען,

9) די מלוכה שטאמט פון ערשטען אשור, שם׳ס א זוהן.

מיט די מלכי צור און מיט די יודען (די עשרת השבטים) 10) און זיי פערטריבען אין פרעמדע לענדער.

סנחרב מלך אשור האט זיך פערנומען אויף א מלחמה מיט מצרים און יהודה (די שבטים יהודה ובנימין וואס האבען געהאט זייער רעזידענץ אין ירושלים). 11) דאס איז געווען אין די צייטען פון חזקיה מלך יהודה. עס איז אבער ביינאכט געשעהן א נס פון הימעל: סנחרב׳ס ארמעע, וואס איז בעשטאנען פון 185 טויזענד מאן, איז איינגאנצען אויסגעשטארבען, מיט איינמאל.

בבל, די הויפט שטאט פון א גרויס לאנד, וואס ליעגט אויפן טייך פרת און איז שוין אין אברם׳ס צייטען געווען א גרויסע מלוכה, וועלכע האט געפיהרט מלחמות מיט די שכנות׳דיגע מלוכות: עילם און אשור.

נבוכדנצר דער ערשטער האט שפעטער איינגענומען די לענדער מצרים, צור און אשור. די לעצטע האבען געמאכט א אויפשטאנד און צוריק פערנומען בבל, וועלכע האט שפעטער גע־הערט צו די אשורים. צום סוף האבען די כשדים 12) וואס זייער מלוכה ליעגט אויך צווישען פרת און חדקל נעבען די גרענעצען פון מלכות בבל) מלחמה געהאלטען און מנצח געווען די אשורים. דאן איז אויך בבל אריין אין מלכות כשדים.

אין די צייט פון חורבן הבית האט געלעבט נבוכדנצר הגבור פאר וועלכען עס האבען געציטערט אלע מלוכות אין אזיען און אין אפריקע. ער האט פערנומען מצרים און צום סוף אויך דאס מלכות יהודה. די יודען זענען דאן פערטריבען געווארען אין גלות קיין בבל.

(די מלוכה פון בבל, האט אלזא זיך געצויגען פון נמרוד׳ן ביז

10) 11) נאך שלמה המלך׳ס צייט איז דאס יודישע מלכות פערטיילט גע־ווארען אין צווייען: יהודה און ישראל, די לעצטע זענען מיט א צייט פריהער פערטריבען געווארען פון זייער לאנד און דאס מלכות יהודה האט נאך עקזיסטירט.

12) זיי שטאמען פון כשד, א זוהן פון נחור—אברם׳ס א ברודער.

בלשאצר, וועלדער איז געפאלען בעת דער מלחמה מיט די פרסים דורך כרש׳ס חיילות—אין יאָהר 3389 זייט בריאת עולם) 13)

פרס, איז א מלוכה אין אזיען, צו דרום זייט פון קאספישן ים און ציהט זיך ביז׳ן פערסישען ים-אויסגוס. די שטאָט שושן 14) איז פארצייטענס געווען די רעזידענץ-שטאָדט פון פרס. 15) די מלוכה באַשטעהט אייגענטליך פון צוויי טיילען: מדי און עילם (פרס), וועלכע האָבען געפיהרט גרויסע מלחמות מיט די כשדיים און אשורים און צום סוף — פערנומען אונטער זייער ממשלה די גאַנצע מלוכה פון בבל, צוזאַמען מיט זיי אויך די יודען וואָס האָבען זיך געפונען אין גלות בבל.

כורש דער גרויסער, האָט אונטער זיין ממשלה אויך פעראייניגט ביידע מלוכות, מדי און פרס, און זיין מלוכה-רוהם איז געווארען גרויס אויף די וועלט. ער האָט זיך אויך בעריהמט געמאַכט, מיט׳ן בעוואוסטען בעפעהל, וואָס ערלויבט די יודען, צו געהן צוריק און פערנעהמען ארץ ישראל, איז ער האָט זיי דאַצו מיטגעהאָלפען 16).

סדום, עמורא, אדמה און צבויים, דאָס זענען געווען שטעדט און קאַנטען (ביים ככר פון ירדן אין א״י) געבויט אויפן נאָמען פון מענשען וואָס האָבען זיך אזוי גערופען. זיי האָבען געשטאַמט פון חם׳ס קינדער אין געשאַפען אייגענע פירשטענטימס. אויפ׳ן צווייטען יאָהר נאָכ׳ן דור הפלגה, איז אַוועק אַ געוויסער בלע, פון אשור׳ס קעניגטום און האָט אויפגעשטעלט נעבען סדום, אַ שטאדט בלע אויף זיין נאמען, דאָרט האָט זיך ענטוויקעלט דאָס לאַנד צוער.

---

13) פון נבוכדנצר׳ן ביז בלשאצר זענען אין בבל געווען 51 מלכים.

14) דארט איז געשעהן די געשיכטע מיט המן׳ס גזרה אויף יודען, און דאָס שפעטערע גרויסע נס אין דער צייט פון מרדכי ואסתר.

15) די ערשטע גרינדער פון מדי ופרס זענען געווען די זיהן פון יפת׳ן מדי און תירס (פרס) (גמרא—יומא)

16) אין דער צייט פון עזרא און נחמיה, און פון בויען דאס בית שני.

די דאָזיגע מלוכות זענען א צייט געווען אונטערטעניג די פערבינדעטע פיער מלוכות אונטער דער אנפיהרונג פון מלך עילם (כדרלעומר), און שפעטער האָבען זיי זיך בעפרייט און אויפגעהערט צו צאהלען די יעהרליכע אבצאהלונגען.

כדרלעומר מיט זיינע פערבונדעטע מלכים האבען פערזאַמעלט אַ ארמעע פון 800 טויזנט מאַן, און זענען געגאַנגען אויף די אויפשטענדיגע מלוכות. אויפ'ן וועג זענען זיי דערווייל בעפאַלען די קלענערע פירשטענטום'ס אין זיך בעגאַנגען מיט זיי מערדעריש.

די פינף מלכים פון סדום א. א. האָבען אויך פערזאַמעלט א גרויסע ארמעע און זיך געשטעלט צו אַ אפענע מלחמה. דער סוף איז געווען, אַז כדרלעומר מיט זיינע חיילות האָבען אבגעהאַלטען א שטאַרקען נצחון איבער די אויפשטענדיגע. און די מענשען וואָס זענען געבליבען, זענען געגאנגען אין געפענגעניש-לאַגער צו די זיגערישע מלכים.

די גרויסע מלחמה, וואָס אברם האָט געפיהרט און דעם העכסט וואונדערבארען נצחון, וואָס ער האָט מיט זיינע קליינע צאהל חיילות אבגעהאַלטען איבער די זיגערישע מלכים מיט זייער גרויסע ארמעע, ווערט צוגערעכענט צו די גרויסע נסים פון הימעל וואָס זענען געשיקט געוואָרען צו אברם'ן. די געשיכטע דערפון איז געווען אזוי: נעבען סדום, האָט געוואוינט לוט, אברהם'ס ברודער'ס זיהן און שוואָגער. צום ערשט האָט לוט געוואוינט צוזאַמען מיט אברם'ן אין לאַנד כנען, שפעטער, ווען לוט'ס פאַמיליע איז געוואָרען גרעסער, איז ער אַוועק פון אברם'ן און זיך אויסגעבויט זיינע געצעלטען אין שכנות פון סדום. בעת דער מלחמה מיט כדרלעומר'ס חיילות, ווען די סדומיים א. א. זענען גענומען געוואָרען אין געפאנגענשאַפט, איז צוזאַמען מיט זיי אויך געפאַנגען געוואָרען לוט מיט זיין גאַנצער פאַמיליע.

אברם האָט זיך געאיילט און איז געקומען צו הילף לוט'ן. ער האָט צוזאַמענגענומען א בערך קליינע צאָהל מענשען, וואָס איז בסך הכל בעשטאַנען פון 318 מאַן און ער איז געלאָפען נאָך די

זיעגרייכע חיילות׳ן, וועלכע ער האָט דערגרייכט נעבען דמשק. דאָרט האָט ער מנצח געווען כדרלעומר׳ס חיילות, און מציל גע־ווען נישט בלויז לוט׳ן מיט זיין פאַמיליע, נאָר אויך אַלע גע־פאַנגענע פון די סדומים א. א.

די לעצטע האָבען געוואָלט אבר״ם׳ן בעשענקען מיט מתנות. אברם האָט זיך אָבער אָבגעזאָגט צו נעהמען אַ וועלכער עס איז בעלאָהנונג — ער דאַרף נישט קיין שום מתנות, ווייל זיין גאַנצער בטחון איז נאָר אין איינעם, אויפן אלמעכטיגען גאָט.

די סדומיים האָבען אָבער ווייניג געלערנט פון אברם׳ס מדות. זיי זענען געווען זעהר שלעכטע מענשען און אויסגעצייכענט מיט זייער רשעות. האָבען זיי זיך דוקא אין דער מדה וואָס אברם האָט זיך אויסגעצייכענט צום גוטען. אנשטאָט וואָס ביי אברם׳ן איז געווען א הויז פון די גרעסטע צדקה און גמילות חסדים, אַ אָפּען הויז פאַר אַלע דורכגעהער, וועלכע האָבען זיך דאָ געקענט אָברוהען און אָבעסען, האָבען די סדומיים זיך בא־קאַנט געמאַכט מיט זייער אכזריות׳דיגקייט צו א פרעמדען, אזוי דאָס א מורא האָט ארומגענומען דעם, וואָס האָט בעדאַרפט דורכ־רייזען יענע קאַנטען.

צווישען די אכזריות׳דיגע מעשיות פון די סדומים, ווערט איבערגעגעבען אויך דאָס: אז עס פלעגט קומען א פרעמדער, האָט מען אויסגערופען: קיינער זאָל איהם נישט פערקויפען קיין עסען, ביז יענער איז אויסגעגאַנגען פון הונגער, און מען האָט צוגענומען אַלץ וואָס יענער האָט געהאַט ביי זיך.

לוט׳ס אַ טאָכטער, פלטית, האָט אַמאָל געהאַט רחמנות אויף א פרעמדען וואָס איז געליגען אין גאַס און זיך געראַנגעלט מיט׳ן הונגער־טויט, האָט זי איהם אין געהיים געגעבען עסען. די סדו־מים האָבען זיך גענומען פערוואונדערען, ווי דער מאַן לעבט אזוי לאַנג אָהן עסען, האָבען זיי איהם נאָכגעשפּירט און דער־זעהן ווי פלטית דערלאַנגט איהם צו עסען. פאַר אזא מעשה,

האָבען די סדומיים פעראורטיילט, פּלטית'ן פערבּרענט צו ווערען אין מיט'ן גאַס.

א צווייטע יונג־פּרוי, איז פּאַר א עהנליכע געשיכטע וואָס זי האָט אין געהיים געגעבּען עפּעס עסען א הונגעריגען מענש, דערפאַר איז זי פּצראורטיילט געוואָרען צום טויט אויף א העכסט מערדערישען אופן: מען האָט איהר אויסגעשמירט מיט האָניג און זי געשטעלט פּאַר די ביהנען, וועלכע זענען איהר אָנגעלאָפען חמרים־ווייז און זי צוביסען. פון די שרעקליכע וואונדען איז די יונגע פרוי געשטאָרבען.

און עס איז ארויסגעגאַנגען א גזרה פון גאָט, אַז די שטעדט ארום סדום זאָלען חרוב ווערען און זייער געדעכעניש זאָל אָפּ געמעקט ווערען פון די ערד—אָהן רחמנות, פּונקט ווי זיי האָבען נישט געהאַט קיין רחמנות, און זיך שרעקליך בעגאַנגען מיט מענשען.

אברם האָט זיך דערוואוסט פון די גזירה, און געבעטען פאַר זיי, אז גאָט זאָל דאָך רחמנות האָבען אויף די מענשען פיללייכט איז פאַרהאַן צווישען זיי אקליינע צאָהל מענשען וואָס זענען נישט שולדיג און האָבען נישט געזינדיגט. האָט זיך אָבער ארויסגעשטעלט, דאָס קיין איין מענש איז נישט געווען וואָס אין זיין זכות זאָל דער געגענד מענשען ביצול ווערען.

אברמ'ס זכות האָט נאָר בעשיצט לוט'ן מיט זיינע קינדער, וועמען מלאכים פון הימעל האָבען מציל געווען פון דער שרעקלי־כער איבערקעהרעניש, וואָס איז געקומען אויף די שטעדט פון סדום עמורה, אדמה און צביים. עס איז אַראָב פון הימעל אַ רעגען פון שוועבעל און פייער, וואָס האָט פערניכטעט אַלע מענשען און דעם גאַנצען קאַנט—ווי א מדבר.

לוט מיט זיינע צוויי טעכטער זענען אַנטלאָפען און זיך בעהאַלטען אין אַ הייל. שפּעטער זענען ביי לוט'ס טעכטער גע־בוירען געוואָרען צוויי זיהן, איינער עמון און דער צווייטער מואב פון זיי שטאַמען עס די פעלקער עמון און מואָב.



# די אבות

## אברם — אברהם

### (א־תתקמ"ח — ב־קכ"ג)

אברם איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט בעקאַנט געמאַכט די ריינע אמונה אין גאָט, דעם אַלערהעכסטען בעשעפער, אויף די וועלט. ביז אברם׳ן, זענען געבליבען נור געצעהלטע יחידים וואָס זענען געווען די טרעגער פון דער געטליכער אמונה: וועד עס וויל לערנען, זאָל צו זיי קומען. אברם אָבער, איז אַרומגעגאַנגען פון אָרט צו אָרט, פון לאַנד צו לאַנד, און געלערנט די מענשען, זיי זאָלען פערלאָזען די פאַלשע מיינונגען וועגען דער געטליכקייט; זיי זאָלען אויפהערען צו דיענען די עבודה זרות׳ן, וואָס מ׳האָט אין יענער צייט אויסגעקלערט. זיין לעבען איז אויך געווען פול מיט נסים, וועלכע האָבען עפענטליך בעוויזען, די איבערנאַטירליכע געטליכע קראַפט וואָס טהוט אברם׳ן שיצען, אַזוי דאס אַלע זיינע שונאים און געגנער האָבען איבער איהם נישט קיין שוםווירקונג און קאָנען איהם קיין שלעכט׳ס נישט טהון. דאָס אַלץ, האָט פערזאַמעלט אַרום אברם׳ן מאַסען מענשען וואָס האָבען ביי איהם געזוכט צו לערנען און דערגעהן דעם אמת. ער האָט אויך געשריבען פיעל ווערק, וועלכע זענען איבערגעגאַנגען צו זיין זוהן יצחק.

יצחק האָט פאָרטגעזעצט דעם פאָטער׳ס מיסיע און האָט עס

שפּעטער איבערגעגעבען צו זיין זוהן יעקב. יעקב, האָט אויך דאָס זעלבע געטהון און ער האָט בעשטימט איינעם פון זיינע זוהן, לוי, וועלכער זאָל זיין דער עלטסטער, פיהרען אַ ישיבה וואו מ'זאָל לערנען די וועגען וואָס דער מענש האָט צו ערפיעלען זיינע פליכ־טען און זיך דערהויבען צו דער אויפגאַבע וואָס גאָט האָט איהם בעשטימט. יעקב האָט אויך בעפוילען זיינע זיהן, אַז פון די בני לוי, זאָל נישט אויפהערען צו זיין אַ עלטסטער, נאָך אַ עלטסטען, וואָס זאָל ווייטער פיהרען די מיסיע וואָס אברהם האָט אָנגעהויבען, און לערנען מיט די מענשען. אַזוי האָט זיך עס געפיהרט ביי די בני יעקב, ביז זיי זענען געוואָרען אַ פאָלק, וואָס טהוט נישט אַנערקענען קיין שום עבודה זרה, נור די ריינע גאָטהייט. שפּע־טער אין גלות־מצרים, ווען די יודען האָבען זיך גענומען פיהרען און אַראָבגעלאָזט אין די נידעריגע מצריי'שע וועגען, זענען די בני לוי געבליבען פעסט און טריי זייערע פליכטען, ווי די אבות האָ־בען עס איבערגעבען; קיינמאָל האָט דער שבט לוי נישט געדיענט קיין עבודה זרה.

צוליב די שבועה און פערזיכערונג פון גאָט צו אברם'ן (זעה ווייטער) דאָס זיינע קינדער וועלען זיין דאָס בעשטימטע געטליכע פאָלק אויף די וועלט, ווערט משה רבינו בעשטימט אַלס דער ראש פון אַלע שפּעטערע נביאים ביי יודען, דורך איהם האָבען די יודען בעקומען די תורה און מצוות, וואָס עס טהוט זיי אויסצייכנען אַלס אייגענאַרטיג פאָלק אויף די וועלט. (רמב"ם).

**די אבות** פון יודישען פאָלק זענען: אברהם, יצחק און יעקב.

**אברם'ס לעהרע.** אברם האָט געלערנט די מענשען און זיי אָנגעוויזען דעם ווירקליכען ציעל וואָס דער מענש האָט צו פער־ווירקליכען אינ'ם עולם הבריאה. דער איינציגער גאָט, וואָס האָט בעשאַפען די וועלט, הימעל און אַלץ וואָס מען קען זעהען און בעגרייפען — פון איהם איז אַלץ אָבהענגיג און פון זיין ווילען ווערט אַלץ געפיהרט אַלץ, וואָס עס געשעהט אויף די וועלט,

געזעהט אונטער די השגחה און משפט פון גאָט.

די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען פון גאָט'ס רצון, אַלץ זאָל האַרמאָנירען אײנ'ס מיט'ן צווײטען; אַלץ זאָל וועלע בעדיענען און מיטהעלפען צו דער ענטוויקלונג און פערפאָל־קאָמונג פונ'ם צווײטען; אַלץ זאָל זיך בעציהען מיט ליעבשאַפט און גוטסקייט, אײנער צום אַנדערען. דען עס איז נישטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל זיך נישט נויטיגען אין אויך העלפען צו דער ענטוויקלונג און עקזיסטענץ פון די וועלט; עס איז נישטאָ קיין לעבעדיגע בעשעפעניש, וואָס זאָל נישט ערנעהרען דעם צווייטען; די אונבעוועגליכע ברואים, אויך זיי טהון אײנע די אנדערע ערנעהרען:

די געוויקסען זויגען — פון דער ערד; די מינעראַלען; שטיי־נער און מעטאַלען — פון די ערד; די ערד אליין — פון איהרע וואַסער־קוואַלען און פון די רעגען'ס; די לעבעדיגע ברואים — פון די געוויקסען.

און איבער אַלע, איז געשטעלט געוואָרען דער מענש, אַלס דער העכסטער אָנפיהרער, וועלכער איז פעהיג צו פער־שטעהען די אײגענשאַפטען פון די בעזונדערע טײלען אין דער וועלט־בריאה. ער דאַרף אויך וויסען, ווי צו האַרמאָנירען און לײטען, די גוטסקייט וואָס ליעגט אין דער בריאה: דער הונ־געריגער — דאַרף בעקומען עסען, אַ קראַנקער — הילף און אַזוי ווייטער, יעדען פערהיטען פון אַ דראָהענד געפאַהר.

און אַ סך שכר און פערגיטיגונג, האָט דער מענש אין אויסזיכט פאַר זײנע פערדיענסטען וואָס ער מיהט זיך אויף די וועלט — דאָס האָט איהם גאָט פערשפראָכען צו געבען שפעטער, ווען ער וועט פערענדיגען זײנע יאָהרען און זײן ארבייט אויף די וועלט (עולם הבא).

די מענשען אָבער — טהון אַ סך מאָל פערגעסען זייער אמת'ן צוועק צו וועלכען זיי זענען בעשאַפען. זיי טהון אויס־ניצען דאָס גוט'ס אויף דער וועלט, נור פאַר די קלײנליכע און

פערבייגעהענדע געברויכען און גענוסען. זיי האָבען זיך גענומען צו אייגענע וועגען; זיי האָבען זיך גענומען צו רוהם און צו כבוד, וואָס עס פיהרט אויך די מענשען צו שנאה און מחלוקת׳ן, קנאה און אלערליי שלעכטע געוואוינהייטען. דעריבער ווערען זיי געשטראָפט און פערלירען, דאָס וואָס זיי האָבען אייגענטליך געדאַרפט פערדינען. און גאנץ, קען נור בלייבען דער מענש, וואָס זיין לעבען איז גערעגעלט און נאָרמירט דורך פעסטע פרינציפען, אַזעלכע וואָס שטימען מיט די געטליכע פאָרשריפטען (תורה) צו די מענשען. און עס מוזען קומען די אויסגעצייכענטע מענשען, אַזעלכע וואָס האָבען זיך דערהויבען העכער פון אַלע מענשען אויף די וועלט, זיי האָבען זוכה געווען צו דערגעהען דעם ריכטיגען צוועק און די ריכטיגע לעהרע פאַר די מענשען. זיי האָבען אויך זוכה געווען צו הערען די געטליכע שטים (נבואה) וואָס טהוט די מענשען אָנווייזען און לערנען, וואָס זיי האָבען צו טהון, בכדי צו קומען צו זייער ריכטיגען צוועק.

די מענשען זענען זיך צופאַלען אין בעזונדערע נאַציעס און פעלקער (דור הפלגה). עס איז מעהר נישטאָ די קראַפט, וואָס זאָל אַלעמען פעראייניגען, דעריבער דאַרף יעדעס פאָלק זוכען צו זיין, דאָס וואָס עס האָבען פריהער בעדאַרפט זיין אַלע מענשען,—פון דעם פאָלק זאָלען זיך אַלע פעלקער אָבלערנען.

און אזוי לערנט אברם זיינע קינדער, צו זוכען דעם וועג ווי צו ווערען דאָס פאָלק וואָס האָט איבערגענומען די אויפגאַבע, צוליעב וועלכען די מענשען זענען בעשאַפען געוואָרען. מעג עס זיין פערבונדען מיט פיין און ליידען, מעג עס זיין פערבונדען מיט די שווערסטע בעדינגונגען אין לעבען, זאָלען עס אָבער אברם׳ס קינדער און אנהענגער פערנעהמען מיט ליעבשאפט, מיט פערשטאַנד פאַר די זאַך צוליעב וועלכער זיי ליידען.

**אברם׳ס תלמידים** צייכענען זיך אויס מיט אָט די מדות: א) עין טובה (בעגנוגען זיך מיט אייגענ׳ס, און נישט גלוסטען קיין פרעמד׳ס); ב) רוח נמוכה (זעהען די אייגענע נידריגקייט און

ניך נישט גרויסען איבער'ן צווייטען); און, ג) נפש שפלה (צוריק-האַלטען זיך פון איבריגעס-לוקסוס) (אבות ה').

די **תורה**, וואָס איז שפּעטער איבערגעגעבען געוואָרען פון גאָט, דורך משה רבינו, צו יודען – האָט אברהם אבינו געוואוסט און איהר געהיטען. ער האָט אויך דער ערשטער איינגעפיהרט די טעגליכע תפלה (שחרית) וואָס יעדער יוד דאַרף דאַווענען. (יצחק אבינו – מנחה; יעקב — מעריב).

**דער כריתת ברית.** ווען אברהם אבינו איז אַלט געוואָרען זיעבציג יאָהר (שוין 15 יאָהר ווי ער האָט געוואוינט אין ארץ-ישראל) האָט גאָט איהם פערזיכערט אַז דאָס גאַנצע לאַנד ארץ-ישראל בלייבט אַ אייביגע ירושה צו אברהם'ס קינדער (אין אברהם'ס צייט האָבען די כנענים פערנומען דאָס לאַנד און געצווינגען די בני שם, זיי זאָלען אַרויסגעהען און זיך בעזעצען אין די שכנות-דיגע לענדער. יענע בני שם, האָבען זיך שפּעטער פערמישט מיט די איבעריגע פעלקער, און נור די יודען בני אברהם, יצחק ויעקב, זענען געבליבען די איינציגע וואָס האָבען זיך מיט קיינעם נישט פערמישט און אָבגעהיטען זייער שטאַם).

**דער גלות,** חאָטש אברם האָט בעקומען די פערזיכערונג, דאָס זיינע קינדער וועלען אויף אייביג ירשה'נען דאָס לאַנד ארץ-ישראל, האָט מען איהם אָבער פון הימעל באַלד אָנגעזאָגט אויך דאָס אַז זיינע קינדער וועלען מוזען ליידען גלות, געפּייניגט ווערען אין פרעמדע לענדער, און לאַנגע צייטען זיין אונטערדריקט ביי פרעמדע נאַציאָנען און פעלקער. (דער גורל פון יודען איז עס געווען, צו זיין דער מוסר השכל פאר אלע פעלקער. דער מענש וואָס טהוט אויסנוצען זיין ממשלה איבער די שוואכערע ברואים וואָס זענען איהם אונטערוואָרפען, ער רעכענט אַז זיינע אַלע ווערקען זענען בלויז פון זיין קראַפט און זיין העכערער פערשטאַנד, דאַמיט ווערט ער נור קלענער, ער זוכט נישט צו פערבעסערען זיינע מדות און פעראיידלערען זיין מהות (וועזען) ווייל ער האַלט זיך פאַר'ן פער-פאָלקאָמסטען אין דער בריאה. די יודען אַלזאָ, זיי מאָהנען עס דעם

חוב ביי די מענשען-אונטערדרוקער און זיי דאַרפען עס זיך לייטערן, בכדי צו דערגרייכען די מדרגה און די צייט ווען די מענשען וועלען ווירקליך זיין דאָס, וואָס זיי זענען בעשטימט צו זיין אין דער וועלט בריאה.)

דער ערשטער גלות (אין מצרים) איז בעשטימט געוואָרען אויף א צייט פון 410 יאָהר, דערנאָך ווערען זיי בעפרייט (גאולת מצרים), קומען צו קבלת התורה (מעמד הר סיני), און ירש'נען דאָס לאנד (ביאת הארץ). זיי ווערען אָבער שפּעטער פערטריבען צוויי מאָל פון דאָרט און קומען ווידער אין גלות (גלות בבל און גלות רומי) דאָס לעצטע מאָל דויערט דאָס גלות לאנג און האָט נישט קיין בעשטימטען טערמין — ביז עס קומט די צייט פון דער אייביגער און ערוואַרטערטער גאולה.

**אברם איז כנען.** חאָטש די כנענים האָבען פערנ'ן א"י דאָך האָט קיינער נישט געשטערט אברם'ן, וועלכער האָט דאָרט געוואוינט אין עטליכע ערטער. ערשט זיין זוהן יצחק האָט זיך אָנגעהויבען פיהלען ווי א פרעמדער (די גלות צייט פון 410 יאָהר, הויבט זיך אָן רעכענען, זייט יצחק איז געבוירען געוואָרען. אברם'ס איייניקעל, יעקב מיט זיינע קינדער האָבען זיך שוין אינגאנצען איבערגעצויגען קיין מצרים — (זעה ווייטער).

**אברם'ס בעציהונג צו די אָרטיגע איינוואוינער.** חאָטש אברם האָט געהאט די פערזיכערונג, אז דאָס לאנד געהער זיינע קינדער, און חאָטש די כנענים האָבען זיך בעצויגען צו אברם'ן מיט'ן גרעסטען רעספּעקט, האָט ער דאָך פערשטאנען צו שעצען דאָס רעכט פון כנען'ס פּריוואט-אייגענטום, און צווישען אנדערע איז חאראקטעריסטיש צו דערמאנען, דאָס וואָס די תורה דערצעהלט אז אברם'ס בהמות, ווען מ'האָט זיי געפיהרט דורך א פרעמדען געגענד, האָבען געטראָגען שלעסער אויף די מיילער, זיי זאָלען נישט עסען פון פרעמדע פעלדער. דאגעגען לוט, (אברם'ס שוואָגער א ברודער'ן זוהן) וועלכער האָט געוואוינט צוזאמען מיט אברם'ן — (ער האָט זיך געהאלטען פאר אברם'ס יורש, ווען אברם האָט נאָך

נישט געהאט קיין קינדער), זיינע בהמות זענען געפיהרט געווארען איבער פרעמדע פעלדער. דאס איז אייך געווען א סיבה צוליעב וואס אברם מיט לוט'ן האבען זיך געמוזט צושיידען איינער פון אנדערען. אברם האט נישט געוואלט זיך אריינלאזען אין קיין סכסוכים מיט די כנענים, און ער האט אויך געהאלטען פאר א אונרעכט לוט'ס פיהרונג.

**אברם'ס ווייב,** שרה איז געווען א טאכטער פון הרן — אברם'ס ברודער וועלכער איז פערברענט געווארען אין קאלך־אויבען אויפ'ן בעפעהל פון נמרוד'ן (זעה אויבען).

**אברם אין מצרים.** ווען אברם איז אלט געווארען 75 יאהר איז אין לאנד כנען געווען א שטארקער הונגער און אברם האט בעשלאסען ארויסצופאהרען פון לאנד אויף די צייט וואס דער הונגער וועט דארט זיין. (דאמיט האט אברם געוואלט אויסמיידען די מעגליכע שנאה וואס האט געקענט אויסברעכען צווישען די כנענים צו אברם'ן און צו זיין ישוב, וועלכע זענען אזוי שארף ארויסגעטרעטען געגען די געצענדינעריי — דעם אויפגערעגטען המון איז לייכט אויפצורייצען — (תולדות יצחק).

אויפ'ן וועג פון ארץ ישראל קיין מצרים, **איז ביי זיי** געבליבען אויסצובעהאלטען שרה'ן, אברם'ס ווייב, פון די מצרים, און בכדי זי זאל נישט בעמערקט ווערען ביי דער גרענעץ וואו מ'קומט אן אין לאנד, האט אברם געלאזט אויספארטיגען א ספעציעלען קאסטען ווי שרה האט זיך בעהאלטען. ביי דער גרעניץ אבער, האט מען געפאדערט אברם זאל אבצאהלען צאל פון זיינע סחורות, צוליעב וועלכען ער האט געמוזט עפענען אלע געפעק. דעם קאסטען אבער, אין וועלכען שרה איז געווען בעהאלטען, דעם האט ער נישט געוואלט עפענען, דערפאר האט אברם פארגעלעגט צו בעצאהלען וואס עס קאן קומען פון די טייערסטע סחורות. די מצריים זענען געווארען שטארק אויפפאלענד פון אברם'ס מורא צו עפענען דעם קאסטען, פון וועלכען זיי האבען מעהר נישט געוואלט אבטרעטען. דערזעהענדיג שרה'ן האט די

ברענגיק־וואך בעשלאָסען אָבצופיהרען איהר אין קעניגליכען פּאלאץ, און זי איז געשטעלט געוואָרען אין רשות פון פּרעה מלך מצרים. דאביי האָט אברם אָנגעגעבען, אז שרה איז זיינס א שוועסטער — אויס מורא מען זאָל איהם נישט הרגענען.

און א מלאך פון גאָט האָט זיך בצוויזען צו שרה׳ן, ווען זי איז געווען אין קעניגליכען פּאלאץ, דער מלאך האָט איהר בערוהיגט און פערזיכערט, דאָס עס וועט איהר קיין שלעכטס נישט געשעהען.

דעם זעלבען אָווענד, זענען אלע אין קעניגליכען פּאלאץ, ווי אויך דער מלך פּרעה אליין — אלע זענען קראנק געוואָרען. עס איז געוואָרען א גרויס געוואלד. די זאך האָט ארויסגערופען שרעק און פערוואונדערונג, און פּרעה האָט גענומען טראכטען, אז דאָס איז זיכער א שטראָף, פאר דעם וואָס די פרוי שרה איז פערהאלטען געוואָרען. פּרעה פרעגט שרה׳ן ווער זי איז, און וואָס אברם איז איהר׳ס? שרה ערקלערט איהם, אז זי איז אברם׳ס ווייב, און אז ער ווערט טאקע געשטראָפט צוליב איהר, ווייל אברם איז פערזיכערט געוואָרען פון גאָט, דאָס עס וועט איהם קיין שום שלעכטס נישט געשעהען אויף זיין וועג. פּרעה האָט זיך שטארק דערשראָקען און געלאָזט רופען אברם׳ן, איהם איבער־געבעטען און אוועקגעשיקט זיי, אברם׳ן מיט שרה, און זיי געגע־בען א סך מתנות.

**אברם נעמט הגר׳ן פאַר אַ ווייב.** ווען אברם איז אַלט געוואָרען 85 יאָהר, האָט שרה ביי איהם געפּועלט, ער זאָל נצה־מצן הגר׳ן, וועלכע איז געווען ביי שרה׳ן אין הויז — פאַר אַ ווייב. שרה איז נישט געווען פעהיג צו האָבען קינדער און זי האָט רחמנות געהאַט אויף אברם׳ן — זאָל ער חאָטש האָבען קינדער פון א צווייט ווייב.

ביי הגר׳ן איז געבוירען געוואָרען אַ זוהן ישמעאל (פון איהם רעכענען זיך די ישמעאלים און אַראַבער ביז׳ן היינטיגען טאָג).

אויף דער עלטער (נאָך שרה׳ס טויט) האָט אברהם געהאַט פון זיין ווייב קטורה — 6 זיהן, צווישען זיי אויך מדין פון וועל־

מען עס שטאמען די מדינים.

**אברם׳ס זוהן פון שרה.** ווען אברם איז אלט געוואָרען 99 יאָהר, האָט איהם גאָט ב״ה פערזיכערט, אז ער וועט האָבען אַ זוהן פון זיין ווייב שרה. פונ׳ם דאָזיגען זוהן וועט זיך ווייטער ציהען דער כסדר׳דיגער שטאַם פון יודען, וואָס וועלען איבערנעהמען א דור נאָך אַ דור, די מיינונג וואָס אברהם האָט איבערצוגעבען זיינע קינדער, און פון זיי וועט זיך עס בילדען דאָס יודישע פאָלק. אברם׳ס נאָמען ווערט איבערגעענדערט אויף אברהם, און שרי׳ס נאָמען אויף שרה (זי האָט פריהער געהייסען שרי).

**מצות מילה.** אין דער זעלבער צייט בעפעהלט גאָט אברהם׳ן וועגען דעם חוב פון אַ יוד, מל צו זיין יעדעס ניי געבוירענע יונגעל צו 8 טאָג. דאָס איז דער הימלישער צייכען מיט וועלכען די יודען זענען געשטעמפעלט, און וועלכער איז אַזוי חשוב און אַזוי הייליג ביי יודען.

אברהם אליין איז אַלט 99 יאָהר ווען ער איז זיך מל׳ע און זיין זוהן ישמעאל, 13 יאָהר (די מצות מילה ווילען נאָכטהון אויך די ישמעאלים, וועלכע זענען מל זייערע קינדער צו 13 יאָהר, פונקט ווי זייער שטאַם-פאָטער ישמעאל האָט זיך מל געווען. זיי טהון אָבער די מצות מילה אָהן פריעה, וועלכע איז ביי יודען גאָר קיין מילה נישט. נור די יודען היטען די מצות מילה אין איהר ווירקליכען געבאָט, צו 8 טעג ווען אַ יונגעל ווערט געבוירען).

דער טאָג וואָס אברהם האָט זיך מל געווען, איז אויסגעפאַלען אין יום-כפור, אינ׳ם טאָג וואָס דער גורל פון די מענשען ווערט בעשטימט פאַר׳ן קומענדען יאָהר: ווי עס זאָל זיי דערגעהן אַ גאַנץ יאָהר, אינ׳ם דאָזיגען טאָג טהוט מען אין הימעל שטענדיג געדענקען דעם זכות פאַר יודען, דאָס וואָס אברהם, זייער ערשטער שטאַם-פאָטער, האָט זיך מל געווען צו 100 יאָהר, אויפ׳ן פערלאַנג פון גאָט (פדר״א).

אברהם איז געווען דער איינציגער וואָס האָט זיך מל געווען מיט׳ן גוטען ווילען און מיט טיעפער ליעבשאַפט, צו ער-



פיעלען דעם געטליכען בעפעהל. די איבריגע אברהם׳ס מענשען און זיין זוהן ישמעאל, האָבען זיך אויך מל געווען, אָבער נור ווייל זיי האָבען עס אברהם׳ן נישט געקאָנט אָבזאָגען. דעריבער טאַקי איז קיינער פון זיי נישט געבליבען ביי שפּעטערע דורות אין יודענטום, א חוץ יצחק מיט זיינע קינדער, וועלכע ווערען אַלע גע׳מל׳ט צו 8 טעג פון זייער געבורט, ווי עס איז געווען דער געטליכער בעפעהל (ילקוט חדש).

**אברהם ביי דער גרעניץ פון פלשתים׳ גאַבדעם** ווי אברהם האָט געוואוינט אין חברון (א״י) 25 יאָהר, האָט ער זיך אריבערגעצויגען קיין גרר ביי דער גרעניץ פון פלשתים. אויך דאָרט האָט זיך געטראָפען מיט שרה׳ן דאָס זעלבע ווי אין מצרים: זי איז איבערגעפיהרט געוואָרען אין קעניגליכען פּאלאַץ, און אויך אבימלך ווערט באַלד געשטראָפט און ער דערוויסט זיך אַז דאָס איז צוליעב שרה׳ן. ער האָט באַלד געשיקט רופען אַברהם׳ן און איהם איבערגעבעטען.

אין גרר האָט אַברהם געוואוינט 26 יאָהר.

**יצחק׳ס געבורט.** ווען אַברהם ווערט אַלט 100 יאָהר און זיין ווייב שרה — 90 יאָהר, ווערט געבוירען זייער זוהן יצחק, וואָס עס האָט אַרויסגערופען אין דער וועלט די גרעסטע פערוואונדערונג. אַלע האָבען געוואוסט אַז שרה, קען קיין קינדער נישט האָבען, און דאָ איז געשעהען אַזאַ נס, זי האָט געהאַט אַ קינד, און צו 90 יאָהר — עס איז פערווירקליכט געוואָרען די פערזיכערונג פון גאָט צו אַברהם׳ן, אַז פון זיין ווייב שרה וועט ער האָבען דעם זוהן, פון וועלכען עס הויבט זיך אָן רעכענען די ווירקליכע אָבשטאַמונג פון יודישען פאָלק.

**ישמעאל ווערט פערטריבען.** שרה האָט אָנגעהויבען בעמערקען, אַז ישמעאל, אברהם׳ס עלטערער זוהן האָט אַ נייגונג צו שלעכטע זאַכען און זאָגאַר צו דיענען עבודה זרה. זי האָט איינגעזעהען אַז מען דאַרף יצחק׳ן אָבזונדערען פון ישמעאל׳ן, און זי האָט פאַרגעלייגט אברהם׳ן ער זאָל אוועקשיקען פון זיך

ישמעאל׳ן וועלכער איז שוין אַ דערוואַקסענער מענש. אברהם׳ן איז אמת אויך נישט געפעלען ישמעאל׳ס אויפפיהרונג און דערי־בער איז איהם נאָך וועניגער אָנגעשטאַנען דאָס אַוועקשיקען ישמעאל׳ן פון זיך; ביי אברהם׳ן אין שטוב וועט דאָך ישמעאל נישט אַזוי שטאַרק זיך דערווייטערען.

צווישען אברהם׳ן מיט שרה איז ענטשטאַנען אַ שטרייט־פראַגע איבער׳ן פראָבלעם וואָס מען טהוט מיט צוויי קינדער אין איין שטוב: אַ שלעכט קינד מיט אַ גוט קינד? זאָלען די עלטערען בלויז זאָרגען פאַר דער טובה פון גוטען קינד, פאַר וועלכען עס איז אמת שעדליך די נאָהנטקייט פון זיין שלעכטען ברודער—אָט דער לעצטער דאַרף אינגאַנצען דערווייטערט ווערען, אָהן שום ריקזוכט דערויף, וואָס די דערווייטערונג טהוט איהם אינגאַנצען בעדראָהען; אָדער מען דאַרף אויך פאַר׳ן שלעכטען קינד׳ס ערציהונג זאָרגען, ער קען נישט דערווייטערט ווערען פונ׳ם הויז און פון אונטער דער השגחה פון די עלטערען — אַי דאָס בעסערע קינד און זיין ערציהונג ווערט בעדראָהט פון דער שעדליכער ווירקונג פונ׳ם שלעכטען קינד, צי קען מען אָבער פערשטויסען איין קינד פאַר׳ן צווייטען?

ביז עס איז געקומען די ענטשיידונג פון דער פראַגע דורך אַ בעפעהל פון גאָט וועלכער זאָגט צו אברהם׳ן, אַז שרה איז גערעכט און איהר שיטה איז אויסגעהאַלטען, ווייל זי זעהט מיט אַ נבואה׳שען גייסט און זי איז זיכער, דאָס פון ישמעאל׳ן וועט קיין גוטס נישט אויסוואַקסען, דעריבער דאַרף מען ישמעאל׳ן דערווייטערען פון יצחק׳ן.

אברהם פאָלגט און שיקט אַוועק ישמעאל׳ן מיט זיין מוטער הגר, נאָכדעם ווי ער האָט זיי מיטגעגעבען שפייז און קליידונג אויפ׳ן וועג.

ישמעאל איז אויסגעוואַקסען און האָט געהאַט זוהן און טעכטער. זיי ווערען וואַנדערער אין דער מדבר, און בילדען שפּעטער אַ גרויס פאָלק.

אברהם האָט מעהר ישמעאל'ן נישט געזעהען, נור שפּעטער ווען אברהם האָט געוואוינט אין פלשתים איז ישמעאל מיט זיינע קינדער איינמאָל געקומען מיט אַ בעזוך צו אברהם'ן.

**דער קטרוג פון שטן.** און עס איז געווען אינ'ם טאָג ווען די מענשען ווערען געשטעלט פאַר'ן געטליכען משפט, אין ראש-השנה-טאָג, איז אויך געקומען דער שטן (אַ ספּעציעלער מלאך וואָס זוכט די מענשען צו פערשולדיגען פאַר גאָט) און ער הויבט אָן צו רעדען שלעכט'ס אויף די מענשען: „ווען בעטען זיי און ווען לויבען זיי דעם וועלט'ס-בעשעפער, ווען זיי דאַרפען און נייטיגען זיך אין אַ הילף" אַזוי וויל דער שטן אויך זאָגען אויף אַברהם'ן, אַז ער איז גוט און פרום, ווייל ער האָט געוואָלט אויסבעטען ביים הימעל זיין זוהן יצחק.

— און אַז גאָט וועט אַברהם'ן הייסען אומברענגען זיין זוהן יצחק, וועט ער אויך פאָלגען און נישט איבערטראַכטען, אַזוי ווייט דערגעהט די געטליכע אמונה און בטחון ביי אַברהם'ן — פרובט די מדת הרחמים אָבשפאַרען דעם שטן.

— אַדרבה — פרובט דער שטן ענטפערען — זאָל מען זעהען אַברהם'ס כח! און געגלויבט האָט דער שטן, אַז אַברהם וועט אָט דעם שווערען נסיון, נישט קענען איבערטראָגען.

און עס קומט דער בעפעהל פון גאָט צו אַברהם'ן, ער זאָל נעהמען זיין איינציגען זוהן יצחק'ן, איהם אַוועקפיהרען אויפ'ן באַרג מוריה (אין ירושלים), דאָרט איהם שחט'ן און ברענגען פאַר אַ קרבן צו גאָט.

אברהם טראַכט נישט איבער און פרעגט אויך נישט: ווי איז די געטליכע פערזיכערונג אַז פון יצחק'ן זאָלען עס אַרויסקומען די דורות וואָס וועלען בילדען דאָס בעשטימטע געטליכע פאָלק — די יודען? אַז יצחק וועט שטאַרבען אָהן קינדער, ווי אַזוי וועט ער עס זיין דער פאָטער פון יודישען פאָלק? אברהם קלוגט זיך אָבער נישט איבער גאָט'ס בעפעהל: אַז מען הייסט דאַרף מען פאָלגען און ער נעמט זיך שנעל איבערפיהרען דעם געטליכען פער-

לאַנג.

ווי מאַכט מען אָבער מיט זיין מוטער שרה, צי וועט זי קע־נען איבערטראָגען אַזאַ צער, זעהען ווי איהר איינציגער געליעבטער זוהן זאָל אין זיינע יוגענד־יאָהרען אומקומען?

און אברהם זאָגט איהר, אַז ער וויל יצחק'ן אַוועקפיהרען צו שם ועבר'ן אין בית־המדרש, דאָרט זאָל ער לערנען און זיך פער־פאָלקאָמענען אין זיין לצהרע. שרה'ן איז עס אַפילו נישט צום הארצען, אַוועקצושיקען איהר איינציגען געליעבטען זוהן אין דער פרעמד, וואָס קען זי אָבער טהון, לערנען איז דאָך פאַר אַלעם — און זי בעשליעסט זיך דערויף.

אויף צו מאָרגען פריה, האָבען זיי זיך געלאָזט אין וועג אַריין, און האָבען אויך מיטגענומען אַלע מכשירים צו ברענגען אַ קרבן: אַ שחיטה־מעסער, האָלץ אויף פייער מאַכען א. אַ.

אויפ'ן וועג צום הר המוריה, האָט יצחק בעמערקט, אַז זיין פאָטער אברהם האָט זיך פערזאָרגט מיט אַלע נויטיגע מכשירים צו ברענגען אַ קרבן, האָלץ, אַ שעכט־מעסער א. א. איז דאָך אַ סימן דאָס ער רעכענט, אַז אויפ'ן וועג וועט מען עס נישט בעקומען, און ווי איז דער קרבן זעלבסט, ועמען וועט דאָס אַברהם אויפברענ־גען פאַר אַ קרבן? אברהם נעהמט יצחק'ן ארויס פון פערלעגענ־הייט און ערקלערט איהם, אַז אייגענטליך האַנדעלט זיך עס וועגען יצחק'ן זעלבסט, ער איז דאָס געוואָרען הייליג, נאָך גאָט'ס בעפעהל, אַז יצחק איז ראוי צו זיין אַ קרבן.

און זיי זענען ביידע ווייטער געגאַנגען מיט'ן פעסטען בעשלוס צו ברענגען יצחק'ן פאַר אַ קרבן; אַז די גאַנצע וועלט איז בעשאַפען געוואָרען אונטער גאָט'ס פערלאַנג און השגחה; אַז די מענשען דאַרפען עס געדענקען און זיך תמיד גרייטען צו זייער אויפגאַבע— און איז דען נישט דאָס דער בעסטער קרבן, ווי מענשען זענען גרייט זיך מוסר נפש צו זיין, מיט'ן לעבען צו אָפפערען, אַבי צו טהון דעם פערלאַנג פון גאָט? און — זיי געהען ביידע צום צוועק, וואָס זיי האָבען יעצט צו דערגרייכען.

דער שטן, איהם איז עס נישט צו דער הנאה, דאָס וואָס אברהם מיט יצחק'ן געהען טאַקי אויף אַ אמת, אויף מסירת נפש פאַר גאָט. האָט ער דען דאָס געוואָלט בעצוועקען, אַז אברהם'ס מיט יצחק'ס זכותים אין הימעל זאָלען נאָך גרעסער ווערען? ער האָט דאָך נור אויסגערעכענט דערויף, אַז זיי וועלען נישט זיין אומשטאַנד, זיך מיט'ן לעבען צו אָפּפערען.

און יעצט?

דער שטן בעשליסט צו זוכען אַלע עצות און מיטלען בכדי צו שטערען און אָבצושרעקען אברהם'ן מיט יצחק'ן פון זייער דרייסטען און מסירת-נפש'דיגען שריט.

צו ערשט קומט ער צו אברהם'ן אין געשטאַלט פון אַ אַלטען מאַן*) און זוכט מיט איהם צו פערפיהרען אַ פריינדליכען שמועס ביז ער קומט אויף דעם שרעקליכען טהאַט וואָס אברהם געהט טהון, ברענגען יצחק'ן פאַר אַ קרבן. שפּעטער בעווייזט זיך דער שטן אין געשטאַלט פון אַ יונגערען מענש, וואָס וויל דוקא אויפקלערען יצחק'ן אַז עס איז אַ אונרעכט צו לאָזען זיך שחט'ן.ביידע, אברהם מיט יצחק'ן האָבען איהם אָבגעפּטר'ט און נישט געלעגט קיין אַכט אויף די ווערטער וואָס האָבען נור דעם צוועק, אָבצופיהרען דעם מענש פון גאָט'ס וועג.

דער שטן שטעהט אָבער נישט אָב פון זיין אַרבייט, און ער האָט אויף אַ קינסטליכען אופן ארויסגערופען אַ וואַסער אויפ'ן וועג וואו זיי געהען ווייטער. אברהם ערקלערט יצחק'ן אַז דאָ איז קיינמאָל נישט קיין וואַסער, און זיי געהען ווייטער ביז זיי קומען ביז'ן האַלז אין וואַסער און עס האָט געדאַכט אַז זיי טרינקען זיך.

דאַן האָט אברהם אָנגעהויבען מונטערען יצחק'ן, אַז ער ווייס זיכער דאָס אויף דעם אָרט איז קיין שום וואַסער

*) אויך אַ מלאַך, אַז ער קומט אויף דער וועלט, פערקליידעט ער זיך אין אַ געשטאַלט, וואָס אַ מענש קען איהם זעהן (ילקוט חדש).

נישטאָ און אַז אַלץ איז נאָר די ארבייט פון שטן וועלכער וויל די מענשען אָבשרעקען, און מ'דאַרף זיך נאָר האלטען פעסט, בלייבט ער אָהן אַ שום ווירקונג איבער די מענשען.

און אַזוי איז טאַקע געווען. דער שטן האָט זיך דערשראָקען פון אַברהם'ס דרייסטקייט און ער איז שנעל פערשוואונדען.

**אויפ'ן דריטען טאָג,** זייט זיי זענען אוועק פון דער היים, האָבען אברהם מיט יצחק'ן דערזעהען אַ פייער-זייל, וואָס האָט געשיינט אויפ'ן הר המוריה (דאָס אָרט וואו דאָס בית המקדש איז שפּעטער געשטאַנען) און זיי האָבען זיך שנעל דערנעהענטערט צו דעם אָרט, וואָס עס איז בעשטימט פאַר מקריב זיין קרבנות.

**ביים הר המוריה,** האָט אברהם ווידער פערפיהרט אַ שמועס מיט יצחק'ן: וואָס ער טראַכט וועגען זיין בעשטימונג אַלס קרבן? יצחק איז אָבער פול מיט שמחה, וואָס ער האָט דערלעבט אַזאַ מאָמענט: ער קען מיט זיין לעבען, פערהערליכען גאָט'ס נאָמען און עפענטליך בעווייזען די וועלט, ווי אַ מענש דאַרף דיענען גאָט און זיינע בעפעהלען.

אברהם נעהמט בויען דעם מזבח, אויף וועלכען יצחק ווערט אויפגעבערענגט און ער איז שוין גרייט צו שחט'ן זיין זוהן.

דאָ אָבער בעווייזט זיך דער כבוד פון גאָט וועלכער רופט אברהם'ן, אַז ער דאַרף נישט זיין זוהן, יצחק'ן, שחטן; ווייל, שוין מיט דעם אַליין וואָס ער האָט איהם אויפ'ן מזבח געבראַכט, מיט'ן פעסטען בעשלוס זיך צו אָפּפערען פאַר ערפילען גאָט'ס וואָרט, דאַמיט האָט ער דעם גרעסטען קרבן געבערענגט און בעוויזען די מסירות-נפש'דיגקייט, וואָס אברהם מיט זיין זוהן יצחק האָבען אין זיך פאַר עבודת ד'.

**אַ באַראַן (איל) אַנשטאַט יצחק'ן.** אברהם דערזעהט, ווי עס לויפט אָן אַ באַראַן, וועלכער רייסט זיך מיט אַלע כוחות צום אָרט ווי אברהם האָט געשטעלט דעם מזבח צו ברענגען אַ

קרבן, און ער האָט פארשטאַנען אַז אַזוי האָט בעדאַרפט זיין: אברהם מיט יצחק'ן זאָלען זיין גרייט זאָגאַר זיך זעלבסט צו אָפּ-פערן פאַר'ן רצון פון גאָט, טויטען אָבער קיין מענש טאָר מען נישט, און דעריבער האָט ער אויך יעצט געבּרענגט דעם איל פאַר אַ קרבן און זיי האָבען געבעטען, דאָס דער קרבן זאָל אויפגענו-מען ווערען פון גאָט, פונקט ווי יצחק זעלבּסט וואָלט געווען דער קרבן.

(אָט דאָס איז אויך צווישען די טעמים, וואָס מיר קענען בעגרייפען, פון די קרבנות וואָס ווערען געבּרענגט פאַר גאָט. דען אייגענטליך, דאַרף דער מענש שטענדיג זיין גרייט זיך זעלבסט מקריב צו זיין, דאַמיט דאַרף ער בעווייזען זיין קליינליכקייט געגען דער געטליכער גרויסקייט און הויכקייט. ווייל אָבער מען טאָר קיין מענש נישט אומברענגען ווערט דער בהמה-קרבּן די אָבלייזערין פון מענש, און עס פעהלט נור די מענשען-מחשבה וואָס איז ביי אַ בהמה נישטאָ. דעריבער איז אַ קרבן נור רעכטפאַרטיג, ווען דער מענש בעטראַכט זיך בעת'ן קרבן וואָס ער ברענגט, אַז דאָס זעלבע וואָס עס געשעהט מיט דעם בהמה-קרבן, וואָלט מיט איהם בעדאַרפט געשעהען, נור דאָס רחמנות פון גאָט אויף די מענשען-ברואים, האָט פערבאָטען שפיכת-דמים און מען טאָר דעם מענש קיינמאָל נישט אומברענ-גען, זאָגאַר צו זיי העכסטע צוועקען).

**דער שטן איז זיך נוקם אין שרה'ן.** ווייל ער האָט גאָרנישט אויסגעפיהרט ביי אברהם'ן מיט יצחק'ן, וועלכע זענען פיעל חשוב'ער געוואָרען נאָכ'ן גרויסען נסיון פון דער עקידה,— איז ער, דער שטן, געלאָפען שנעל צו שרה'ן און ער האָט גע-איילט צו קומען, נאָך איידער אברהם מיט יצחק'ן קומען אַהיים.

שרה האָט נאָך אַלץ גערעכענט, אַז איהר זוהן יצחק איז מיט'ן פאָטער געגאַנגען צו שם ועבר'ן לערנען, דען אזוי האָט איהר אברהם איינגערעדט (זעה אויבען) און דאָ קומט צו איהר אַ אַלטער מאַן (דער שטן וועלכער איז געקומען אין אזא געשטאַלט).

און דערצעהלט שרה׳ן, אז אברהם האָט געברענגט יצחק׳ן פאר א קרבן. ער ענדיגט קוים זיינע ווערטער און ווערט באלד פארשוואונדען. שרה איז שטארק דערשראָקען פון אָט די שרעקליכע בשורה. זי לויפט מיט א ביטער געוויין אויפן וועג וואָס פיהרט קיין חברון; זי פרעגט אלע דורכגעהער, צי זיי האָבען נישט עפּעס א ידיעה פון איהר מאן און זוהן. זי קומט אויך צום שם ועבר׳ן, אָבער קיינער האָט נישט קיין שום ידיעה פון די לעצטע טעג און קיינער האט אברהם׳ן מיט יצחק׳ן נישט געזעהען.

פלוצלינג ערשיינט פאר שרה׳ן ווידער אַמאָהל דער שטן און ערקלערט איהר אַז עס איז געווען אַ פאַלשע ידיעה; אַז מען האָט יצחק׳ן נישט געשחט׳ן און ער לעבט. שרה ווערט איבערראַשט פון שמחה, און פון דער פלוצלינגער בשורה וואָס איז איהר געקומען אין אזא אויפגערעגטען צושטאנד, איז איהר די נשמה אויסגעגאנגען און זי איז געשטאָרבען אין עלטער פון 127 יאָהר.

אברהם מיט יצחק׳ן קומען אַ היים און טרעפען דאָס אומגליק. עס ווערט אַ גרויס געוויין איבער׳ן טויט פון דער צדיקת׳דיגע שרה, און נאכהער נעהמט זיך אברהם זוכען א פלאץ פאר קובר זיין ווייב שרה.

**די מערת המכפלה**, דאָס אָרט (אין חברון — א״י) ווו עס געפונען זיך די קברים פון אדם מיט זיין ווייב חוה, אברהם מיט שרה, יצחק מיט רבקה און יעקב מיט לאָה, האָט אין אברהם׳ס צייט געהערט צו א געוויסען עפרון פונ׳ם פירשטענטום חת פון די כנענים. דאָרט איז דאן געווען בלויז דער קבר פון אדם מיט חוה׳ן. אברהם האָט אָט די הייל געוואָלט פאר זיך אלס א פאמיליען-גרוב. די חתים האָבען געהאט א געזעץ, דאָס קיין פרעמדער, א נישט-כנעני, האָט נישט דאָס רעכט צו האָבען א אייגענעם פאמיליען-גרוב נור בעקומט א קבר אויפ׳ן אלגעמיינעם בית-הקברות. אברהם איז דאָך אָבער געווען א חשוב ביי די כנענים און זיי אליין האָבען געזוכט א עצה ווי נאכצוקומען

דעם פערלאנג פון אברהם׳ן

דער סוף איז געווען אז אברהם האָט געקויפט דעם גאנצען פלאץ ארום דער מערת המכפלה נישט ספעציעל פאר א קברות און ער האָט גוט בעצאָהלט פאר דער קניה. דערנאָך אז ער האָט שוין געהאט דעם גאנצען פלאץ, האָט אברהם שוין מיט דער מערת המכפלה אויך געקאָנט טהון וואס ער האָט געוואָלט און ער האָט דאָרט בעגראָבען זיין ווייב שרה.

(ווען אברהם האָט געקויפט די מערת המכפלה, האָט ער די יבוסים (א פירשטענטום פון די כנענים) געמוזט פערזיכערען מיט א שבועה, דאָס די יודען וועלען בעת זייער צוריקקומען קיין א״י, נישט איינגעהמען דאָס יבוס-פירשטענטום דורך אַ מלחמה. די יבוסים האָבען די דאָזיגע שבועה אויסגעקריצט אויף שטיינערנע טאָוולען, וועלכע זענען אָוועקגעשטעלט געוואָרען אין דער שטאָדט יבוס. שפעטער ווען די יודען זענען דאָס ערשטע מאָל צוריקגעקומען קיין א״י, האָבען זיי טאַקי נישט אבגענומען דעם יבוסי, צוליעב אָט דער שבועה און אַ לאַנגע צייט האָבען די יבוסים זיך געלעבט רוהיג אין א״י. אויך אין דוד׳ס צייטען, ווען ער האָט אַלע פרעמדע עלעמענטען פערפאָלגט, האָט ער דאָך ביים יבוסי אָבגעקויפט זייער׳ס אַ נחלה (דעם גורן ארונה) פאַר 600 טאָלער און נישט געוואָלט נעהמען עס אומזיסט — (פדר״א).

(לויט דער מסורה, איז דאָס אָרט ווי דוד המלך און זיין זוהן שלמה האָבען געשטעלט דעם מזבח פאַר׳ן בית המקדש, אין דער נחלה וואָס דוד האָט אָבגעקויפט ביי ארונה היבוסי — אַז דאָרט האָט אדם הראשון געשטעלט אַ מזבח און אויפגעבּרענגט קרבנות, אויך קין מיט הבל׳ן האָבען דאָרט זייערע קרבנות געבּרענגט. נח, ווען ער איז אַרויס פון די תיבה, האָט אויך דאָרט געשטעלט אַ מזבח און אויפ׳ן זעלבען פלאַץ האָט אברהם געשטעלט דעם מזבח אויף וועלכען ער האָט געבּרענגט יצחק׳ן אויף דער עקידה — רמב״ם.)

**יצחק ביי שם ועבר.** נאָך שרה׳ס טויט, שיקט אברהם יצחק׳ן צו שם-ועבר לערנען, אויף אַ צייט פון דריי יאָהר. ווען

יצחק איז צוריקגעקומען פון שם־ועבר, איז ער אַלט געווען 40 יאָהר.

**יצחק'ס חתונה.** ווען יצחק ווערט אַלט פירציג יאָהר, דריי יאָהר נאָך דער עקידה, נעמט ער פאר א ווייב, רבקה'ן, א טאָכטער פון בתואל הארמי, נחור'ס א זוהן. אברהם האָט נישט געוואָלט יצחק זאָל זיך משדך זיין מיט די כנענים און ער רופט זיין פערטרויליכען דיענער אליעזר און איהם בעשוואוי־רען צו געהן צו נחור'ס קינדער און פון דאָרט טהון א שידוך פאר יצחק'ן.

אליעזר קומט קיין פדן ארם און ער זעצט זיך מיט זיי־נע קעמלען ביי דער וואסער־ברונעם (פערצייטענס איז געווען איינגעפיהרט דאָס די יונגע קינדער פלעגען געהן צום ברונעם נאָך וואסער), דאָרט האָט ער ערוואַרטעט איינע פון די טעכ־טער וועלכע ער זאָל זעהען א פאַסענדען שידוך פאַר יצחק'ן.

און אליעזר מאַכט זיך א סימן, אויב די בעשערטע איז וועט אריינצוקומען אין אברהם'ס הויז וואָס שם'ט אַזוי מיט דער מידה פון הכנסת אורחים (ביי אברהם'ן האָבען אַלע דורכ־געהער בעקומען צו עסען און טרינקען אָהן שום געצאָהלט); פונ'ם מיידעל וואָס ער וועט בעגעגענען, וועט ער בעטען א טרונק וואסער און ער וועט זעהען, ווי אַזוי זי בעציהט זיך צו א צווייטען מיט'ן העלפען איהם שטילען דעם דורשט.

צום וואַסער איז געקומען רבקה, בתואל'ס טאָכטער, ווענען אליעזר געהט אויספרובען מיט'ן פערלאַנגען א טרינק, נאָך איי־דער זי האָט געשעפט וואַסער פאַר זיך. זי ענטפערט איהם אָבער גלייך מיט א הארציגער מינע און זי הייסט איהם טרינ־קען, אויך די קעמלען וועט זי אָנטרינקען.

רבקה געפעלט שטאַרק אליעזר'ן, וועלכער קומט צו בתואל'ן אין הויז איבערערדען מיט רבקה'ס פאַמיליע וועגען דעם שידוך מיט יצחק'ן

און רבקה געהט מיט אליעזר'ן קיין חברון, וואו זי האָט שפּעטער חתונה מיט יצחק'ן.

דריי יאָהר האָט יצחק געטרויערט נאָך זיין מוטער שרה, ביז ער האָט דערזעהען, אַז זיין ווייב רבקה צייכענט זיך אויס מיט די זעלבע מדות וואָס זיין מוטער, דאָס האָט איהם עט־וואָס געטרייסט.

**אברהם ווערט אַלט.** אברהם איז דער ערשטער מענש אויף די וועלט, וואָס אויפ'ן פּנים דערקענט מען די עלטער. פאַר אברהם'ן האָט אַ מענש ביז'ן לעצטען טאָג פון זיין לעבען זיך נישט געענדערט אויסערליך. האָט אברהם פערלאַנגט פון גאָט און געזאָגט, אַז די מענשען דאַרפען וויסען ווער עס איז עלטער און ווער עס איז יונגער, בכדי צו וויסען ווען צוויי מענשען געהען אין גאַס, וועמען מעהר מכבד צו זיין, און אברהם איז טאַקי געוועזען דער ערשטער, ביי וועמען די סמנים פון עלטער האָבען זיך בעוויזען (ילקוט חדש).

**אברהם'ס לעצטע טעג.** האָט ער זיך גענומען בעפעהלען זיינע קינדער און זיי אָנגעזאָגט צו געהען אינ'ם וועג פון דער געטליכער תורה. ער האָט זיי אויך ערקלערט, אַז די פערזיכערונגען און די ברכות וואָס ער אברהם, האָט בעקומען פון גאָט וועלען זיכער איבערגעהען צו יצחק'ן וועלכער איז אויך בעשטימט צו זיין פון די אבות פון פאָלק ישראל. די אַנדערע קינדער בעקומען פון אברהם'ן אַ טייל פון זיין פערמעגען און זיי פערלאָזען אברהם'ס הויז, וואָס געהט איבער בלויז צו יצחק'ן. אויך דעם קויפ'ס־שטר פון דער מערת המכפלה, נעהמט איבער יצחק.

און אברהם איז געשטאָרבען אין עלטער פון 175 יאָהר, און איז בעגראָבען געוואָרען אין דער מערת המכפלה — אין יאָהר 2123 זייט בריאת עולם (אברהם האָט דערלעבט ביז זיין אייניקעל יעקב איז אַלט געוואָרען 15 יאָהר).

---

# יִצחק

## (ב׳מ״ח — ב׳רכ״ח)

יִצחק׳ס געבורט־טאָג איז געווען 15 טאָג אין ניסן און ער האָט געלעבט 180 יאָהר ביז 2228 זייט בריאת־עולם. אַ חוץ די פעסטע און ריינע געטליכע אמונה, וואָס יצחק האָט פון קינדהייט שוין ערלערנט ביי זיין פאָטער אברהם, האָט זיך יצחק אויסגעצייכענט אין דער מדה פון יראה, און זיין גרויסקייט אין יראה איז צו בעוואונדערען אויך פון דעם, וואָס ער האָט זיין גאַנץ לעבען זיך נישט געשראָקען פאַר קיין שום זאַך (זאָגאר דאָס שטעלען זיך אין געפאַהר זיין לעבען בעת דער עקידה האָט איהם נישט געריהרט; דאָס ערשטע מאָהל ווען ער איז ווירקליך דערשראָקען געוואָרען איז געווען, בעת ער דערוואוסט זיך פלוצלינג אַז זיין זוהן עשו ווערט פערפרעמדעט און אָבגעריסען פון יודישען שטאַם—ילקוט חדש).

יצחק פלעגט זיין גאַנץ ווען בעטראַכטען ווי אַ נס אויף די וועלט, סיי זיין געבורט ביי אַלטע טאַטע־מאַמע וועלכע האָבען קיין קינדער נישט געקענט האָבען, סיי זיין לעבען נאָך דער עקידה, ווען ער איז אינגאַנצען געווען פאַרטיג מיט זיך, דאָס לעבען גוטוויליג אָבצוגעבען — דאָס אַלץ האָט אין איהם אַרויסגערופען אַ ספעציפישע בעציהונג צו אַלעם וועלטליכען אַרום, און ער איז געווען אַ אונאָבגעשראָקענער מענש וואָס איז אַרומגערינגעלט ווי אין אַ פעסטונג, פון תורה און עבדות.

ער האָט אויך פערלוירען די ראיה, שוין אין די יונגע יאָהרען זעהט ער נישט. דאָס איז איהם געקומען פון דער עקידה, ווען ער האָט געזעהען גאָט׳ס כבוד און די אויגען זענען איהם דונקעל געוואָרען.

יצחק איז געווען דער ערשטער וואָס האָט פערלאַנגט, און

ער האָט כּמעט זאָגאַר אויף זיך זעלבסט געצויגען, דאָס אַ מענש דאַרף ביים לעבען ליידען יסורים, וואָס זאָלען איהם אויסלייטע־רען; ער זאָל זיך אַמאָל געפינען אין אַ שווערע לאַגע און זיך דערמאנען, אַז דאָס לעבען איז נישט אַזוי לייכט און די צייט איז אויך נישט בלויז אויף צו לעבען אין וואוילטאָג — אַזוי אַרום וועלען זיך די מענשען גיכער מיישב זיין און בערעכענען זייערע ווירקונגען, אויב זיי פיהרען צום גוטען אָדער צום שלעכטען. פריהער פאַר יצחק'ן, זענען די מענשען אַדורכגעגאַנגען דאָס לעבען אָהן יסורים (ילקוט חדש).

**יצחק מיט רבקה בעטען אויף קינדער.** ווען יצחק איז אַלט געוואָרען 59 יאָהר און האָט נאָך אַלץ קיין קינדער נישט, האָט רבקה מיט איהם איינגעטענה'ט, פאַרוואָס ער זעהט נישט צו ווירקען דורך תפלות צו גאָט, זיי זאָלען האָבען קינדער. זי ווייזט איהם, אַז אויך זיין מוטער שרה האָט קיין קינדער נישט געקענט האָבען, און ערשט אויף אברהם'ס תפלות איז ער, יצחק געבוירען געוואָרען דורך אַ נס. יצחק ענטפערט איהר, אַז איהם אייגענטליך, האָט גאָט פערזיכערט מיט קינדער, און ער איז בעשטימט צו זיין דער נאָכפאָלגער פון אברהם'ן, פון די אבות פון יודישען פאָלק; ווען אָבער רבקה וויל אז אויך זי זאָל האָבען קינדער, מוז זי אַליין געבוג תפלה טהון.

און זיי בעשליסען ביידע, יצחק מיט רבקה, צו געהן צום הר המוריה, (דער פלאַץ וואו שפּעטער איז געשטאַנען דער בית המקדש) און זיי נעהמען שטאַרק תפלה טהון אויף קינדער.

זייער געבעט איז אָנגענומען געוואָרען. צו 7 חדשים ווערען געבוירען יעקב מיט עשו'ן, די זיהן פון יצחק מיט רבקה. זי האָט אָבער געהאַט זעהר אַ שווער טראָגען, און אַ געטליכער רוח נבואה האָט איהר פאַראויסגעזאָגט, אז זי טראָגט אַ צווילינג: צוויי זיהן וועלכע זענען צוויי בעזונדערע נאַטורען און וועלען שפּעטער אויך זיין צוויי בעזונדערע פעלקער מיט צוויי בעזונדערע וועלט־אָנשויאונגען. פון דער נאַטור אַליין יטוטי ייי זייד איינער דעם אַנדערען,

געגנער און פיינדליך געשטימט און שוין אין דער מוטער׳ס בויך, קענען זיי זיך נישט געפונען בײזאַמען און לעבען רוהיג.

ווען די קינדער ווערען געבוירען, איז יצחק אַלט זעכציג יאָהר. דער ערשטער וואָס ווערט געבוירען, רופט מען איהם עשו און דעם צווייטען — יעקב.

(אין די לעבענס-צייטען פון יעקב מיט עשו׳ן, האָט אַ פרוי אין איינע פון די מזרח-לענדער ערפונדען די מיטלען צו בעאַרבייטען די ערד און באַקען ברויט אויף אַ לייכטען אופן. אַ צווייטער חכם, ארגו, האָט דאַן ערפונדען צו מאַכען שיפען וואָס זאָלען פאָהרען אויפ׳ן וואַסער — סה״ד).

פינפצעהן יאָהר זענען פערבייגעגאַנגען זייט עס זענען געבוירען געוואָרען יעקב מיט עשו, ביז אברהם׳ס טויט. אין אָט דער צייט, האָבען זיך די קינדער ערצויגען און געלערנט, אָבער דער עיקר געלערנט האָט יעקב, ביי זיין פאָטער יצחק און ביי זיין זיידען אברהם׳ן. עשו אָבער האָט אויסגענוצט אַלע מיטלען אום זיך אַרויסצודרעהען פון לערנען. ער איז געוואָרען אַ פעלד-מענש, גאַנצע צייטען איז ער פערפאַלען געוואָרען און אַוועק פון פאָטערס הויז; ער האָט געוואַנדערט איבער פעלדער און מדבריות און זיך געשפייזט מיט די טויטע פויגלען, וואָס ער האָט דערשאָסען.

אינ׳ם זעלבען טאָג פון אברהם׳ס טויט, איז עשו געווען אין פעלד און ער האָט פערבלאָנדזשעט אין אַ מדבר, וואו עס זענען געראַדע אָנגעקומען, נמרוד (וועלכער איז בעוואוסט פון זיינע פערפאָלגונגען געגען אברהם׳ן) מיט זיינע צוויי דיענער, וועלכע האָבען זיך געלאָזט אויף יאַגד, און זענען אויך אַוועק ווייט פונ׳ם אָרט, וואו עס האָט זיך געפונען נמרוד׳ס גאַנצע סוויטע. עשו האָט נמרוד׳ן אָבגעוואַרט אויף אַ געהיים אָרט און איהם דעם קאָפּ אָבגעהאקט מיט אַ שווערד, ווען נמרוד געהט פערביי פאַר׳ן אָרט וואו עשו איז געווען בעהאַלטען. שפּעטער קעמפט עשו מיט די צוויי דיענער פון נמרוד׳ן און ער שלאָגט זיי טויט.

נמרוד׳ס מענשען, וואָס זענען געווען פון דערוויייטענס, האָבען דערהערט דאָס געשריי פון די צוויי מאַן, איידער זיי זענען גע׳הרגעט געוואָרען, און זיי האָבען אָנגעהויבען לויפען אויפ׳ן אָרט פון וואַנען דאָס קול קומט. עשו זעהט ווי עס דערנעהנטערט זיך אַ גרויסע מענשען־מחנה און ער ציהט אָב פון נמרוד׳ן זיינע קליידער (דאָס זענען געווען די ערשטע קליידער, וואָס גאָט האָט געמאַכט אדם הראשון; און חם, נמרוד׳ס זיידע האָט זיי צוגעגנבעט ביי נה׳ן אין דער תיבה — זעה אויבען) און ער לויפט אַהיים.

**עשו פערקויפט די בכורה.** זייט די ערשטע צייטען ביז מתן תורה, זענען די בכורים, די עלטסטע אין דער משפחה, אַלע מאָל געווען די הויפט־לייט, וועלכע האָבען אויף זיך געטראָגען די הויפט־זאָרג פאַר׳ן ווירקליכען ציעל, וואָס די מענשען האָבען געהאַט צו ערפיעלען. זיי האַבען זיך מעהר אָבגעגעבען מיט די גייסטיגע ענינים פון די מענשען, בעת די יונגערע קינדער אין דער משפחה, האָבען זיך אָבגעגעבען מיט די וועלטליכע ענינים. ביי יעקב׳ן מיט עשו, איז די לאַגע געווען אַ פערקעהרטע—חאָטש עשו איז געווען דער עלטסטער, איז ער דאָך אינגאַנצען געווען איינגעטהון אין די וועלטליכע זאַכען און איז אינגאַנצען געווען אויסגעטהון פון די גייסטיגע זאַכען אין דער משפחה מיט וועלכע עס האָט זיך פערנומען בלויז יעקב. דער לעצטער אַלזאָ איז אינגאַנצען געווען צו־געפּאַסט צום אמט פון דער בכורה.

דאָס איז געווען אינ׳ם זעלבען טאָג, ווען עשו איז אַהיים געקומען, נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעפיהרט דעם מאָרד־טהאַט איבער נמרוד׳ן: יעקב זעהט ווי עשו איז מיעד פון רציחה און כעס, און ער שטראָפט איהם, אַז זיין גאַנצע אויפפיהרונג פאַסט זיך נישט מיט די אויפגאַבען פון אַ בכור. עשו פעראינטערעסירט זיך מיט די פליכטען פון אַ בכור, און ער געהט שנעל איין, צו פערקויפען און אָבטרעטען די בכורה יעקב׳ן, וועלכער קויפט זי אויף דעם אמת׳ן אופן ווי מען פערקויפט אַ אייגענטום.

**יצחק אין פלשתים.** נאָך אברהם׳ס טויט איז ווידער גע־

ווען אַ הונגער אין לאַנד כנען, און יצחק טראַכט אַרויסצופאָהרען קיין מצרים אויף די צייט פון הונגער — ווי עס האָט געטהון זיין פאָטער אברהם. פון הימעל אָבער, הייסט מען איהם נישט ארויסגעהן קיין חוץ־לארץ און גאָט פערזיכערט איהם, נישט צו פערלאָזען אויך אין די שווערסטע צייטען.

יצחק גייט נור ביז פלשתים, וואו ער זאָגט אויף זיין ווייב רבקה, אַז זי איז זיינ׳ס אַ שוועסטער. אבימלך דער קעניג פון פלשתים געדענקט נאָך וואָס ער האָט געהאַט פון שרה, יצחק׳ס מוטער (זעה אויבען) און ער בעפעהלט, מען זאָל יצחק׳ן מיט זיין ווייב רבקה לאָזען צורוה. שפּעטער דערוואוסט ער זיך, אַז רבקה איז זיין ווייב און עס פערדריסט איהם אויף יצחק׳ן, פאַרוואָס ער האָט מורא געהאַט אויסצוזאָגען דעם אמת.

יצחק קומט צוריק קיין חברון, וואו זיין פאָטער אברהם האָט געוואוינט און אין יאָהר 2126, שיקט ער יעקב׳ן צו שם ועבר׳ן לערנען. עשו אָבער וויל נישט געהען לערנען און גר בלייבט אין דער היים.

**עשו**, האָט נישט אָבגעלאָזט זיין לעבענס־שטייגער ווי אַ פעלד־מענש, ער איז געגאַנגען איבער די וועלט און געזוכט אַ בע־שעפטיגונג, און אין האַרצען האָט ער זיך אינגאַנצען דערווייטערט פון פאָטער׳ס לעהרע. פאַר יצחק׳ן אָבער אין די אויגען, האָט ער זיך פערשטעלט און געזוכט זיך אויסצופיינערען. דאַביי האָט ער זיך זעהר אויסגעצייכענט אין כבוד אב, עס איז פאַר איהם נישט געווען קיין שווערע זאַך וואָס ער זאָל נישט טהון פאַר׳ן פאָטער — אַ חוץ לערנען וואָס ער האָט נישט געוואָלט.

אויף זיין וואַנדער־וועג איז עשו אויך געווען אין שעיר, וואו ער נעהמט אַ ווייב (ביי דער חתונה איז עשו אַלט 40 יאָהר) און ער בעזעצט זיך ווידער אין חברון. שפּעטער האָט ער גענומען נאָך עטליכע ווייבער און מיט זיי געהאַט קינדער. דריי ווייבער האָט ער געהאַט. די ערשטע, יהודית, האָט איהם געבוירען צוויי טעכטער; די צווייטע, עדה, האָט איהם געבוירען אליפז׳ן;

און די דריטע, אליבהמה האָט איהם געבוירען דריי זיהן: יעוש יעלם און קרח.

מיט די כנענים איז עשו׳ן שטענדיג אויסגעקומען צו פיה־רען קריגעריייען און ער איז אַוועק פון לאַנד כנען קיין שעיר, מיט וועמען ער האָט זיך כסדר משדך געווען און שפּעטער האָבען די שעירים זיך אינגאַנצען פערמישט מיט די בני עשו, און דאָס לאַנד שעיר האָט מען גערופען אדום (אזוי האָט מען גערופען עשו׳ן).

**יצחק׳ס ברכות.** יעקב קומט אַהיים פון שם ועבר, ווען שם, נח׳ס זוהן איז געשטאָרבען אין יאָהר 2158 זייט בריאת עולם, און אויך עשו פלעגט פון זיין נייע היים־לאַנד, שעיר, קומען צום כאָטער מיט אָפטע בעזוכען.

יצחק טראַכט וועגען זיינע קינדער. ער האָט עשו׳ן אויך נישט געוואָלט אָבלאָזען און גערעכענט דאָס ער וועט איהם קע־נען דערהאַלטען ביים יודישען שטאַם. ווען ער זעהט אָבער דאָך, אַז עשו האָט נישט אין זיך דאָס, וואָס עס בעדאַרף האָבען דער פאָטער און גרינדער פון יודישען פאָלק, האָט ער זיך גע־טראַכט אזוי:

אַזוי ווי עס איז אונמעגליך אַז אַלע מענשען זאָלען זיך פער־נעהמען בלויז מיט געטליכע ענינים און עבדות׳ן, דען ווער וועט פאַר זיי זאָרגען און צוגרייטען די וועלטליכע נויטווענדיגע זאַכען, ווי: בעארבייטען די ערד, עסענוואַרג, קליידונג א. א., און דעריבער טאַקי איז פון צווישען יודען ספּעציעל בעשטימט געוואָרען דער שבט לוי (זעה ווייטער) וועלכער זאָרגט פאַר די גייסטיגע ענינים פון יודישען פאָלק און ווערט בעזאָרגט פון די איבריגע שבטים מיט זיינע וועלטליכע הצטרכות׳ן, דערפאַר האָבען די יודען אַ חלק אין די לוים׳ס גייסטיגע פערדינסטען—האָט יצחק אויף אַזא אופן געהאָפט צו דערנעהנטערען עשו׳ן צו יעקב׳ן:ביידע זאָלען אויף אַ געמיינזאַמען אופן ארבייטען פאַר׳ן ציעל וואָס די מענשען האָבען צו דערגרייכען; יעקב׳ס קינדער זאָלען האָבען די ראָל וואָס לוי׳ס

קינדער האָבן שפּעטער געהאַט אין יודענטום; און עשו'ס קינדער – די וועלטליכע און וואָכעדיגע אויפגאַבן.

איינמאָל רופט יצחק עשו'ן און זאָגט, דאָס ער וויל איהם בענשען מיט הצלחה און רחבה אין אלע וועלטליכע ארבייטען – (פאר יעקב'ן וואָלט דאַן געבליבען איבערצוגעהמען בלויז די ברכות וואָס גאָט האָט בעשטימט פאר אברהם און יצחק'ס קינדער בנוגע דער ירושה פון ארץ ישראל און אלע געטליכע זאכען וואָס זענען פערבונדען מיט'ן יודענטום.

יצחק בעפעהלט דעריבער עשו'ן, ער זאָל געהען אין פעלד און זיך בעמיהען צו ברענגען פאר'ן פאָטער אזעלכע שפּייזען וואָס וועלען איהם מהנה זיין, דאמיט זאָל געשאפען ווערען די ערשטע דירעקטע פערבינדונג צווישען גייסטיגען און וועלטליכען וואָס זענען פערבונדען אינ'ם מענש און זיינע אויפגאבען; יעצט זאָל אויך געמאכט ווערען די ערשטע התחלה, ווען יצחק און שפּעטער יעקב'ס קינדער, זאָלען איבערנעהמען די טובות פוןביידע וועלטען (עולם הזה און עולם הבא) אויך פונ'ם פערדינסט און פערגיטיגונג (שכר) פאַר'ן ערפיעלען זייערע בשותפות'דיגע אויפגאַבען (מצות שבין אדם למקום און מצות שבין אדם לחברו).

רבקה האָט עס זיך דערוואוסט און פערשטאַנען, אַז יצחק וויל פערבונדען יעקב'ן מיט עשו'ן, ווי עס האָבען זיך שפּעטער פערבונדען די שבטים יששכר מיט זבולון'ען (יעקב'ס קינדער – זעה ווייטער), אָדער ווי עס זענען פערבונדען די כהנים און לוים פון שבט לוי מיט די איבעריגע יודישע שבטים; דאָס יעקב'ס קינדער זאָלען לערנען תורה און עשו'ס קינדער זאָלען זאָרגען פאַר זייער פרנסה – זי האָט אָבער געוואוסט עשו'ס רשעות און זיין שלעכטע נאַטור (רבקה האָט בעסער געקענט עשו'ן, ווי יצחק, פאַר וועלכען עשו האָט זיך ארויסגעוויזען פיעל בעסער ווי ער איז געוועזען אין דער ווירקליכקייט); אַז ערשטענס וועט דער שותפות נישט אויסהאַלטען, עשו'ס קינדער וועלען פאַר יעקב'ס קינדער נישט זאָרגען; צווייטענס קענען די וועלטליכע

זאָגן אויך בעזאָרגט ווערען דורך אַ טייל פון די יודען זעלבסט, וועלכע וועלען טהון זייערע אַרבייטען אין די ראַהמען און אײַנפאַסונג מיט די געטליכע געבאָטען, וועלכע בעציהען זיך ספּעציעל צום געבוי פון דער וועלט מיט אַלע לעבעדיגע באַוואוסטע זייערע בעדערפנישען (תורת חיים — וחי בהם ולא שימות בהם) און רבקה האָט פערשטאַנען, אַז דאָס וואָס יצחק וויל צוזאַמענפּאָרען עשו׳ן מיט יעקב׳ן און זיי איבערגעבען אַ בשותפות׳דיגע ראָל, וועט בעסער קענען בעזאָרגט ווערען דורך יעקב׳ס קינדער זעלבסט, וועלכע וועלען צווישען זיך שוין אײַנטיילען זייערע ראָלען אין לעבען און זיי וועלען אויך פערשפּאָרען עשו׳ס שותפות.

רבקה האָט אָבער נישט קיין צייט די זאַך גענוי איבערצורעדן מיט יצחק׳ן און איהם אויפווייזען דאָס איהר שטאַנדפּונקט איז מצהר אויסגעהאַלטען — ווייל עשו ווייסט שוין פון יצחק׳ס פּלאַן און ער איז שוין געגאַנגען אינ׳ם פאָטער׳ס בעפעהל צו מאַכען אַלע נויטיגע פּאָרבערייטונגען, אויף צו פערנעהמען די ברכות ביי זיין פאָטער יצחק; זי זעהט אַז מען מוז דאָ אָננעהמען אייליגע שריט, דאָס יעקב זאָל אַרויסבעקומען פון זיין פאָטער יצחק, די ברכות פאַר הצלחה אויך אין וועלטליכע ענינים, דאָס וואָס יצחק וויל געבען עשו׳ן.

און רבקה רופט יעקב׳ן ווענען זי גיעט איבער די גאַנצע זאַך און זי זאָגט איהם: געה נעהם פון אונזערע שעפּסען, צוויי פון די בעסטע און איך וועל צוגרייטען פאַר דיין פאָטער אַ גוט מאכל, דאמיט וועט ער מיינען אַז דיין ברודער עשו האָט עס איהם געבראַנגט און דו וועסט דיך אויך פאָרשטעלען פאַר׳ן פאָטער אין די ראָל פון עשו׳ן (יצחק האָט נישט געזעהען — זעה אויבען) און יעקב זאָל עס איהם זאָגען, דאָס ער איז עשו).

יעקב פּרובט די מוטער אויפקלערען, אַז ער קען נישט שפּיעלען אַזאַ פאַלשע ראָל, זיך פאָרשטעלען פאַר׳ן פאָטער

אַלס עשו: ווי קען ער עס דעם טאַטען זאָגען אַ ליגען? רבקה האַלט זיך אָבער ביי דאָס איהריגע און בעפעהלט איהם צו טהון וואָס זי הייסט אין נאָמען פון כיבוד אם.

יעקב האָט מעהר נישט די מעגליכקייט, זיך צו שטעלען קעגען די מוטערס רייד און איהר פערלאַנג, ער פרעגט זי אָבער:

מאַמע! מיין ברודער עשו איז האָריג, ער איז אינגאַנצען אַ בצוואַקסענער מיט האָר, און איך נישט — פילייכט בעמערקט דער פאָטער אין מיר, אַז איך בין נישט עשו? ער זעהט טאַקי נישט אָבער ער וועט נאָר אַ ריהר טהון איבער אַ האַנד און ער וועט באַלד זעהען אַז איך האָב איהם גענאַרט, אַז איך בין אין אמת'ן יעקב — אויף אַזאַ אופן וועל איך ביים פאָטער פערדיענען אַ קללה אַנשטאַט די ברכה וואָס איך געה אויסנאַרען.

— אָבער— ענפערט רבקה — אויב דיר וועט עפעס געשעהען שלעכט'ס זאָל עס זיין אויף מיין קאָפּ; איך האָב גוט אויסגערעכענט וואָס דו האָסט צו טהון. דען אויב עס וועט האַלטען דערביי, דער פאָטער זאָל דיך דערקענען, זאָלסט דו איהם זאָגען, אַז איך האָב עס געהייסען אַזוי טהון, און וויסענדיג, אַז איך וויל דיך נישט אָוועקפיהרען אין אַ שלעכטען וועג, וועט ער דיר גאָרנישט רעדען.

בכדי אָבער דער פאָטער זאָל יעקב'ן טאַקי נישט דערקענען, ווי יעקב האָט מורא געהאַט, האָט רבקה איהם אויף די הענד ארויפ־געצויגען די האָריגע פעל פון די שעפּסען, אַזוי דאָס בלויז פון אָנ־ריהרען די הענד זאָל מען זיי קענען אָננעהמען פאַר עשו'ס הענד.

**יעקב נעמט ביים פאָטער די ברכות.** יעקב קומט צום פאָטער און רעדט מיט איהם אויף אַ לשון, ער זאָל זיך נישט שטויסען, אַז דאָס איז יעקב. יצחק נעהמט איהם אָן פאַר עשו'ן און פרעגט איהם נור, ווי האָסטו עס אַזוי שנעל אַלץ פאַרגעברייט? ווי האָסטו אין דער קורצער צייט שוין פערפאַרטיגט אַלץ וואָס איך האָב דיך געהייסען? יעקב ענטפערט, אַז גאָט האָט עס איהם צוגעשיקט. יצחק ווערט פערוואונדערט, ווייל פון עשו'ן הערט ער

בישט אַזעלכע ווערטער. עשו האַלט, אַז אַלץ וואָס דער מענש טהוט אין די וועלט-ענינים, איז עס דעם מענש׳ס אייגענער כח, און ער רופט יעקב׳ן נעהנטער צו זיך. ער בעריהרט איהם די הענד, צו דערקענען אויב דאָס איז עשו.

און יצחק זאָגט: דאָס קול איז יעקב׳ס און די האַנד, ווי עשו׳ס.

איף אזא אופן האָט יעקב בעקומען פון זיין פאָטער די ברכות, אויך אין וועלטליכע ענינים זאָל ער מצליח זיין.

**עשו קומט נאָך די ברכות.** ווי נאָר יעקב פערלאָזט דאָס הויז פונ׳ם פאָטער, קומט אָן עשו און רופט דעם פאָטער, אַז ער האָט שוין אַלץ פאַרגעברייט און איז אויך גרייט צו נעהמען די ברכות, ווי זיין פאָטער יצחק האָט איהם פערשפראָ-כען.

יצחק ווערט דערשראָקען: ווער האָט עס געקענט זיין דאָ און אויסגענאַרט די ברכות? אויב דאָס איז געווען יעקב, מילא פערפאַלען, זאָל ער זיין געבענשט.

עשו האָט זיך שטארק פונאַנדערגעוויינט און ווערט אויפ-געקאָכט פון דעם, וואָס דער פאָטער איז איינפערשטאַנדען מיט יעקב׳ס שריט און ער בעט ביים פאָטער:

— האָסטו נאָר איין ברכה? בענש מיך אויך!

— אָבער! איך האָב יעקב׳ן בעשטימט אַלס אויבערהאַר אי-בער אַלע זיינע ברודער-קינדער, אַנדערש וועט מען איהם נישט זיין אונטערגעוואָרפען און ער וועט נישט קענען אויספיהרען מיט די מענשען. וואָס קען איך זשע דיר געבען, ווען דו וועסט זיך מוזען רעכנען מיט יעקב׳ס גוטען ווילען און זיין בעציהונג צו דיר? — קורץ, דו ביזט אינגאַנצען אָבהענגיג פון יעקב׳ן!

דאָס אָבער האָט עשו אויסגעפּועלט ביים פאָטער: אַזוי ווי יעקב פערנעהמט זיך צו ערפיעלען ביידע ראָלען, וואָס די מענשען האָבען אין זייער אויפגאַבע, פאַר דער יעצטיגער וועלט (עולם הזה) און פאַר די נאַכקומענדע וועלט (עולם הבא) זאָל

חאָטש זיין, אז ווען יעקב׳ס קינדער וועלען נישט בעוויזען צו ערפילען ריכטיג זייער אויפגאבע אין די גייסטיגע העכערע ענינים, ווען זיי וועלען זיך פערזינדיגען און נישט פיהרען זיך לויט ווי די תורה פערלאַנגט, דאַן ווערט עשו בעפרייט פון אַלעם, וואָס טהוט איהם אונטערוואַרפען יעקב׳ס עול, לויט די ברכות פון יצחק׳ן.

**עשו׳ס שנאה צו יעקב׳ן**, שטאַמט פון דער צייט וואָס יעקב האָט פערכאַפט די ברכות וואָס זענען איהם געווען פערשפראָכען ביי יצחק׳ן, און יעקב בעשליסט – צו אַנטלויפען פון אונטער עשו׳ס אויגען. ער געהט אַוועק צו עבר׳ן ווייטער לערנען און ער בלייבט דאָרט פיערצען יאָהר. דערווייל איז די שנאה ביי עשו עטוואָס אָבגעקיהלט געוואָרען און יעקב איז צום סוף פון פיערצען יאָהר צוריקגעקומען צו זיין פאָטער קיין חברון.

יעקב׳ס צוריקקומען האָט אָבער אויפסניי דערוועקט די שנאה ביי עשו׳ן צו יעקב׳ן, און ער בעשליסט זיך יעקב׳ן צו הרג׳ענען. ער וויל נור אָבוואַרטען ביז יצחק׳ס טויט. רבקה דער־וויסט זיך דערפון, און זי פועל׳ט ביי יצחק׳ן אַוועקצושיקען יעקב׳ן קיין פדן־ארם, צו איהר ברודער לבן, דאָרט זאָל ער זיך אויך משדך זיין מיט לבן׳ס טעכטער, וועלכע ער זאָל נעמען פאַר ווייבער (פאַר מתן תורה האָבען יודען גענומען פאַר ווייבער אויך שוועסטערן).

יצחק בעפעהלט יעקב׳ן, ער זאָל זיך ביי לבן׳ען שטרענג פער־האַלטען אינ׳ם וועג וואָס פיהרט צו די בעשטימטע אויפגאַבען וואָס אברהם האָט אָנגעוויזען זיינע קינדער און קינד׳ס קינדער, און ער גיעט איהם אויך אַ ברכה אויפ׳ן וועג.

**יצחק׳ס לעצטע יאָהרען.** ווען יעקב האָט בעקומען די ברכות ביים פאָטער איז ער אַלט געווען 63 יאָהר און יצחק איז דאַן אַלט געווען 123 יאָהר, און יצחק האָט געלעבט נאָך 57 יאָהר. ער האָט אויך דערלעבט צו זעהען ווי יעקב מיט זיינע קינדער קומען צוריק פון לבן׳ס הויז (זעה ווייטער), ביז יעקב איז אַלט

געוועזן 120 יאָהר, אין יאָהר 2228 זייט בריאת עולם, דאַן איז יצחק געשטאָרבען און זיינע קינדער, יעקב מיט עשו, האָבען איהם בעגראָבען אין דער מערת המכפלה.

רבקה האָט געלעבט ביז'ן יאָהר 2207, ווען זי איז אַלט געוואָרען 133 יאָהר, און זי איז אויך בעגראָבען געוואָרען אין די מערת המכפלה. יעקב האָט זיך דערוואוסט וועגען זיין מוטער'ס טויט, ווען ער איז געווען אויפ'ן וועג פון חברון קיין בית אל, און ער האָט שטאַרק געוויינט נאָך זיין מוטער.

**יצחק'ס ירושה.** נאָך יצחק'ס טויט, האָט עשו פאָרגעלעגט יעקב'ן זיך צו טיילען מיט'ן פאָטערס ירושה און יעקב האָט געמאַכט אַ פאָרשלאַג עשו'ן, אַזוי ווי אברהם מיט יצחק'ן האָבען בעקומען אַ הבטחה פון גאָט, אַז זייערע קינדער וועלען ירש'נען אויף אייביג ארץ ישראל, דערפאַר וועלען זיי פריהער אויך ליידען גלות (זעה אויבען), דעריבער איז ער מסכים איבערצונעהמען אָט די הבטחה פאַר זיינע, יעקב'ס קינדער, און דערפאַר וועט ער עשו'ן אַוועקגעבען יצחק'ס גאַנץ פערמעגען: גאָלד, זילבער, בהמות און אַלעס, וואָס איז געבליבען פון יצחק'ן.

עשו איז אַוועק זיך בעראַטען מיט ישמעאל'ס קינדער וועגען יעקב'ס פאָרשלאַג, וועלכען ער האָט שפעטער אָנגענומען טאַקי אויף זייער עצה. די בני ישמעאל האָבען עס עשו'ן אַזוי אויפגעקלערט: ערשטענ'ס, בעשטעהט יעקב איבערצונעהמען בלויז א הבטחה וואָס דאַרף פערווירקליכט ווערען ערשט אין שפעטערע דורות, און פאַר עשו'ן בלייבט יצחק'ס גאַנצע פערמעגען וואָס געפינט זיך שוין יעצט; צווייטענס, ווען עשו זאָל פאַר זיינע קינדער פערלאַנגען אויך די הבטחה וואָס גאָט האָט געגעבען צו אברהם'ן, מוז ער אויך זיין גרייט דאַצו, דאָס זיינע קינדער זאָלען ליידען גלות, ווי עס איז געווען די געטליכע נבואה צו אברהם'ן.

און אַזוי האָבען שוין יעקב מיט עשו'ן זיך געטיילט מיט ביידע וועלטען. עשו האָט זיך אויסגעוועהלט צו לעבען נאָר פאַר'ן פערבייגעהענדען מאָמענט, מיט'ן יעצט, און ער האָט

נישט געוואָלט ליידען און פאַרבויגען זיינע לעבענס-טעג פאַר ב שפּעטערע בעסערע צוקונפט; און יעקב איז איינגעגאַנגען דע-רויף, דאָס זיינע קינדער זאָלען פיהרען אַ גלות-לעבען, אַ לע-בען פון פיין און רדיפות, בכדי זיי זאָלען דערגרייכען די שפּעטערע בעסערע צוקונפט, וואָס וועט זיך ציהען ביז אונאויפ-הערליכע צייטען.

אין יעקב׳ס חלק ירושה, די הבטחה אויף ארץ ישראל, האָט ער אויך גענומען דעם שטר, וואָס אברהם האָט געהאַט פון עפרון׳ן (זעה אויבען) אויף דעם קויף פון די מערת המכפלה, וועלכע געהט איבער צו יעקב׳ן.

עשו פערלאָזט שנעל דאָס לאַנד כנען, ווייל ער האָט מורא צו וואוינען אינ׳ם לאַנד, צוליעב וועלכען אברהם׳ס איי-ניקלעך מוזען ליידען גלות, און עשו בעזעצט זיך אויף שטענ-דיג אין שעיר (אדום—זעה אויבען).

# יעקב

(ב-ק״ח = ב-רנ״ה)

יעקב אבינו, איז דער דריטער פון די אבות און דער ער-שטער וואָס האָט געפיהלט און אויף זיך גענומען די גאַנצע שווע-ריגקייט פון גלות-לעבען. דאָס רוב פון זיינע יאָהרען האָט ער פערברענגט אין דער פרעמד. אַחוץ די 36 יאָהר וואָס ער איז געוועזען ביי שם ועבר, איז ער געוועזען אין פדן-ארם 20 יאָהר; אין שכם 2 יאָהר. אויפ׳ן וועג האָט איהם עשו געדראָהט מיט אַ מלחמה; די בני כנען האָבען געפיהרט שטאַרקע מלחמות מיט די בני יעקב (זעה ווייטער). 21 יאָהר האָט ער געטרויערט אויף יוסף׳ן, זיין געליבטער זוהן וואָס איז געוועזען אין מצרים און

יעקב האָט נישט געוואוסט וואו ער איז פערשוואונדען (דעה וויטער) און צום סוף איז יעקב אליין געווען 17 יאָהר אין מצרים, ביז׳ן לעצטען טאָג פון זיין לעבען.

יעקב האָט דערווייזען און אויסגעארבייט א וועג פאר די ווייטערע יודישע דורות, דאָס אויך ביי די גרעסטע שווערינ־קייטען אין לעבען איז פאַרהאַן אַ מעגליכקייט פאַר די יודען צו בלייבען טריי און פעסט זייערע פליכטען און אויפגאַבען. מיט זיין אמת׳קייט האָט יעקב אָבגעוואָרפען אַלע פאלשקייטען און שטרויכלונגען וואָס האָבען אויסגעזעהן צו זיין א שטערונג אין זיין לעבענס־גאנג, און פון אלע געפעהרליכע מאָמענטען איז יעקב ארויס גאנץ און אונבעשעדיגט.

אויפ׳ן וועג קיין חרן. יעקב איז אַלט געווען 77 יאָהר, ווען ער אַנטלויפט קיין חרן צו לבנ׳ן, זיך ראַטעווען פון עשו׳ן, וועלכער האָט בעשלאָסען איהם צו הרגענען. ווען עשו דערוויסט זיך, אַז יעקב אַנטלויפט, שיקט ער שנעל זיין זוהן אליפז, ער זאָל דעריאָגען יעקב׳ן און איהם הרגענען אויפ׳ן וועג. אליפז מיט זיינע 10 מאַן דערגרייכען יעקב׳ן ביי דער גרעניץ פון כנען און זיי לויפען צו יעקב׳ן מיט די בלאַנקע שווערדען. יעקב בעט זיך, זיי זאָלען ביי איהם נעהמען זיין גאַנץ פערמעגען, אַלץ וואָס די עלטערען האָבען איהם מיטגע־געבען און זיי זאָלען איהם לאָזען לעבען. די מענשען בעקומען אויף יעקב׳ן רחמנות, און לאָזען איהם אויסקויפען זיין לעבען מיט׳ן געלד, וואָס זיי נעהמען ביי איהם. עשו איז שפּעטער שטאַרק אין כעס אויף אליפז׳ן, דערפאַר וואָס ער האָט יעקב׳ן נישט געהרגעט. יעקב איז שוין אָבער ביי לבנ׳ן, וואו עשו׳ס מאַכט האָט קיין שליטה נישט.

מעריב־צייט ווען די זון איז פערגאַנגען, האָט יעקב געבעטען גאָט, ער זאָל איהם היטען פון אַלעם שלעכטען, וואָס דראָהט איהם אין די מסוכנ׳דיגע וועגען, וואָס ער מוז געהן

(יעקב האָט דאַן אויך איינגעפיהרט די מעריב-תפלה, וואָס יודען דאַווענען).

ביינאַכט, האָט זיך צו איהם בעוויזען אַ רוח נבואה און איהם איבערגעגעבען, אַז ער ווערט געהיטען פון גאָט און אַז דאָס גאַנצע לאַנד (ארץ ישראל) וואָס גאָט האָט פערזיכערט צו געבען אברהם'ס קינדער, ווערט עס געגעבען צו יעקב'ס קינדער.

**יעקב קומט קיין חרן**, וואו ער טרעפט רחל'ן (זיין פעטער לבן'ס טאָכטער) מיט איהר פאָטער'ס שאָף ביים וואַסער-ברונעם. דאָרט זענען אויך געווען פערזאַמעלט אַ סך פאַסטוכער מיט זייערע שאָף. יעקב פרעגט זיי, פאַרוואָס זיי טהון נישט אָנטרינקען די שאָף. אויפ'ן ברונעם ליעגט אָבער אַזאַ שווערער שטיין, דאָס נור ווען אַלע פאַסטוכער פון גאַנצען געגענד פערזאַמלען זיך, טהון זיי איהם אַראָבנעהמען פון וואַסער-קוואַל און שפּעטער לייגען זיי איהם צוריק אויפ'ן פריהערדיגען אָרט, אַזוי טהון זיי יעדען טאָג. יעקב בעווייזט דאַן אַ זעהר גרויסע גבורה, ער איינער אַליין קאָלערט לייכט אַוועק דעם שטיין פון זיין אָרט און עפענט דעם וואַסער-ברונעם, און אַלע בלייבען פערוואונדערט פון יעקב'ס כח.

רחל לויפט אַהיים דערצעהלען איהר פאָטער, וועגען יעקב'ן אַז ער איז דאָ, און יעקב קומט צו לבנ'ן אין הויז, וואו ער דערצעהלט אַלץ וואָס איז איהם דערגאַנגען מיט עשו'ן און וואָס עס האָט איהם געטראָפען אויפ'ן וועג מיט אליפז'ן, אַזוי דאָס ער קומט יעצט מיט ליידיגע הענד.

**יעקב'ס חתונה מיט לבנ'ס טאָכטער.** אַ חודש שפּעטער נאָכדעם ווי יעקב איז אָנגעקומען צו לבנ'ן, האָט ער געפרעגט יעקב'ן, וואָסער פערגיטיגונג וואָלט ער פערלאַנגט פאַר דעם וואָס ער זאָל אַרבייטען ביי לבנ'ן. יעקב זאָגט, דאָס ער איז גרייט צו אַרבייטען זיעבען יאָהר, פאַר רחל'ן, לבנ'ס טאָכטער, וועלכע ער וויל האָבען פאַר אַ ווייב און לבן איז דערויף גערן איינגעגאַנגען. די 7 יאָהר לויפען שנעל אַדורך און יעקב טהוט זיין אַרבייט עהרליך אַזוי דאָס לבן האָט צו איהם קיין שום טענות נישט. צום סוף אָבער

נאַרט ער יעקב׳ן און ער האָט צו דער חופה געשטעלט לאה׳ן אַנ־שטאַט רחל׳ן. לבן האָט אויסגערעכענט דערויף, אַז אויב יעקב וויל רחל׳ן, וועט ער גערן איינשטימען צו ארבייטען נאָך 7 יאָהר פאַר רחל׳ן, וואָס יעקב האָט טאקי שפּעטער געטהון. אַזוי האָט זיך לבנ׳ן אַיינגעגעבען איינצוהאלטען יעקב׳ן ביי זיך נאָך אַ לאנגע צייט.

לבן האָט צוזאמענגערופען זיינע שטאָדט-לייט און זיי אָנ־געוויזען ווי די גאנצע געגענד ווערט געבענשט אין זכות פון יעקב׳ן דעריבער דארף מען זעהען, איהם וואָס לענגער אויפצוהאלטען. לבן דערצעהלט זיין עצה, ווי ער וויל לאה׳ן חתונה מאַכען פאַר יעקב׳ן, בכדי ער זאָל מוזען שפּעטער פערבלייבען, ווען ער וועט וועלען נעהמען רחל׳ן פאַר אַ ווייב. זיי זענען מיט איהם מסכים און געבען איהם אַ פערזיכערונג, דאָס זיי וועלען איהם צו העלפען דורכפיהרען דעם דאָזיגען שווינדעל. אין אָוועגד אויף דער חתונה, האָט מען פערלאָשען די ליכט און עס איז געווען פינסטער. אַ טייל פון די געסט האָבען בעת׳ן זינגען גערופען „הי ליע״, (דאַמיט האָבען זיי געמיינט צו זאָגען, אַז דאָס איז לאה) יעקב פרעגט זיך וואָס דאָס בעדייטעט און מען ענטפערט, אַז עס איז דאָ אַזאַ מנהג אויף יעדע חתונה (ב״ר).

אויף צו מאָרגענס פרעגט יעקב לאה׳ן פאַרוואָס זי האָט איהם גענאַרט – און פאַרוואס האָסטו גענאַרט דיין פאָטער ווען דו האָסט געוואָלט בעקומען די ברכות? – ענטפערט איהם לאה (ב״ר)

לאה פלעגט שטאַרק וויינען און בעטען, זי זאָל נישט ווערען עשו׳ס פרוי. דען מענשען פלעגען זאָגען: רבקה האָט צוויי זוהן און לבן האָט צוויי טעכטער, וועלען שוועסטער און ברודער זיך משדך זיין; דער עלטערער זוהן, עשו, וועט נעה־מען די עלטערע טאָכטער, לאה׳ן; און דער יונגערער זוהן, יעקב, וועט נעהמען לבן׳ס יונגערע טאָכטער, רחל׳ן. לאה האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף עשו׳ן, און ווען זי דערוואוסט זיך פון זיינע שלעכטע מעשים און וועגען יעקב׳ס גוטע מעשים, האָט זי

געווײנט, דאָס זי זאָל נישט אָנקומען צו עשו'ן פאַר אַ ווײַב. (ב"ר)

דערפאַר וואָס לאה האָט פײַנד געהאַט די מעשים פון עשו'ן און זיך געשראָקען זי זאָל נישט ווערען זײַן ווײַב, האָט זי זוכה געווען צו האָבען די גרעסטע צאָהל שבטים, 6 זוהן (נזיר)

יעקב האָט געוואוסט, אַז לבן איז אַ רמאי און ער האָט טאַקי געטראַכט, אַז לבן וועט איהם אָבנאַרען, דעריבער האָט ער מיט רחל'ן אָבגערעדט און איהר איבערגעגעבען סימנים, לויט וועלכע ער וועט שטענדיג זײַן זיכער, אַז זי איז רחל. רחל האָט נישט געקענט פערטראָגען די בושה, וואָס איהר שוועסטער לאה וועט לײַדען, ווען יעקב וועט זיך דערוואוסען אַז רחל ווייס נישט צו ענטפערען אויף די סימנים וואָס זיי האָבען צווישען זיך אָבגערעדט, און רחל בעקענט לאה'ן מיט די סימנים וואָס יעקב האָט איהר געגעבען (ב"ב).

יעקב פרעגט לבנ'ן, פאַרוואָס ער האָט איהם גענאַרט מיט לאה'ן אַנשטאַט רחל'ן און לבן ענטפערט, אַז מען פיהרט זיך אַזוי, נישט חתונה צו מאַכען קיין יונגערע טאָכטער פאַר אַ עלטערע שוועסטער און אויב ער וויל יעצט רחל'ן זאָל ער אַרבייטען נאָך 7 יאָהר, אויף וואָס יעקב איז מסכים

לאה מיט רחל'ן זענען געווען אַ שוועסטער-צווילינג ביי לבנ'ן און זענען אַלט געווען 18 יאָהר צו דער חתונה (סה"י) יעקב איז אַלט געווען צו דער חתונה 84 יאָהר (ב"ר). רחל האָט געלעבט ביז 14 יאָהר נאָך דער חתונה און איז געשטאָרבען אויפ'ן וועג ווען יעקב איז געגאַנגען פון בית לחם קיין חברון, אַ תחום שבת קיין חברון, און איז דאָרט אויפ'ן אָרט בעגראָבען געוואָרען, וואו יעקב האָט איהר געשטעלט אַ מצבה וועלכע שטעהט ביז'ן היינטיגען טאָג אויף רחל'ס קבר.

יעקב האָט רחל'ן נישט געפיהרט קיין חברון, בעגראָבען איהר אין די מערת המכפלה, ווייל אַזוי איז געווען אַ געטלי-

באַר בעפעהל: מיט יאָהרען שפּעטער בעה'ן חורבן בית המקדש, ווען נבוזארדן האָט געטריבען די יודען אין גלות אריין, האָט ער זיי געפיהרט אויף'ן וועג ווי עס געפונט זיך רחל'ס קבר. די יודען האָבען זיך דאָרט שטאַרק צווויינט און אויך רחל האָט געוויינט אין הימעל אויף די צרות פון יודען, ביז מען האָט איהר פערזיכערט פון הימעל, אַז די יודען וועלען זיך אומקעהרען קיין ארץ-ישראל (סה"ד)

לאה האָט געלעבט 54 יאָהר און איז געשטאָרבען אין חברון, וואו זי איז בעגראָבען געוואָרען אין דער מערת המכפלה, יעקב איז דאַן אַלט געווען 106 יאָהר (סה"י).

בלהה מיט זלפה זענען געווען לבנ'ס טאָכטער פון אַ אַנדער ווייב (פדר"א) און שפּעטער זענען זיי אויך געווען די ווייבער פון יעקב'ן.

יעקב'ס קינדער, זענען געווען: פון לאה'ן — ראובן, שמעון, לוי יהודה, יששכר, זבולון און זייער שוועסטער דינה; פון רחל'ן — יוסף און בנימין (דעם לעצטען האָט רחל געבוירען נאָהענט פאַר'ן טויט און ווען זי האָט די נשמה אויסגעהויכט, רופט זי דאָס קינד בן אוני; פון בלהה'ן — דן און נפתלי; פון זלפה'ן — גד און אשר.

רחל האט 7 יאָהר נאָך דער חתונה נישט געהאַט קיין קינדער און זי האָט שטאַרק פאַראיבעל געהאַט אויף יעקב'ן פאַרוואָס ער בעט נישט גאָט זי זאָל האָבען קינדער. יעקב'ן פערדריסט עס שטאַרק, וואָס זי האַלט איהם פאַר אַזאַ שטאַרקע קראַפט, צו פועל'ן ביי גאָט אַלץ וואָס ער וויל: דו מוזט אַליין תפילה טהון, זאָגט איהר יעקב, אויב דו ווילסט אַ הילף פון גאָט.

רבקה שיקט נאָך יעקב'ן. נאָכדעם ווי יעקב איז שוין 14 יאָהר ביי לבנ'ן, שיקט רבקה שלוחים נאָך יעקב'ן ער זאָל אַ היים קומען, (סה"י) און יעקב פאָדערט פון לבנ'ן ער זאָל איהם געבען רשות אַ היים צוצופאָהרען מיט ווייב און קינדער.

לבן האָט אָבער נישט אויפגעגעבען זיין פּלאַן אויפצוהאַלטען יעקב׳ן ביי זיך וואָס לענגער און ער געפונט אַ געלעגענהייט צו רעדען מיט יעקב׳ן, אַז ער קען נישט אוועקשיקען זיינע קינדער, ביז זיי וועלען האָבען אַ שטיקעל פערמעגען.

און יעקב פערלאַנגט פון לבנ׳ן גאָרנישט (דאָס איז געווען די מידה פון אַלע אבות, אברהם, יצחק און יעקב, זיי האָבען נישט געוואָלט נעהמען קיין מתנה פון אַ מענש – ילקוט הדש), נור ער מאַכט איהם אָט דעם פאָרשלאַג:

איך וועל אַ צייט, ווייטער אומגעהען מיט דיין שאָף און די זאָלסט אויסטהיילען פון זיי אַלע געפלעקעלטע און די געפלעקעלטע וואָס וועלען געבוירען ווערען פון יעצט און ווייטער וועלען געהערען צו מיר, אַלס פערגיטיגונג פאַר די אַרבייט.

לבן איז גערן איינגעגאַנגען אויף דעם פאָרשלאַג, ווייל די צאָהל געפלעקעלטע וואָס ווערען געבוירען איז לפי ערך אַ קליינע.

און אמלאך בעווייזט זיך אין חלום צו יעקב׳ן און ווייזט איהם, דאָס פון הימעל לאָזט מען נישט לבנ׳ן אויספיהרען זיינע שלעכטע עצות געגען יעקב׳ן און דאָס רוב ניי-געבוירענע שאָף וועלען זיין געפלעקעלטע.

עס זענען פערביי נאָך 6 יאָהר, וועלכע יעקב איז פערבליבען ביי לבנ׳ן אין הויז. אין דער צייט, ווערט יעקב זעהר רייך׳ יעקב׳ס שעפסען בעקומען אַ גוטען נאָמען ביי אַלע, וועלכע זוכען זיי צו קויפען אָדער צו טוישען אויף אַ אַנדער זאַך, אַזוי דאָס יעקב׳ס פערמעגען איז אויסגעוואַקסען אין א גרויס עשירות. לבן איז איהם שטאַרק מקנא. אויך די בני לבן מורמלען, אז יעקב האָט זיין גאַנץ פערמעגען געמאַכט ביי לבנ׳ן אין יעצט וויל ער אנטלויפען. לבן זוכט דעריבער עצות, און ער וויל אויך כשוף אָנטהון יעקב׳ן אָדער זיינע קינדער ..... יעקב זאָל נישט קענען אוועק (ילקוט חדש).



מכירת יוסף

**יעקב אַנטלויפט פון לבנ׳ן.** ווען יעקב איז אַלט געווען 97 יאָהר (ער איז שוין 20 יאָהר ביי לבנ׳ן) בעווייזט זיך צו איהם דער כבוד פון גאָט און בעפעהלט איהם, אומקעהרען זיך אַהיים צו זיין געבורטס-לאַנד, און ער בעקומט ווידער אַ פערזיכערונג, דאָס עס וועט איהם נישט געשעהען קיין שלעכט׳ס.

יעקב רופט אויף אַ בעראַטונג זיינע ווייבער, רחל מיט לאה׳ן און ער ווייזט זיי ווי לבן זוכט עצות איהם אויפצוהאַלטען, ער אָבער קען נישט לענגער בלייבען, ווייל ער האָט אַ בעפעהל פון גאָט אַהיים צוגעהען אין זיין פאָטערלאנד. און עס בלייבט ביי זיי צו אַנטלויפען.

זיי האָבען אָבגעוואַרט א מאָמענט ווען לבן איז אוועק שעהרען די שעפסען און זיי זענען אַנטלאָפען, יעקב מיט די ווייבער און קינדער און זייער גאנץ פערמעגען.

לבן איז געווען א גרויסער כשוף-מאכער, און ער האָט זיך איינגעאָרדענט אזעלכע „תרפים״, פון וועלכע מען האָט זיך געקענט דערוויסען בעהאלטענע זאכען און וואָס עס וועט שפּעטער געשעהען. די תרפים זענען געמאכט געוואָרען פון א מענשען-קאָפּ: מ׳האָט גענומען א בכור וועלכען מ׳האָט געשחט׳ן, פערזאלצען דעם אָבגעשניטענעם קאָפּ און איהם געזאלבט מיט אייל, און מ׳האָט אויפגעשריבען א שם אויף א קליינעם טאוועל פון קיפּער אָדער זילבער, וואָס מ׳האָט דעם קאָפּ ארייגגעלעגט אונטער די צונג; מ׳האָט אָנגעצינדען ליכט און צום קאָפּ זיך געבוקט — מיט׳ן כח פונ׳ם שם וואָס איז דאָרט געליגען, האָט דער מענשען-קאָפּ געענטפערט דאָס וואָס מ׳האָט איהם געפרעגט.

רחל האָט פאר׳ן אוועקגעהן, ארויסגע׳גנב׳עט פון איהר פאָטערס הויז די תרפים, אזוי דאָס לבן זאָל נישט האָבען די מעגליכקייט זיך צו דערוויסען דעם וועג ווי יעקב מיט די קינדער זענען אנטלאָפען.

**לבן דעריאָגט יעקב׳ן.** לבן דערוואוסט זיך, אַז יעקב איז אַנטלאָפען און ער לויפט צו די תרפים (צו אַ צווייטען תרפים-

קאָפּ ווייל לבן׳ס תרפים האָט רחל צוגענומען) און ער פערזאַמעלט אַ מחנה מענשען פון זיינע אַלע נאָהנטע און דיענערשאַפט און ער דערגרייכט יעקבֿ׳ן ביי גלעד. לבן טענה׳ט זיך אויס מיט יעקב׳ן פאַרוואָס ער איז אַנטלאָפען און איהם נישט געגעבען די מעגליכ-קייט, צו בעגלייטען און אַוועקשיקען זיינע קינדער ווי עס פיהרט זיך. יעקב ערקלערט אָבער, דאָס פון לבן׳ס גאַנצע האַנדלונג איז געווען צו זעהען, אַז ער טראַכט יעקב׳ן מיט די קינדער קיינמאָל נישט אַוועקצולאָזען.

זיי שליסען דאן אַ כּריתת-ברית, יעקב מיט לבנ׳ן, זייערע קינדער זאָלען איינער דעם צווייטען קיין שלעכטס נישט טהון.

(ווען יואב איז אין שליחות פון דוד המלך געגאַנגען אין אַ מלחמה אויף ארם, האָבען די לעצטע געפאָדערט ביי יואב׳ן ער זאָל האַלטען דעם כריתת ברית, וואָס די אבות פון ישראל און ארם, יעקב מיט לבנ׳ן, האָבען אָבגעמאַכט, אַז זייערע קינדער זאָל איינס דאָס אַנדערע קיין שלעכט׳ס נישט טהון. יואב פרעגט אָן ביי דוד׳ן וואָס צו טהון און דוד פרעגט ביי די סנהדרין. די לעצטע ענטפערען, אַז עס איז אמת געווען אַ כריתת-ברית, אָבער די קינדער פון ארם האָבען פריהער דעם כריתת-ברית מבטל געמאַכט, ווי בלעם זאָגט: מן ארם ינחני בלק. און אויך כּושן רשעתים, וועלכע האָבען די יודען געזוכט אומצוברענגען. דאַן ערשט האָט יואב געפיהרט די מלחמה געגען ארם — ילקוט חדש)

לבן העצט צו אַ ברודער-קריעג. ווי נאָר לבן איז אַוועק פון יעקב׳ן האָט ער געשיקט זיין זוהן בעור, אַ יונגערמאַן פון 27 יאָהר, מיט 10 מאַן צו עשו׳ן, וועלכער וואוינט אין הר שעיר. זיי דערצעהלען איהם אין לבן׳ס נאָמען, וועגען יעקב׳ס עשירות און רייכטום, וואָס ער האָט זיך ערוואָרבען ביי לבנ׳ן אין הויז, און ווי ער איז צום סוף פון איהם אַנטלאָפען. ער עצה׳ט דעריבער עשו׳ן וואָס האָט שוין לאַנג אַ שנאה צו יעקב׳ן, אַז יעצט איז אַ גינסטי-גער מאָמענט און ער קען יעקב׳ן מיט זיין גאַנצע פאַמיליע און פערמעגען דערגרייכען ביים טייך יבוק, וואו ער געפונט זיך אויפ׳ן

וועג אַהיים צו זיין פאָטער יצחק (ספ״ה).

די דאָזיגע ווערטער זענען געווען געגוג אויפצוהעצען עשו׳ן און דערמאָנען איהם זיין אַלטע שנאה צו יעקב׳ן. עשו ווערט אין כעס און מאָביליזירט אַ אַרמעע, זיינע אייגענע קינדער און דיענער-שאַפט — 60 מאַן, פון די שעירים נעהמט ער 340 מאַן — צוזאַ-מען 400 מאַן בעריהמטע גבורים, בעוואָפענט מיט׳ן בעסטען גע-וועהר.

לבן האָט אָבער זיינע שלוחים געשיקט אויך צו רבקה׳ן און איהר איבערגעגעבען דאָס עשו געהט מיט זיינע חיילות אויף אַ מלחמה נעגען יעקב׳ן און זיין פאַמיליע, און זי זאָל איהם שנעל שיקען הילף (ספה״י). אַזוי האָט לבן געוואָלט דערפיהרען צו אַ ברודער-קריעג צווישען רבקה׳ס קינדער, יעקב מיט עשו׳ן, ביידע זאָלען זיך הרגענען איינער דעם צווייטען.

רבקה ראַטעוועט יעקב׳ן. רבקה האָט גוט בעטראכט די לאגע, אז ערשטענס זענען עשו׳ס חילות צאָהל-רייכער, און זיי זענען בעוואָפענט מיט די בעסטע געוועהר-מכשירים; צוויי-טענס — ווען אפילו יעקב זאָל ניצול ווערען, איז דאָך א סכנה, דאָס עס זאָלען פאלען מענשען-קרבנות; דריטענס — האָט זי אויך עשו׳ן געוואָלט אָבהאלטען פון א ברודער-קריעג, און זי שיקט איהרע מענשען — 72 מאן, זיי זאָלען העלפען יעקב׳ן, אויב א מלחמה מיט עשו׳ס חיילות וועט זיין אונפערמיידליך. דאביי עצה׳ט זי יעקב׳ן ער זאָל פיהרען אונטערהאנדלונגען מיט עשו׳ן און פרובען מיט גוטען איהם אָבהאלטען פון א מלחמה, ער זאָל אויך פרובען עשו׳ן פערשטעלען די אויגען מיט א שעהנע מתנה, וואָס ער זאָל איהם שיקען.

יעקב האָט שטארק בעדויערט, וואָס ער דארף זיך אונ-טערטעניג מאכען אונטער עשו׳ן, דאָך האָט ער געפאָלגט זיין מוטער׳ס עצה (ספה״י).

יעקב שיקט אַ שלום-דעלעגאַציע צו עשו׳ן, און דער-צעהלט איהם, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטעהען ביי לבנ׳ן, ער

האָט די גאַנצע צייט נישט געוואוסט פון קיין גוט׳ס. דאָרט האָט ער געמוזט שווער אַרבייטען, און ביי דער פערגיטיגונג וואָס איז איהם געקומען פאַר דער אַרבייט, האָט לבן איהם כסדר בעשוויני־דעלט, און נאָר דער חסד פון גאָט איז עס געוועזן, וואָס יעקב האָט מצליח געווען און ערוואָרבען זיין קאַפּיטאַל. יעקב בעט דערי־בער עשו׳ן דאָס ער זאָל פערגעסען די שנאה צו איהם, נאָך די ברכות וואָס ער האָט בעקומען פון פאָטער, אַז סיי ווי איז יעקב׳ן נישט אָנגעקומען דאָס גוט׳ס מיט וועלכען יצחק האָט איהם גע־בענשט, און עשו׳ן ווידער איז דאָך די גאַנצע צייט נישט שלעכט.

יעקב׳ס שליחים קומען צוריק מיט אַ שלעכטע בשורה: זיי האָבען ביי עשו׳ן גאָרנישט געווירקט מיט די שלום־פאָרשלאַגען און גיטע רייד, ער האַלט זיך ביי זיינע פלענער צו פערטיליגען יעקב׳ן און ער פערגעסט נישט זיין שנאה צו יעקב׳ן.

עס בלייבט אַלזאָ יעקב׳ן נור די עצה, צו בעטען אַ הילף ביי גאָט, וועלכער קען איהם מציל זיין פון עשו׳ס בייזע פלענער און מחשבות׳ן.

בײדע לאַגערען גרייטען זיך צום דעצירענדען מאָמענט. עשו בעטראַכט און אָרגאַניזירט זיינע חיילות. יעקב טהוט אויך דאָס זעלבע און ער פערטיילט זיינע מענשען און זיין פערמעגען אין צוויי מחנות, מיט׳ן אויסרעכנונג, אַז טאָמער בעפאַלט עשו איינע און איז איהר מנצח, זאָל די צווייטע מחנה האָבען די מעגליכקייט צו אַנטלויפען. ער האָט נאָך נישט אינגאַנצען רעזיג־נירט פון רבקה׳ס פּלאַן, צו שיקען עשו׳ן אַ מתנה און אויף איהם פּרובען ווייטער ווירקען מיט גוטען. ער אָרגאַניזירט אויך אַ זעהר שעה־נע מתנה וואָס זאָל בעצויבערען עשו׳ס אויג און אַליין שטעלט ער זיך תפילה טהון, אז עשו׳ס הארץ זאָל זיך איבערקעהרען צום גוטען, און עס זאָל ביי איהם דערוועקט ווערען דער פונק פון ברודער־רחמנות.

יעקב ראַנגעלט זיך מיט אַ מלאך. יעקב האָט איבער־געפיהרט זיינע מענשען און זיין גאַנץ פערמעגען איבער׳ן טייך

יבוק, און ער איז געבליבען איינער אליין אויף יענער זייט
סייך, דארט טהוט ער זיך דערהויבען אלס אויבער-מענש
וואס האט איינגאנצען נישט צו טהון מיט עשו׳ס ערדישע פער-
לאנגען און פאדערונגען, ער דערהויבט זיך צו דער העכסטער
מדרגה וואס א מענש קען נור דערגרייכען און ער וויל אויס-
ווירקען און שאפען א שטענדיגען עגזיסטענץ-באדען פאר די יודי-
שע דורות, וואס וועלען זיך געפינען אין כסדר׳דיגען קאמפ
און זיך אנשטויסען אין שוועריגקייטען וואס שטאמען פון עשו׳ס
טראכטונגען און לעבענס-פערלאנגען.

דער שטן (א מלאך וואס איז בעשטימט צו פערשולדיגען
מענשען און קומט אויף דער וועלט, א סך מאל אין א געשטאלט
פון מענשען — זעה אויבען), ער דערוויסט זיך פון די מדרגה
צו וועלכער יעקב גרייט זיך, און ער בעשליסט צו שטערען
יעקב׳ן, ער זאל נישט קענען אויספיהרען זיינע פלענער.

יעקב מוז פיהרען א שרעקליכען געראנגעל מיט׳ן שטן וואס
וויל איהם דוקא אומווארפען. יעקב דערהאלט זיך אבער מיט
א שרעקליכער גבורה, און דער שטן זעהט דאס עס איז איהם
אונמעגליך מיט יעקב׳ן עפעס צו מאכען. ער נעהמט איהם
אויפ׳ן שוואכסטען ארט, דאס ארט פון גיד הנשה (שפאן-אדער)
דאס שוואכסטע ארט אינם מענש׳ס קערפער, דא טרעפט ער
איהם און יעקב הינקט עטוואס; עס דויערט אבער נישט לאנג,
די זון שיינט אויף, און יעקב געהט ווידער גלייך ווי פריהער.

דער שטן זעהט אז ער וועט יעקב׳ן נישט בעזיעגען, און
ער בעט זיך ביי יעקב׳ן, איהם צו בעפרייען פון דער ווייּ-
טערער געראנגלעריי, יעקב טהוט עס אבער מיט א תנאי: ער
זאל איהם בענשען און מצהר נישט פערפיהרען מיט איהם
אזעלכע רייבונגען.

(די שפעטערע יודישע דורות האבען דעריבער די פליכט
נישט צו עסען און נישט צו געניסען פון גיד הנשה, זאגאר די
בהמות און אנדערע לעבעדיגע בעשעפענישען וואס ווערען פאר׳ן

מענש געבּרויכט, מוז אָבּער דער גיד הנשה אויסגעטיילט ווערן, אַלס צייכען פאַרן מענש, אַז די שוואַכע זייטען אין לעבּען, ווי מען קען זיך נישט שטאַרקען, דאַרף מען אינגאַנצען אַי־בּערלאָזען. די יודען דאַרפען נישט עסען דעם גיד הנשה איך צוליעבּ דעם, וואָס פון דאָרט שטאַמען אַלע נידריגע אינ־סטינקטען וואָס געפינען זיך אין יעדען קערפּער, און אַזוי ווי דאָס פלייש פון אַ בּהמה גיעט אַריין אַ קראַפט אינ׳ם מענש וואָס עסט איהר, דאַרף דער יוד אויסמיידען אַזעלכעס, וואָס רופט אין איהם אַרויס אַ גלוסטינג צו ערפיצלען די פערלאַנגען פון די נידריגע אינסטינקטען).

עשו דערשרעקט זיך פאַר די חילות׳ן, וואָס ער זעהט אויפ׳ן וועג. דאָס זענען געווען מלאכים וועלכע זענען ספּעציעל געשיקט געוואָרען פון הימעל ארויסצוהעלפען יעקב׳ן פון זיין נויט־לאגע. די מלאכים האָבּען פאַרגעשטעלט עשו׳ן, ווי צאָהל־רייכע חיילות לויפ׳ן איהם פאַרבּיי און ווילען אָנפאַלען אויף עשו׳ס מחנות. די לעצטע בּעטען זיך און טהון זיך פאָרוואַרפען מיט זייער יחוס: זיי זענען יצחק׳ס קינדער און אבּרהם׳ס אייניקלעך! דאָס אַלץ העלפט אָבּער ווייניג צו שטילען דעם כּעס פון די אָנפאַלענדע מחנות. ערשט ווען עס ווערט דערמאָנט יעקב׳ס נאָמען — „איז עס דאָך א אונזעריגער״ — דערהערען זיך שטימען: „לאָזט איהם צורוה״.

אזעלכע מחנות זענען געגאַנגען איינע נאָך די אנדערע, און עשו נעמט זיך שרעקען, אז יעקב׳ן איז געלונגען צו אָרגאַ־ניזירען א גרויסע ארמעע און ער שטארקט זיך דעריבּער, צו פערגע־סען די גאנצע שנאה, און ער בּעשליסט צו לעבּען בּשלום מיט יעקב׳ן.

יעקב מיט עשו׳ן טרעפען זיך אויפ׳ן וועג און בּעגרי־סען זיך הערצליך; הויבּען זיך אָן דערצעהלען, דער עיקר יעקב עשו׳ן — ווי עס איז זיי דערגאַנגען די יאָהרען. אַלע ווייגען: אַזוי פיעל צרות אין לעבּען האָט יעקב צו דערצעהלען.

דער שלום מיט יעקב׳ן, זעהט אויס עשו׳ן פאַר אַ גרונד־

פאַרצוּלעגן יעקב'ן, זיי זאָלן זיך ווידער פעראייניגען אויף שטענדיג, און צוזאַמען גרינדען איין מלוכה. יעקב ווארפט אָבער אָב דעם פאָרשלאַג. פאַר עשו'ן, זאָגט ער אַ תירוץ דאָס זיינע פאַמיליען־לייט זענען יונג און מען מוז זיך בעגעהן מיט זיי לאַנג־זאַם און מיושב'דיג. זיי קענען נישט פיהרען אַזאַ איילינ און רעש'דיג לעבען ווי עשו'ס קינדער.

עשו וויל אָבשטעלען מענשען מיט יעקב'ן, זיי זאָלען איהם שפּעטער פיהרען קיין שעיר, עשו'ס וואוינלאַנד, ווען יעקב'ס קינ־דער וועלען עלטער ווערען. יעקב'ס כונה איז אָבער געווען בלויז איינצושטילען דעם ברודער'ס כעס און שנאה, דעריבער איז ער מיט איהם גוט געוואָרען. פון צוזאַמענוואוינען האָט אָבער קיין רייד נישט געקענט זיין: עס האַרמאָנירט נישט, נישט זייער וועלט־אַנשויאונג און נישט זייערע מדות, דעריבער נעהמט זיך יעקב אויפ'ן וועג קיין שכם וואו ער קויפט אַ נחלה פאַר זיין פאַמיליע. און ער בלייבט דאָרט וואוינען אַנדערטהאַלבען יאָהר(יוחסין). עשו געהט צוריק אַהיים קיין שעיר.

**דינה'ס געפאַנגענשאַפט אין שכם.** ביי די שטאָדט־לייט פון שכם איז געווען אַ גרויסער יום־טוב, ווען אַלע פרויען און מיידלעך געהען אויפ'ן לאַנד, און דינה מיט איהר מוטער לאה זענען אויך געגאַנגען זעהען ווי די שכם'ער פרעהען זיך. דינה'ן האָט דערזעהען שכם אליין דער זוהן פון חמור, דער עלטסטער פון לאַנד, און זי געפעלט איהם זעהר. ער רייסט איהר מיט געוואַלד אָב פון איהר מוטער, און ברענגט איהר צו זיך אין הויז, וואו ער פייניגט זי, צום סוף אָבער איבערצייגט ער זיך, אַז האַלטען מיט געוואַלד דינה'ן ביי זיך אין הויז, דאָס וועט ער נישט אויספיהרען, נור איין עצה: ער זאָל פועל'ן ביי איהר פאָטער יעקב, דינה זאָל ווערען די געזעצליכע פרוי פון שכם'ן.

יעקב דערוואוסט זיך וועגען דעם, וואָס עס איז געשעהען מיט דינה און ער שיקט זיינע מענשען בעפרייען דינה און אַרויסנעה־מען איהר פון שכם'ס הויז. שכם איז אָבער שטאַרק און אָנגעזעהען

בײַ זײַנע לאַנדס־לײַט, און יעקב׳ס מענשען קענען זיך קײן עצה נישט געבען, זײ מוזען איבערלאָזען דינה׳ן בײַ שכם׳ן.

**שכם בײַ יעקב׳ן.** דערװײל זענען יעקב׳ס קינדער געקומען אַ הײם. יעקב איז פערביטערט און די ברידער טראַכטען אַ עצה װי צו ראַטעװען דינה און גלײַכצײַטיג אױך צו בעשטראָפען די שכם׳ער: קײן הפקרות קען דאָך נישט דערלאָזט װערען, בפרט מיט יעקב׳ס אַ קינד װאָס זוכט נישט די נאָהנטשאַפט מיט פרעמדע, װי קען עס אַלזאָ געשעהען זי זאָל אויף אַזאַ װילדען אופן בעצװאונגען װערען? און זײ בעשליסען צו געפינען אַ עצה װי זיך אָבצורעכענען מיט די שכם׳ער פאַר׳ן װילדען טהאַט װאָס זײ האָבען דערלאָזט.

חמור שכם׳ס פאָטער, פרובט זײן זוהן אָבשפּאַרען און אויפװײזען דאָס עס לוינט איהם גאָרנישט זיך אַזוי צו ערנידריגען צוליעב אַ יודישע פרוי, שכם בלײַבט אָבער עקשנות׳דיג בײַ זײַן פאָדערונג: ער מוז האָבען דינה׳ן פאַר אַ װײַב, אָהן איהר קען ער נישט לעבען.

בײדע, שכם מיט חמור׳ן קומען צו יעקב׳ן אין מיטען דער בעראַטונג, װען דינה׳ס פאָטער און ברודער טראַכטען װעגען אַ עצה װי צו ראַטעװען זײער טאָכטער און שװעסטער. זײ בעהאַלטען אין זיך דעם אינערליכען כעס און צאָרן און פרובען הערען װאָס שכם װעט זאָגען.

איהר האָט די מעגליכקײט צו װערען בעלי בתים פון אַ גרױסען און שעהנעם קאַנט, נישט װי איהר זיצט אין אַ קלײנע נחלה בײַ שכם, װאָס איהר האָט געמוזט קױפען און בעצאָהלען געגנוג געלד.—אַזוי האָט חמור מיט שכם׳ן געפרובט אײנרעדען יעקב׳ן מיט זײַנע קינדער — אַדרבה, זײַט אײַך מיט אונז מתחתן, שכם װעט װערען יעקב׳ס אײדעם און פערקעהרט אויך, די בני יעקב װעלען נעהמען די טעכטער פון שכם, װעלען מיר אַזוי אַרום זיך פערמישען אין אײן פאָלק, דאָס לאַנד קען גענוג זײן פאַר אַלעמען. שכם אַלײן געהט נאָך װײַטער אין זײַנע רײד, ער טהוט זיך נישט אָבשטעלען אויף קײן שום קאָנקרעקטע זאַך, נור אַלץ װאָס זײ

פערלאַנגען איז ער גרייט צו טהון, אַבי דינה זאָל ווערען זיין ווייב.
— און ווי קענען מיר זיך מתחתן זיין מיט מענשען וואָס זענען נישט גע׳מל׳ט און זענען אויך נישט מל זייערע קינ, דער? — ערקלערען די בני יעקב; איהר ווייסט דאָך דאָס אברהם׳ס קינדער זענען פערפליכטעט מל צו זיין די קינדער.
— אויך דאָס זענען מיר גרייט צו טהון—ענפערט שכם:
— אויב אַזוי מוזען מיר שיקען אָנפרעגען ביי יצחק׳ן — זאָגען ווייטער די בני יעקב, און עס בלייבט אַז שכם זאָל קומען אויף צו מאָרגענס נאָך אַ תשובה.
די בני יעקב האָבען דעם תירוץ אוסגעזוכט, בכדי שכם מיט חמור זאָלען פעלאָזען זייער הויז מיט גוטען, און דערוייל וועלען זיי זיך מיישב זיין וואָס צו טהון.
נאָך אַ ישוב הדעת, ווערט אָנגענומען שמעון׳ס פאָרשלאַג, מען זאָל ווייטער פיהרען די אונטערהאַנדלונגען מיט שכם׳ן, אַז זיי זאָלען זיך מל זיין, און נישט נור זיי אַליין, נור די גאַנצע שטאָדט, ווייל די בני יעקב קענען זיך נישט מתחתן זיין מיט אַ מענש וואָס זיינע משפחה-און נאָהנטע לייט זענען נישט גע׳מל׳ט. אויב ווידער די גאַנצע שטאָדט וועט זיך מל זיין, וועט מען זיי קענען בעפעלען אינ׳ם טאָג וואָס אַלע וועלען זיין אָבגעשוואַכט פון דער מילה-אָפעראַציע, און דאַן וועט מען אויך קענען בעפרייען דינה.
(די בני יעקב האָבען איינגעפונען, אַז די שכם׳ער דאַרפען פעראורטיילט ווערען צום טויט: ערשטענס, האָבען זיי געלאָזט גזלה׳נען אַ מענש, שכם האָט גערויבט דינהן, און אַ בן נח ווערט פעראורטיילט צום טויט פאַר גזל-(רמב״ם); צווייטענס, האָבען זיי נישט געוואָלט אַרויסגעבען דינה׳ן און ווען די בני יעקב קומען מיט געוואַלד צו בעפרייען דינה׳ן, דאַן זענען די שכם׳ער געווען גרייט אויף אַ מלחמה מיט די בני יעקב.
די בני יעקב האָבען אַלזאָ נישט געפונען קיין אַנדערע עצה ווי צו בעפרייען דינה און אויך צו ווייזען, אַז די בני יעקב זענען

נישט הפקר פאַר יעדען וואָס וויל זיי בערויבען-נאָר דורך פערפיהרען אַ מלחמה און בעווייזען אַ גבורה-טהאַט פון וועלכען די שכנים זאָלען אויפגעציטערט ווערען און זיי זאָלען אויך וויסען ווי צו שעצען און האָבען די געהעריגע בעציהונג צו די בני יעקב).

**די שכם'ער זענען זיך מל.** דערהערענדיג פון די בני יעקב דעם תנאי, אַז זיי מוזען זיך מל זיין אַלע מאַנסבילען, פערזאַמעלט שכם אַלע שטאָדט לייט, און דערצעהלט זיי וועגען די בני יעקב, אַז זיי זענען מסכים מיט אונז צוזאַמען איין פאָלק צו בילדען, און מיר וועלען זייערע געראָטענע טעכטער און גרויסע רייכטומער ערווערבען, נאָר זיי פערלאַנגען, אַז אַלע מאַנסבילען זאָלען זיך מל זיין, אזוי ווי די בני אברהם זענען אַלע גע'מל'ט. די שכם'ער זענען מסכים צו די דאָזיגע רייד, ווייל שכם און זיין פאָטער חמור, אַלס די הערען פון לאַנד זענען געווען שטאַרק בעליעבט און אָנגעזעהען אין שטאָדט.

אויף צומאָרגענס האָבען זיך אַלע מאַנסבילען איינגעזאַמעלט אין שטאָדט-טויער, מען האָט אַרויסגערופען די בני יעקב וועלכע זענען מל 645 דערוואַקסענע מענער און 276 קינדער.

דער פאָטער פון חמור, חדקם בן פרד, מיט זיינע 6 ברודער האָבען נישט געפאָלגט דעם פערלאַנג פון חמור און שכם און די האָבען זיך נישט מל געווען. חדקם'ן האָט עס זעהר פערדראָסען וואָס די שכם'ער האָבען זיך געלאָזט צורעדען צו די רייד פון זיין זוהן און איינִיקעל, און זיך געלאָזט מל זיין.

**די שכם'ער האָבען חרטה.** אויפן צווייטען טאָג פון זייער מל זיין, האָט מען ענטדעקט 8 קינדער וועלכע די מוטערס האָבען אויסבעהאַלטען, מען זאָל זיי נישט מל זיין. שכם האָט געשיקט ברענגען די אַכט קינדער צו זיך. ווי די קינדער זענען געבראַכט געוואָרען אין הויז פון שכם האָבען חדקם מיט זיינע 6 ברודער זיך איינגעריסען אין הויז מיט שווערדען אין די הענד און געוואָלט הרג'נען שכם מיט חמור'ן און דינה, אויב די דאָזיגע קינדער וועלען גע'מל'ט ווערען. חדקם האָט מיט כעס אויסגערופען: צי איז

שזין בײ די כנענים נישט פערהאַן קײן פרוי פאַר אײך, איהר זאָלט איהר מוזען שאַפען בײ די בני יעקב, און דערפאַר זאָלט איהר אײך אַלע מוזען מל זײן? און וואָס וועט איהר ענטפערן אײערע ברודער די כנענים וועָן זײ וועלען אײך פרעגען: צוליעב אײן יודישע טאָכטער האָט זיך אַ גאַנצע שטאָדט מל געווען? איך וועל פערזאַמלען אַ מחנה כנענים און אויס׳הרג׳נען אײך מיט אײערע קינדער, פאַר דער שאַנד וואָס איהר האָט אויף אונז געבראַכט.

שכם און חמור האָבען מורא בעקומען פאַר די רײד פון חדקם און געענטפערט, אַז נישט אויס ליעבשאַפט צו די העברעער האָבען זײ זיך מל געווען נור צוליעב זײער׳ס אַ טאָכטער און מיר האָבען חרטה אויף אונזערע מעשים; און ווי נור מיר וועלען געזונד ווערען וועלען מיר אויס׳הרג׳נען די העברעער פאַר׳ן צורעדען אונז דערצו.

דינה דערוואוסט זיך דערפון און שיקט אײנע פון איהרע דינסטען, וואָס דער פאָטער יעקב האָט איהר געשיקט — צו איהר פאָטער איבערגעבען איהם דעם בעשלוס פון די שכם׳ער.

**די הריגה אין שכם.** און די בני יעקב דערהערענדיג די רײד פון די שכם׳ער ווערען זײ פול מיט צאָרן, און שמעון מיט לוי רופען אויס: ווי גאָט ב״ה לעבט, אַזוי וועט מאָרגען נישט בלײבען אין שכם קײן איבערבלײבניש.

שמעון מיט לוי קומען אין שטאָדט און הרג׳נען אַלע זכרים. די געשרײען פון שטאָדט טראָגען זיך ביז צום הימעל. צוואַנציג יונגעלײט, וואָס האָבען זיך פריהער אויסבעהאַלטען און נישט מל געווען, זײ האָבען זיך פערזאַמעלט מלחמה צו האַלטען מיט שמעון און לוי, אָבער די לעצטע דער׳הרג׳נען 18 פון זײ און צווײ אַנט-לויפען. שמעון געהט אין הויז פון שכם און בעפרײט זײן שוועס-טער דינה. לוי עפענט די טירען פון שכם און די בני יעקב קו-מען אַרײן אין שטאָדט.

יעקב זעהט די שרעקליכע שחיטה און די רויב וואָס זײנע זיהן האָבען געמאַכט אין שכם, ווערט ער זעהר אויפגערעגט און זאָגט

צו זיי: מיר האָבען זיך ענדליך געפונען אַ שטיקעל אָרט צו רוהען אונ יעצט, ווען איהר האָט געטהון אין שכם אַזאַ רציחה, וועלען זיך פערזאַמלען אַלע כנענים מלחמה צו האַלטען מיט אונז, און מיר וועלען אַלע אומקומען!

שמעון ולוי ענטפערן, אַז די שטאָדט וועלכע האָט געטהון אַזאַ שענדליכע זאַך האָט געמוזט אונטערגעהען.

פון דער גאַנצער שטאָדט זענען ניצול געוואָרען 47 מענער וועלכע זענען אַנטלאָפען און 85 פרויען און קינדער, וועלכע זענען געוואָרען דינסטען אין יעקב׳ס הויז, ביז די יודען זענען אַרויס פון מצרים.

(די געשיכטע פון די בני יעקב מיט שכם, איז געווען אין יאָהר 2206 זייט בריאת עולם. דינה איז דאַן אַלט געווען 9 אָדער 10 יאָהר. איהר טאָכטער איז געווען אסנת (שפעטער יוסף׳ס ווייב — זעה ווייטער). ביי יעקב׳ס טויט איז דינה אַלט געווען 57 יאָהר.

שמעון מיט לוי זענען אַלט געווען 13—14 יאָהר ווען זיי האָבען אויסגעפיהרט דעם גבורה-טהאַט איבע די שכם׳ער—סה״ד).

דער אָנהויב פון מלחמות. ווי די בני יעקב האָבען פערלאָזט די שטאָדט, זענען אַרויס די צוויי אַנטרינענע יונגעלייט פון זייערע בעהעלטנישען, און זעהענדיג דעם חורבן פון דער שטאָדט, זענען זיי געלאָפען קיין תפוח און דערצעהלט, וואָס די בני יעקב האָבען געטהון אין שכם. ישוב דער מלך פון תפוח גלויבט נישט די רייד פון די שכם׳ער און ער שיקט שלוחים קיין שכם. די שלוחים קומען צוריק און דערצעהלען, אַז די גאַנצע שטאָדט איז לעדיג און נאָר אַ קליינע צאָהל פרויען זענען פערהאַן אין איהר, וואָס וויינען אויף זייער חורבן. ישוב וואונדערט זיך זעהר, ווי-אַזוי צוויי מאַן קענען אויס׳הרג׳נען אַ גאַנצע שטאָדט, אַ זאַך וואָס איז אפילו אין נמרוד׳ס צייטען נישט געשעהען. און ישוב זאַמעלט איין אַלע איינוואוינער פון דער שטאָדט צו געהען אויף אַ מלחמה מיט די בני יעקב.



יעקב מיט זיין הויזגעזינד גייען קיין מצרים.

און יואב שרעקט זיך אליין מלחמה צו האלטען מיט די בני יעקב, ער שיקט דעריבער שלוחים צו אלע שכנים זיי זאָלען זיך פערזאַמלען אויף א מלחמה מיט די בני יעקב. עס פערזאמלען זיך 7 מלכים מיט אַנ׳אַרמעע פון צעהן טויזענד מאַן, מלחמה האלטען מיט יעקב און זיינע קינדער.

**יעקב׳ס שרעק.** ווען יעקב דערוויסט זיך פון דער גרויסער אַרמעע וואָס געהט אויף איהם, פאַלט אויף איהם אַ פחד און ער צאָרענט אויף זיינע זיהן וואָס האָבען אויף איהם געבראַכט אזא שרעקליכע מלחמה. דאַן טרעט אַרויס יהודה און זאָגט צו זיין פאָטער: צי האָבען דען מיינע ברידער מיט אומרעכט אומגעבראַכט די שטאָדט שכם? זיי זענען דאָך אַלע שולדיג, זעהענדיג ווי זייער ראש שכם נעמט אַ מיידעל און פייניגט איהר פאַר אַלעמען אין די אויגען און קיינער שטערט נישט, דאַמיט זענען זיי דאָך מחויב געוואָרען מיתה, ווייל זיי האָבען עובר געווען אויף איינס פון די מצות, וועלכע די בני נח זענען געבאָטען געוואָרען; שרעק דיך נישט פאָטער! דער גאָט וועלכער האָט איבערגעגעבען אין אונזער האַנד די שטאָדט שכם, וועט אונז אויך איבערגעבען די 7 מלכים מיט זייערע חיילות. בעט נור גאָט, בעט פאַר אונז, ער זאָל אונז מציל זיין פון אונזערע פיינד און זיי איבערגעבען אין אונזערע הענד.

**יהודה אַלס אָנפיהרער.** יהודה ווערט בעשטימט אַלס ראש פון דער קליינער העלדישער מחנה. יהודה שיקט אַרויס איינעם פון זיינע קנעכט אויסשפירען די פיינדליכע מחנות. דער קנעכט קומט צוריק און דערצעהלט, אַז די 7 מלכים מיט זייערע מחנות רוהען נישט ווייט פון שטאָדט, ווי זאַמד ביים טייך. יהודה פערזאַמעלט זיינע ברידער און קנעכט, מונטערט זיי צום קאַמפף. יעדער גורט זיך אָן זיין געוועהר, גרייט אין דער מלחמה צו געהן. אויך יצחק׳ס קנעכט קומען אָן כדי מיטצוהעלפען די בני יעקב מלחמה האַלטען. צוזאַמען איז די מחנה פון 12 הויפט. לייט צוזאַמען מיט יעקב׳ן און 100 דיענער.

**די תפלות פון יצחק און יעקב.** די בני יעקב שיקען קיין חברון א שלוח צו זייער זיידען יצחק, ער זאָל מתפלל זיין, זיינע קינדער זאָלען מנצח זיין אין דער שווערער מלחמה. און יצחק איז מתפלל צו גאָט און זאָגט:

גאָט מיין גאָט! דו האָסט דאָך צוגעזאָגט מיין פאָטער אברהם; איך וועל דיינע קינדער מעהרען ווי די שטערען פון הימעל, און אויך מיר האָסטו דאָס אייגענע פערזיכערט, און יעצט פערזאַמלען זיך אַלע מלכים פון כנען מלחמה צו האלטען מיט מיינע קינדער, גיב זשע, אָה גאָט, פחד און ציטערניש אין די הערצער פון די כנענים, זיי זאָלען זיך שרעקען פאַר די קינדער מיינע און זאָלען נישט מלחמה האַלטען מיט זיי.

אויך יעקב איז מתפלל צו גאָט ב"ה און זאָגט:

גרויסער גאָט! בעשעפער פון דער וועלט! דו גאָט, וועלכער דערוועקסט אַ מלחמה און צושטערסט איהר, און אין דיין האַנד געפונען מיר זיך שטענדיג, זאָל זיין בעוויליגט מיין תפלה פאַר דיר, דו זאָלסט וואַרפען אַ מורא און אַ פלוכטעניש אויף די שונאים און זייערע מחנות, און זאָלסט רעטען די קליינע מחנה וואָס פערזיכערען זיך אויף דיין חסד, אַז די וועסט וואַרפען די שונאים אונזערע צו די פיס.

**די שרעק פון די שונאים.** און גאָט ב"ה וואַרפט אַ שרעק אויף אַלע פערזאַמעלטע מחנות וועלכע רוהען אין טאָהל נישט ווייט פון שכם, גרייט צו אַ מלחמה מיט די בני יעקב. עס פערזאַמלען זיך אַלע מלכים אויף אַ בעראַטונג מיט זייערע קלוגע עצה-געבער. און די שרעק ביי די אמוריים שטאַרקט זיך פון מינוט צו מינוט, אזוי אַז די עצה-געבער קומען צום בעשלוס, אַז פיהרען מלחמה מיט די בני יעקב וועט הייסען — אונטערגאַנג און פערטיליגונג פון די מלכים. איינער פון די קלוגסטע ראַטגעבער האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר די פערזאַמעלטע מלכים און זאָגט: „צי האָט איהר דעם דעת פערלוירען וואָס עס האָט אייך פערגלוסט מלחמה צו האַלטען מיט די בני יעקב? צי האָט איהר נישט קיין

פערשטאַנד צו וויסען, אַז זיי וועלען אייך פערניכטען, פונקט ווי צוויי פון זיי האָבען פערניכטעט אַזאַ שטאָדט ווי שכם? איהר ווייסט דאָך דאָס זייער גאָט שוצט זיי און בעווייזט זיי הימלישע וואונדער, אַזעלכע וואָס די וועלט האָט נישט געהערט און נישט געזעהען. געוויס האָט איהר געהערט ווי גאָט האָט מציל געווען זייער שטאַם-פאָטער אברהם העברי פון נמרוד׳ס קאַלך-אויבען און פון זיין שווערד, פיעל מאָל — אָט דער זעלבער אברהם האָט אויס-געהרג׳עט 5 פון די שטאַרקסטע און גרעסטע וועלט-מושלים דער-פאַר וואָס זיי האָבען פערטשפּעט זיין ברודער-זוהן, אין איין נאַכט האָט ער מיט דער הילף פון זיין דיענער און אַ קליינע צאָל מענ-שען, נאָכגעיאָגט די 5 מלכים מיט זייערע גרויסע חיילות און זיי אומגעבראַכט".

„איהר דאַרפט אויך וויסען, דאָס די העברעער ליעבען שטאַרק זייער גאָט און זענען אויך גרייט אומצוקומען פאַר זיין רצון, דערפאַר היט ער זיי פון אַלע זייערע שונאים. געוויס האָט איהר געהערט ווי אברהם האָט זיין איינציגען זוהן וועלכער איז איהם געבוירען געוואָרען, אויף דער עלטער, געפיהרט אין דער מדבר אַריין און גרייט געווען איהם צו שחט׳ן און פערברענען אַלס קרבן צו גאָט; און ווען נישט וואָס גאָט האָט איהם אין דער לעצטער מינוט אָבגעהאַלטען דערפון, וואָלט ער זיכער זיין געליעבטען זוהן געבראַכט אַ קרבן פאַר גאָט׳ס בעפעהל. און גאָט, זעהענדיג די איבערגעבענהייט פון אַברהם צו איהם, האָט צוגעשוואוירען, אַז ער וועט אייביג אָבהיטען זיינע קינדער פון אַלדעס בייז און שלעכטס וואָס וועט אויף זיי קומען, דערפאַר וואָס ער האָט זיך נישט אָבגעהאַלטען צו ברענגען פאַר גאָט אַזאַ שווערען קרבן".

און איך זאָג אייך: „וועה איז דעם מענש וועלכער טהוט שלעכט׳ס און טראַכט פון טהון שלעכט׳ס די העברעער, פונקט ווי פּרעה דער קעניג פון מצרים און אבימלך דער קעניג פון גרר זענען שווער בעשטראָפט געוואָרען, ווייל זיי האָבען געפּרובט בערוי-בען די פרייהייט פון זייער שטאַם-מוטער שרה. און מיט אונזערע

אויגען האָבען מיר געזעהען, ווי עשו, יעקב׳ס ברודער, האָט זיך געלאָזט אקעגען יעקב׳ן מיט 400 מאַן איהם אומצוּברענגען, דער־פאַר ווייל ער האָט איהם צוגענומען די ברכות פון זיין פאָטער. ער האָט איהם אָבער דאָך קיין שום שלעכטס נישט געקענט טהון, ווייל גאָט היט יעקב׳ן פון יעדען אומגליק—זעהט איהר דאָך, איהר מלכי אמורי, פונקט ווי גאָט האָט זיי מציל געווען פון׳ם ברו־דערס שווערד, וועט ער דאָך זיי געוויס אויך פון אייער צאָרן מציל זיין״.

„ערשט זייער גבורה: צי האָט איהר ווען עס איז געהערט, אַז צוויי יונגעלייט זאָלען אומברענגען אַ גאַנצע שטאָדט, און איצט ווען איהר זענט שוין אַהערגעקומען אויף אַ מלחמה, צי וועט איהר וואַגען מלחמה צו האַלטען מיט די בני יעקב? אַפילו איהר זאָלט האָבען אַנ׳אַרמעע וואָס זאָל זיין טויזענד מאָהל מעהר ווי אייער איצטיגע אַרמעע, וואָלט איהר דען זיכער געווען אין נצחון? וואָלט איהר דען נישט געשראָקען פאַר זיי, פונקט ווי איהר שרעקט זיך איצטער״?

„עס איז דעריבער די קלוגסטע עצה פון אייער זייט, איהר זאָלט נישט ברענגען אַ צרה אויף זיך, און נישט מלחמה האַלטען מיט די בני יעקב״!

די מלכים ציהען צוריק. און די מלכי אמורי, האָבען נאָך אַ לענגערע בעראַטונג איינגעזעהען די ריכטיגקייט פון די רייד און בעשלאָסען צוריק צוציהען זיך און נישט אונטערנעהמען די געפלאַנטע מלחמה.

אַזוי האָט גאָט ב״ה צוגעהערט צו די תפלות פון יצחק און יעקב און געוואָרפען אויף זיי אַ מאוים׳דיגע שרעק. אינם דאָזיגען טאָג האָט זיך די גאַנצע מחנה צוריקגעצויגען יעדער אין זיין לאַנד און נישט מלחמה געהאַלטען מיט די קליינע צאָהל יעקב׳ס קינדער. און די בני יעקב מיט זייער קליינער מחנה, שטעהענדיג גרייט צום קאַמף אויפן באַרג סיחון — האָבען פלוצלינג דערזעהען ווי זייערע שונאים ציהען זיך צוריק אין גרויס איילעניש. זיי האָבען דעריבער

זינגענדיג שירות ותשבחות צו גאָט, צוריקגעקעהרט אויף זייער אָרט אונטער דער שטאָדט שכם.

**יעקב אין בית אל.** גאָט בעווייזט זיך צו יעקב'ן און בעפעהלט איהם צוגעהען קיין בית אל דאָרט שטעלען אַ מזבח און דיענען גאָט.

יעקב זאַמעלט איין זיין גאַנץ הויזגעזונד און פערמעגען און קומט קיין בית אל ווי גאָט האָט איהם בעפוילען. (יעקב איז דאַ־מאָלס אַלט 99 יאָהר) יעקב בעזעצט זיך מיט זיין משפחה אין דער שטאָדט לוז, וועלכע יעקב האָט אַ נאָמען געגעבען בית אל. זעקס חדשים וואוינט יעקב אין בית אל. (אין דער זעלבער צייט שטאַרבט רבקה יצחק'ס ווייב,—זעה אויבען)

**רחל'ס טויט.** ווען יעקב ווערט אַלט הונדערט יאָהר, בע־ווייזט זיך צו איהם גאָט ב"ה און בענשט איהם און גיעט איהם אַ נאָמען **ישראל.** (פון דאן ווערען עס די יודען גערופען בני־ישראל) יעקב פערלאָזט בית אל און געהט קיין חברון צו זיין פאָטער יצחק. אויפ'ן וועג קיין חברון נאָהנט פון בית לחם, ווערט ביי רחל'ן געבוירען איהר זוהן בנימין, וועמען זי רופט בן־אוני, און באַלד שטאַרבט זי יונגערהייט. יעקב בעגראָבט זיין פרוי אין מיטען וועג אַ קילאָמעטער ווייט פון דער שטאָדט בית לחם.

**יעקב ביים פאָטער איז חברון.** יעקב קומט ענדליך צו־ריק צו זיין פאָטער קיין חברון, און בעזעצט זיך מיט זיין הויז־געזונד נעבען זיין פאָטער יצחק. אין דער זעלבער צייט פערלאָזט עשו דאָס לאַנד, און פערנעמט דאָס לאַנד שעיר, אין וועלכען ער בעזעצט זיך מיט זיינע קינדער, ווייבער, קנעכט און בהמות. 20 יאָהר וואוינט יעקב ביי זיין פאָטער אין חברון. (סה"י)

**צוריק קיין שכם.** ווען יעקב איז אַלט געוואָרען 105 יאָהר, און זיין פערמעגען האָט זיך שטאַרק פערגרעסערט, איבער־הויפט די שאָף האָבען זיך זעהר געמעהרט, בעשליסט ער צוריק צוגעהן קיין שכם, וואו עס איז פערהאַן אַ גוטע פאַשע פאַר בהמות. די שטאָדט שכם האָט זיך שוין אָנגעהויבען צוריק צו

פויען נאָכ׳ן חורבן, וואָס עס האָבען אין איהר נעמאַכט די בני יעקב, און עס האָבען זיך געפונען אין שטאָדט אַ 300 מענשען. יעקב בעזעצט זיך אויף איין פּלאַץ, וואָס ער האָט געהאט אָבגע-קויפט ביי שכם, קומענדיג צום ערשטען מאָל אין דער שטאָדט.

**די בני יעקב מוזען פיהרען גרויסע מלחמות.** דאָס אָנקומען פון די בני יעקב האָט אַרויסגערופען אַ שרעק און אַ צאָרן ביי די ארומיגע פעלקער. זיי האָבען איבערגעטראַכט, אַז די בני יעקב האָבען אויפסניי בעשלאָסען חרוב צו מאַכען די שטאָדט און איהר צו ירשנען. עס האָבען זיך איינגעזאמעלט אַלע מלכים פון כנען, און זיי האָבען בעשלאָסען, ענדליך מלחמה צו האַלטען מיט די בני יעקב.

ישוב דער מלך פון **תפוח** שיקט צו זיינע פערבונדעטע מלכים: צו אילון פון געש, איהורי פון שילה, פּרתון פון חסר, סוסי פון סרטן, לבן פון בית חורון און שכיר פון מחנים,—זיי זאָ-לען זיך אַלע פערזאַמלען און מאָביליזירען זייערע חיילות אויף אַ מלחמה מיט די העברעער.

**זיעבען מחנות.** ישוב דער קעניג פון תפוח געהט אָקעגען די אָנגעקומענע מחנות, און שטעלט זיך אָן שפּיץ פון דער גאַנצער גרויסער אַרמעע. ישוב צוטיילט די מחנות אין זיעבען טיילען, כדי פון אַלע זייטען מלחמה צו האַלטען מיט די בני יעקב.

ישוב מיט די אַנדערע מלכים שיקען אַ בריעף צו יעקב׳ן אין וועלכען עס איז געשריבען פאָלגענדעס: קומט אַהער צו אונז אויפ׳ן מלחמה פּלאַץ, וועלען מיר זיך בעקענען מיט אייך און מיר וועלען זיך נוקם זיין פאַר שכם, די שטאָדט וועלכע איהר האָט פערניכטעט מיט עטליכע יאָהר צוריק, און איהר זענט יעצט אויפס-ניי געקומען זי פערניכטען.

**צום קאַמף.** יעקב׳ס קינדער האָבען געליינט דעם בריעף וואָס עס האָבען צו זיי געשיקט די מלכים פון כנען און עס האָט אין זיי געברענט דער גרימ-צאָרן. יהודה שטעלט זיך אין שפּיץ פון דער קליינער מחנה, וואָס איז בעשטאַנען צוזאַמען מיט אַלע קנעכט—142

מאַן און יעקב פערלאָזט זיי נישט, ער געהט צוזאַמען מיט זיינע זיהן אין דער מלחמה אַריין. די בני יעקב לאַגערען אין טאָל פון שכם.

**יעקב'ס תפלה צו גאָט.** און יעקב איז מתפלל צו גאָט און זאָגט: גאָט אונזער פאָטער און באַשעפער! דו האָסט דאָך אונז בעשאַפען מיר זאָלען דיך דיענען, מיר זענען דאָך דיינע קנעכט וואָס היטען דיינע געבאָטען, זאָל זשע דעריבער אונזער תפלה אָנ-גענומען ווערען אין בעשיץ אונז היינטיגען טאָג פון דער שווערער מלחמה, העלף אונז! גיב אַריין גבורה און שטאַרקייט אין די הער-צער פון מיינע קינדער און קנעכט; די שונאים זאָלען פאַלען פאַר אונזערע פיס. ווען אָבער מיר האָבען פערדיענט דעם טויט, דאַן שיק זשע דיינע מלאכים און נעהם-צו אונזערע נשמות, און לאָז אונז נישט פאַלען אין די הענד פון די כנענים.

**גאָט פערנעהמט יעקב'ס תפלה.** ווי יעקב האָט געענדיגט תפלה טהון, איז געקומען א שרעק אין די הערצער פון די כנענים; די זון איז געוואָרען דונקעל, די ערד האָט געציטערט, און דו-נערן מיט בליצען האָבען געגידערט פון הימעל, אַזוי אַז אַלע מלכים מיט זייערע חיילות זענען שיעור נישט אויס:געגאַנגען פון שרעק. אַזוי שטעהענדיג אין שרעק, האָבען די בני יעקב מיט זייערע הונ-דערט קנעכט זיך דערנעהנטערט צום קאַמף-פלאַץ מיט אַ שרעקליכען אַליאַרם, אַז אַלץ אַרום האָט געציטערט. און די כנענים האָבען זיך דערנעהנטערט מיט זייערע גרויסע מחנות ווייל עס האָט זיי שוין נישט געפּאַסט צוריק אָבצוטרעטען ווי ביים ערשטען מאָל.

**גאָט העלפט!** מיט אָט דעם געשריי האָבען די בני יעקב מיט די שווערדען אין די הענד זיך געלאָזט צום קאַמף. יהודה אין בעגלייטונג פון 6 קנעכט, זענען די ערשטע אַרויסגעלאָפען פון דער מחנה צו די פיינדליכע מחנות.

און ישוב דער מלך פון תפוח, איז דער ערשטער אַרויס-געטרעטען מיט זיין מיליטער געגען יהודה. יהודה האָט געשטארקט זיין הארץ און מיט שטורם זיך דערנעהנטערט אַ קעגען ישוב'ן

וועלכ׳ער איז געריטען אויף אַ שטארק פערד אָנגעטהאן פון קאָפּ ביז פיס אייזערנע און קופערנע פאַנצערס. ישוב איז געווען איי- נער פון די גרעסטע מלחמה-העלדען אין זיין צייט, ער האָט געשאָסען מיטביידע הענד און קיינמאָל האָט ער נישט פערפעהלט דעם ציעל. ישוב בעשיסט יהודה׳ן מיט פיילען, אָבער קיין איינע פון די פיילען דערגרייכען נישט צו יהודה און זיינע קנעכט.

די גבורות פון יהודה. דערנעהנטערנדיג זיך אויף אַ מרחק פון 30 איילען, כאַפּט יהודה אַ ריזיגען שטיין פון דער ערד און וואַרפט אויף ישוב׳ן. דער שטיין פאַלט אויפ׳ן פאַנצער מיט אַזאַ שטורם, אַז ישוב ווערט דערשראָקען און פאַלט פונ׳ם פערד, דער פאַנצער פלאַצט פונ׳ם שטאַרקען קלאַפּ און פאַלט אַוועק אויף אַ שטח פון 15 איילען.

די מלכים, דערזעהענדיג די גבורה פון יהודה, לויפען צו הילף ישוב׳ן מיט זיין מחנה, אָבער יהודה ווערט נישט דערשראָ- קען; מיט דער שווערד אין האַנד רייסט ער זיך אריין אין די פיינד- ליכע מחנה, און הרג׳ט 42 מאַן מיט איין קלאַפּ. די מחנה אַנטלויפט פאַר פחד, אַזוי אַז קיינער וואַגט נישט אַקעגען צו שטע- לען זיך איהם. און ישוב, זעהענדיג ווי זיינע לייט האָבען איהם פערלאָזט, און ער איז אַליין געבליבען אויפ׳ן שלאַכט-פעלד, האָט ער זיך אַהויב געטהון מיט גבורה פון דער ערד און זיך פערמאָסטען געגען יהודה, אויף אַ צוויי-קאַמף (דועל). ישוב הויבט אויף די שווערד אויף יהודה׳ס קאָפּ, אָבער יהודה פערדעקט דעם קאָפּ מיט ישוב׳ס פאַנצער וואָס איז געלעגען אויף די ערד. דער קלאַפּ איז געווען אַזאַ שטאַרקער, אַז די שווערד און אויך דער פאַנצער ווערען צושמעטערט. יהודה אָבער וואַרפט זיך אויף ישוב׳ן און טרעפט איהם מיט זיין שווערד אין די פיס-קנעכלען, פון וואָס ישוב פאַלט צו דער ערד און יהודה האָט די מעגליכקייט איהם דעם קאָפּ אָבצוהאַקען.

15 טויזענד הרוגים. יהודה׳ס גבורה גיעט צו מוט די איבריגע ברידער וועלכע וואַרפען זיך אין קאַמף מיט גבורה אויף

די מחנות פון זייערע שונאים און טויטען 15 טויזענד מאַן אין יענעם טאָג, די איבעריגע אַנטלויפען פון שלאַכט-פעלד.

אין דער צייט, ווען די ברדיער שלאָגען די כנענים, פערנעהמט זיך יהודה מיט'ן טויטען קערפער פון העלד ישוב, ער טהוט אַראָבציהען פון ישוב'ן דעם פאַנצער און זיין גאַנץ געוועהר. דאַן דערנעהנטער'ן זיך צו יהודה'ן אומגעריכט 6 הויפט-לייט פון ישוב'ס מחנה און זיי וואַרפען זיך אַלע אויף יהודה'ן. יהודה כאַפט אַ שטיין פון דער ערד און ווארפט צו זיי. דער שטיין טרעפט איינעם פון די לייט און ער פאלט אַראָב אַ טויטער פון פערד. די איבעריגע אַנטלויפען פאַר שרעק, אָבער יהודה יאָגט זיי נאָך און דערהרג'עט זיי ביז'ן לעצטען.

דער רעזולטאַט פון שלאַכט האָט זעהר ערמוטיגט די בני יעקב. זיי ציהען זיך צוריק אָוועגד-צייט פון שלאַכט-פעלד, מיט'ן אויסרעכנונג, אַז די איבעריגע מלכים האָבען מעהר נישט קיין חשק ווייטער מלחמה צו פיהרען. אָבער קומענדיג צוריק אין לאַגער בעמערקט פלוצלינג לוי, אַז אילון דער מלך פון געש דערנעהנטערט זיך צו איהם מיט 14 מאַן, לוי קעהרט זיך אום און מיט 12 פון זיינע קנעכט טויטעט ער אילון מיט זיינע לייט.

און אוהירי דער מלך פון שילה איילט און קומט צו הילף אילון'ען. יעקב בעמערקט עס און מיט זיין בויגען ציעלט ער אויף אוהירי און טרעפט איהם אין מח, פון וואָס ער פאַלט אַ טויטער.

די כנענים אַנטלויפען. די איבעריגע מלכים, זעהענדיג ווי דריי פון זייערע העלדען-מלכים זענען צוזאַמען מיט זייערע מחנות אומגעקומען אין קאַמף, אַנטלויפען זיי פון שלאַכט פעלד אין דער גרעסטער אונאָרדנונג. די בני יעקב מיט זייערע קנעכט יאָגען נאָך די מלכים ביז דער שטאָדט חסר. ביים טויער פון חסר קומט פאָר אַ גרויסע שלאַכט, און עס פאַלען פון די כנענים 4 טויזענד מאַן. און יעקב מיט זיין בויגען דער'הרג'ט דעם מלך פון חסר דעם מלך פון סרטן, דעם מלך פון בית חורון און דעם מלך פון מחנים. אין די דאָזיגע מלחמות פאַלען פון יעקב'ס קנעכט 3 מאַן.

**די מויער פון חסד פאַלט.** יהודה׳ן פערדריסט שטאַרק אויפ׳ן פערלוסט פון זיינע דריי קנעכט און ער בעשליסט זיך נוקם זיין אין די כנענים פאַר זייער טויט. יהודה פערזאַמעלט זיינע מענשען אַרום דער שטאָדט חסד און ברעכט איין די שטאָדט-מויער. די איבעריגע בני יעקב שטורמען דאָס טויער פון דער שטאָדט וואו עס האָבען זיך בעהאַלטען זייערע שונאים.

עס געהען אַרויס פיער גבורים פון שטאָדט און שטעלען זיך מיט ענטבלויזטע שווערדען ביים טויער און דערלאָזען נישט די בני יעקב אַריינקומען אין דער שטאָדט.

נפתלי לויפט צו זיי און מיט איין קלאַפּ געלינגט איהם אָבצוהאַקען די קעפּ פון צוויי גבורים, די איבריגע צוויי אַנטלויפען און ווערען נאָכגעיאָגט פון די אַנדערע ברידער אין ווערען נישט ניצול.

די ערשטע מויער פאַלט, אָבער עס שטעהט אַ צווייטע מויער, וואָס עס איז שווער צו געפינען דאָס טויער און דעם איינגאַנג אין שטאָדט. יהודה קלערט נישט לאַנג, קלעטערט אַרויף אויף די מויער, זיין ביישפּיעל טהוען נאָך שמעון און לוי און די דריי ברידער לאָזען זיך אַראָב פון דער מויער אין שטאָדט אַריין און דערהרגנען אַלע שטאָדט לייט. ערשט ווען די דריי ברידער פערטיליגען די שטאָדט, בעווייזען זיי זיך ווידער אויף דער מייער און ווייזען אָן דאָס אָרט פון׳ם טויער וואָס ווערט באַלד געעפענט דורך דן און נפתלי. אַלע לאָזען זיך אין שטאָדט אַריין נאָכ׳ן רויב, און יעקבס קינדער נעהמען צונויף אַלע בהמות פון שטאָדט און די איבריגע רויב, און פערלאָזען איהר.

**די שלאַכט ביי סרטונה.** די איינוואוינער פון סרטן, דערהערענדיג אַז זייער מלך איז געפאַלען אויפ׳ן שלאַכט-פעלד, האָבען זיי בעשלאָסען זיך נוקם זיין. די בני יעקב האָבען זיך דערוויסט פון דעם און האָבען געאיילט צו דער שטאָדט סרטונה, וועלכע איז געווען אַ גרויסע שטאָדט און אַרום איהר אַ שטאַרקע פעסטונג. אַרום די פעסטונג אַ טיעפער גרוב פון 50 איילען טיעף

און 40 איילען די ברייט. די סרטונער האָבען זיך פערזאמעלט פון יענער זייט גרוב פונאנדער געגומען די בריקען וואָס פיהרען אין שטאָדט אריין און פערשליסען די טויערן, און די בני יעקב האָבען דעריבער נישט געקענט אריינקומען אין שטאָדט. די לייט פון סרטונה שטעהען אויף די מוירען פון שטאָדט און טהון חוזק מאכען פון די בני יעקב וואָס עס האָט זיי זעהר פערדראָסען. פאר כעס און גבורה, האָבען זיי אָנגעהויבען איינער נאָכ׳ן צווייטען אריבער שפרינגען די גריבען פון 40 איילען די ברייט און זענען צוגעקומען צום שטאָדט מויער. אָבער די מענשען וואָס זענען געשטאנען אויבען אויף דער מויער, האָבען נישט געלאָזט איינברעכען די מויער, ווייל זיי האָבען געוואָרפען שטיינער אויף די בני יעקב ווען די לעצטע האָבען זיך דערנעהנטערט צום מויער, די צאָהל פון די סרטונ׳ער וואָס זענען געשטאנען אויף דער מויער איז געווען 400 מאַן.

די בני יעקב האָבען דעריבער בעשלאָסען זיך ארויפצורייסען אויפ׳ן מויער פון שטאָדט, יהודה אויף מזרח-זייט, גד אויף מערב-זייט, שמעון און לוי דורך צפון-זייט און ראובן דורך דרום-זייט זענען זעהר פלינק ארויף און די סרטונער דערזעהענדיג פלוצלונג ווי די בני יעקב שטעהען אויף דער מויער, זיי אנטלויפען פון דער מויער אין שטאָדט אריין און בעהאַלטען זיך. דאַן טהון יששכר מיט נפתלי זיך דערנעהנטערן צו דער מויער, ברעכען איהר איין און צינדען אָן אַ פייער אין די שטאָדט-טיילען אַזוי, אַז די אייזערנע טויערען צוגעהען פון פייער, און אַלע בני יעקב מיט זייערע קנעכט קומען אין שטאָדט און פערטיליגען אַלע איינוואוינער פון סרטן.

פון דער שטאָדט ווערען ניצול בלויז 200 מאַן, וואָס אַנטלויפען אונטער דער שטאָדט אין אַ טורם. די בני יעקב פערפאָלגען די אַנטלאָפענע און טויטען אויך די דאָזיגע לייט. פון דעם טורעם-שפיץ בעמערקען די בני יעקב פונדערווייטענס אַ צווייטען טורעם מיט אַ הויכען שפיץ, און די בני יעקב מיט זייערע לייט

איילען צום דאָזיגען טורעם און געפונען אין איהם אַ דריי הונ-דערט מאַן. די בני יעקב שלאָגען אויך זיי און אַ טייל אַנטלויפען פון טורם.

שמעון מיט לוי פערפאָלגען ווייטער די אַנטלאָפענע אין דער מדבר. קומענדיג אין אַ ווייטען און וויסטען געגענד, בעווייזען זיך פלוצלינג צוועלף גבורים וואָס וואַרפען זיך אין קאַמף אויף שמעון מיט לוי. די מלחמה איז געווען זעהר אַ שווערע און אַ פערביטערטע, אַזוי אַז עס געלונגט די גבורים צו צו-שמעטערן די פאַנצערס וואָס שמעון און לוי טראָגען אויף זיך, און זייער לעבען שטעהט אין העכסטען געפאַהר.

איין גבור גיעט אַ קלאַפּ מיט זיין שווערד אויף לוי'ס קאָפּ, מיט גרויס קראַפט, לוי שטעלט אונטער די האַנד און כאַפּט די שווערד ביי דעם שאַרף, און רייסט איהר אַרויס פון יענעם'ס האַנד. מיט דער דאָזיגער שווערד האַקט ער אָב דעם קאָפּ פונ'ם גבור וואָס האָט איהם געוואָלט הרג'נען. די איבריגע עלף מאַן וואַרפען זיך אויף לוי, נקמה צו נעהמען פאַר'ן טויט פון זייער ברודער און חבר. שמעון מיט זיין לייבען-שטים גיעט אַ געוואַלדיגען געשריי, אַזוי אַז אַלע עלף גבורים זענען פערטומעלט געוואָרען.

יהודה דערקענט פון דערווייטענס דאָס געשריי פון שמעון און ער מיט נפתלי קומען צולויפען צום אָרט פון וואַנען דאָס קול געהט. נפתלי לויפט צוריק און ברענגט צוויי פאַנצערס פאַר שמעון מיט לוי. יהודה, שמעון און לוי קעמפפען אַ גאַנצען טאָג מיט די עלף העלדען און קענען זיי נישט בעזיעגען. דערפון דערוואוסט זיך יעקב, און ער בעט גאָט ב"ה מציל צו זיין זיינע קינדער. דאַן איילט ער מיט זיין זוהן נפתלי צו דעם אָרט פון דער מלחמה, און יעקב שיסט מיט זיין בויגען און ער טרעפט דריי גבורים, די איבריגע אכט גבורים זעהען, אז זיי האָבען דעם קאמף אויף לינקס און רעכטס, אנטלויפען זיי אין שרעק. דן בעגעגענט זיי לויפענדיג און דער'הרג'ט פון זיי נאָך צוויי מאַן, די איבריגע ווערען געטויט דורך יהודה און שמעון.

**צוריק קיין סרטן.** נאָך דער דאָזיגער שלאכט קומען די בני יעקב צוריק קיין סרטן און זוכען אין שטאָדט בעהאַלטענע פיינד, און גד געפונט אין א בעהעלטעניש 20 יונגען און ער טויט זיי.

די בני סרטן זענען בעריהמט געווען אלס גרויסע גבורים, אלע זענען אָבער געטויטעט געוואָרען דורך די בני יעקב, אחוץ די פרויען און קינדער וועלכע זענען נישט געטויטעט געוואָרען. עס ווערט צונויפגעזאמעלט די רויב פון דער שטאָדט און די בני יעקב פערלאָזען איהר.

**דער קאַמף מיט די בני תפוח.** ווי די בני יעקב פערלאָזען סרטן בעגעגענען זיי די איינוואוינער פון תפוח, וועלכע געהען מלחמה האַלטען מיט די בני יעקב, דערפאַר וואָס זיי האָבען גע׳הרג׳עט זייער מלך ישוב מיט זיינע גבורים. יעקב׳ס קינדער, נישט קוקענדיג וואָס זיי זענען שוין ערמיעדעט פון די אונאויפהערליכע מלחמות, ווארפען זיך מיט פרישע כחות אויף די תפוחים און ביז איינער ווערען זיי געטויט. די איבריגע אַנטלויפען און ווערען פערפאָלגט ביז דער שטאָדט ארבליו. דאַן איילען זיי קיין תפוח צו בערויבען די שטאָדט. קומענדיג קיין תפוח דערוואוסען זיי זיך, אַז די ארבליו׳ער זאמלען זיך איין מלחמה צו האַלטען מיט זיי, עס ווערט דעריבער בעשלאָסען איבערצולאָזען אין תפוח א צעהן מאַן פון די קנעכט, און די בני יעקב איילען קיין ארבליו.

**די מלחמה ביי ארבליו.** די איינוואוינער פון ארבליו, (אויך די פרויען זענען דאָרט געווען מלחמה־העלדינס) אין דער צאָהל פון פיער הונדערט מאַן זענען מאָבליזירט געוואָרען צום קאַמף. די בני יעקב האָבען דערהויבען א גרויס געשריי און מיט דעם דאָזיגען געשריי לויפען זיי אין קאַמף. די ארבליוער, דערשרעקען זיך פונ׳ם געוואַלדיגען געשריי פון די בני יעקב, עס פאַלט אויף זיי א פחד, און זיי אַנטלויפען אין שטאָדט אריין. די בני יעקב פערפאָלגען זיי און קומען אריין אין שטאָדט מיט גרויס גבורה. דער קאַמף אין די גאַסען פון ארבליו איז געווען

דער שווערסטער צווישן די מלחמות וואָס עס האָבן געפיהרט די בני יעקב, ווייל די פרויען האָבן אין געשלאָסענע רייהען זיך געוואָרפען אין קאַמף. די מלחמה איז געווען אַזוי שרעקליך אַז די בני יעקב זענען שיעור נישט אומגעקומען. די בני יעקב שרייען צו גאָט ב״ה, ער זאָל זיי איבערגעבען די דאָזיגע שטאָדט אין זייער האַנד. צום סוף בעקומען די בני יעקב די אויבערהאַנד איבער זייערע פיינד און אין אָוענד געלינגט זיי ענדליך בייצוקומען די מענשען פון ארבליו וועלכע ווערען אַלע געטויטעט דורך די בני יעקב.

דער קאַמף מיט די בני געעש. אויפן פונפטען טאָג נאָכ'ן דאָזיגען שלאַכט, דערוואוסען זיך די בני יעקב, אַז די געעש'ער גרייטען זיך אויף אַ מלחמה. די בני יעקב נעהמען שנעל דעם וואָפען אין האַנד און איילען אויפ'ן מלחמה פלאַץ. אין געעש זענען פערזאַמעלט פיעל אמוריים און כנענים וואָס זענען געקומען העלפען די געעש'ער. די שטאָדט געעש איז געווען אַ ריעזען-פעסטונג, אַרומגערינגעלט מיט דריי פעסטע מויערען. די בני יעקב קומען צו געעש, טרעפען זיי די מויערען פערשלאָסען און אַ 500 קעמפער זענען געשטאַנען אויף דער ערשטער מויער. אַחוץ דעם האָבען גרויסע מחנות אָבגעוואַרט די בני יעקב אין אַ בעהעלטעניש, זיי האָבען געוואַרט אויף די בני יעקב אויסער דער שטאָדט.

ווי די בני יעקב דערנעהנטערן זיך צו דער מויער קומען אונטער די פיינד פון דרויסען און עס האָט זיך ענטוויקעלט אַ שרעקליכע מלחמה פוןביידע זייטען. די וואָס שטעהען אויף דער מויער וואַרפען שטיינער אין די וואָס שטעהען אונטער די בני יעקב שליידערען כסדר פיילען פון זייערע בויגענס. יהודה זעהט, אַז די שלאַכט איז געפעהרליך פאַר איהם און ער גיט אַ יאָמערליכען געשריי, אַזוי אַז עס האָט אויסגעזעהען דאָס די גאַנצע ערד ציטערט אונטער איהם. פונ'ם דאָזיגען געשריי ווערען פערציטערט די 500 קעמפער וואָס שטעהען אויף דער מויער און פאַלען

אַראָפּ. אויך די אויסענווענינסטע שונאים ווערען שטאַרק דער־שראָקען און טרעטען אָפּ. די בני יעקב פערפאָלגען זייערע אָפּ־טרעטענדע פיינד און ביז איינעם פאַלען זיי אין שלאַכט. דאַן פעהלען זיך אום די בני יעקב צו דער מויער, אָבער עס איז געגליקט דערנעהנטערן זיך צום מויער ווייל אַ גרויסע צאָהל קריעגס־לייט שטעהען אויף די מויערען און שליידערען שטיינער.

די געש'ער זעהענדיג, אַז עס וועט נישט געלונגען די בני יעקב צוקומען צום מויער, שפּעטען זיי אָב פון די בני יעקב, און יהודה הערענדיג די שפּאָט פון די געש'ער, ווערט ער אין כעס און מיט זיין גאַנצער קראַפט גיעט ער אַ שפּרונג אַרויף אויף דער מויער און גיעט אַגרויסען געשריי, אַז פיעל פון די קריעגס־לייט פאַלען אַראָב פון דער מויער אין שטאָדט אַריין און ווערען גע'הרג'עט. אָבער פון דעם שטאַרקען שפּרונג איז אַרויסגעפאַלען פון יהודה זיין שווערד און ער בלייבט שטעהען אויף דער מויער אָהן אַ שווערד אין האַנד. די שונאים זעהענדיג אַז ער האָט נישט קיין שווערד, רינגלען איהם אַרום מיט זייערע שווערדען און ווילען איהם טויטען אָדער אַראָבשליידערען פון דער מויער, יהודה האַלט אין איין שרייען מיט זיין לייבען־שטימע, און יעקב מיט זיינע קינדער ציעלען מיט זייערע בייגענס אויף די געש'ער וואָס שטעהען אויף דער מויער און ווילען זיך דערנעהנטערן צו יהודה, זיי טויטען 35 מאַן.

פון שרעק פון יהודה'ס געשריי, לאָזען אַרויס די געש'ער די שווערדען פון זייערע הענד, און יהודה הויבט אויף אַ שווערד און הרג'ט פון זיי אַ גרויסע צאָהל.

עס קומען נאָכהער אַרויף אויף די מויער 180 מאַן מלחמה צו האַלטען מיט יהודה, און רינגלען איהם אַרום. גאָט ב"ה וואַרפט אַ פּחד אין זייערע הערצער און זיי שרעקען זיך צו דערנעהנטערן צו יהודה.

איינער אַ העלד פון די געש'ער מיטן נאָמען פרוד דער־

בעהנטערט זיך מיט גרויס גבורה צו יהודה און גיעט איהם א קלאפ מיט זיין שווערד אין קאפ, אבער יהודה הייבט אויף דעם פאנצער זיינעם און די שווערד ווערט צושמעטערט אין פאנ-צער. ערוד ווערט זעהר דערציטערט און פאלט אראב פון דער מויער צום ארט וואו עס שטעהען די בני יעקב וועלכע טויטען איהם.

דער קלאפ וואס יהודה האט געקריעגען פון ערוד'ן איז געווען זעהר א געפעהרליכער, אזוי אז יהודה איז שיעור נישט טויט געבליבען. יהודה שרייט יאמערליך פון יסורים, אזוי אז דן זאמעלט איין זיינע כחות און שפרינגט ארויף אויף די מויער. זעהענדיג, אז אויך דן איז דא אויף דער מויער, אנטלויפען אלע געש'ער פון דער דאזיגער מויער און טרעטען אב אויף דער צווייטער מויער, פון וואנען זיי ווארפען שטיינער אויף יהודה און דן.

יהודה און דן שפרינגען אריבער אויף דער צווייטער מויער און די געש'ער אנטלויפען פון דער מויער אין שטאדט אריין.

יעקב מיט זיינע קינדער זעהען נישט מעהר יהודה מיט דנ'ן וועלכע געפינען זיך אויף דער צווייטער מויער און מען שרעקט זיך פאר זייער לעבען. נפתלי שפרינגט ארויף אויף דער ערשטער מויער און יששכר מיט זבולינ'ן ברעכען איין די מויער. נפתלי שפרינגט אריבער אויף דער צווייטער מויער, און אין א קליינע צייט שטעהט די שטאדט אפען פאר די בני יעקב און צוואנציג טויזענד מאן פון געש ווערען געטויט אינ'ם דאזיגען טאג. דאס בלוט פון די הרוגים אין דער דאזיגער שטאדט דערגרייכט ביז בית חורון און די בית חורון'ער פערזאמלען זיך צו א מלחמה מיט די בני יעקב.

איינער דעם אנדערען הרג'ט. די בני חורונ'ער זענען געווען בעוואוסט אלס די שטארקסטע גבורים אין זייער צייט. אויך די בני יעקב שרעקען זיך פאר אנהייבען מיט זיי א מלחמה. זיי נעהמען שטארק תפלה טהון צו גאט, ער זאל זיי העלפען פון זייערע פיינד. און גאט ב"ה הערט צו זייערע תפלות, עס פאלט אויף די שונאים א גרויסע שרעק און א צומישונג, דאס איז געווען

פינאַכט, ווען זיי וועגען געווען פערזאַמעלט אויפ'ן פעלד, אָנצוהויבען אַ מלחמה מיט די בני יעקב. פלוצלינג דאַכט זיך זיי, אַז די בני יעקב בעפאַלען זיי אין די פינסטער, און זיי הויבען אָן צו פאַכען מיט די שווערדען, אַזוי דאָס איינער הרג'ט דעם צווייטען. אַ גאַנצע נאכט איז פאָרגעקומען די ברודער-שחיטה אין בית חורן.

די בני יעקב רוהען אונטער די שטאָדט און הערען זיך צו די געוואלדען וואָס שפאלטען די לופט ארום דער שטאָדט.

**מעז שרעקט זיך פאר די בני יעקב.** די מלכים פון אמורי און חת, הערענדיג די געשרייען וואָס איז פאָרגעקומען אַ גאנצע נאכט, נעהמען עס אָן פאר'ן נצחון פון די העברעער אין זייער קאַמף מיט די בני חורן. אָבער זיי טראַכטען מעהר נישט פון אַ נקמה-מלחמה מיט די בני יעקב. נאָך די שרעקליכע מפלות וואָס עס האָבען געליטען די זיעבען שטעדט וועלכע האָבען געפרובט געהען אויף אַ מלחמה מיט די בני יעקב, האָט קיינער נישט קיין חשק מלחמה צו האַלטען מיט די בני יעקב.

ווען עס איז טאָג, קומען די בני יעקב אין שטאָדט אריין און פערניכטען די גאַנצע שטאָדט בית חורן.

**צוריק קיין שכם.** די בני יעקב פערנעהמען די גאַנצע רויב פון בית חורן און פון די אַנדערע שטעדט און ציהען צוריק קיין שכם, וואו די בני יעקב רוהען אויף זייער נחלה וואָס זיי האָבען אָבגעקויפט ביי שכם, און דעם מלחמה-רויב לאָזען זיי אונטער'ן שטאָדט. דאָס רויב איז נישט מעגליך איבערצוצעהלען צוליעב דער גרויסער צאָהל.

**די כנענים מאַכען שלום מיט די בני יעקב.** די גבורות און העלדענטהאַט פון די בני יעקב וואַרפען אַ שרעק אויף די איבריגע מלכים פון כנען, און די זיעבען מלכים פון כנען בעשליעסען שלום צו מאַכען מיט די בני יעקב.

עס ווערט בעשלאָסען, אַז יעדער מלך זאָל שיקען דריי מאַן קיין שכם זיך בעטען און זיך אונטערגעבען פאַר די בני יעקב, זיי זאָלען נישט מעהר חרוב מאַכען דאָס לאַנד. די מלכים

פערזאַמלונג קומט פאָר אין חברון, וואו עס קומען זיך צונויף 21 מלכים מיט זייערע ערשטע הויפט-לייט. יפיע דער מלך פון חברון געהט דער ערשטער צו יעקב׳ן פיהרען מיט איהם די שלום-אונטערהאַנדלונגען.

די בני יעקב דערוויסען זיך פון דער פערזאַמלונג, זענען זיי חושד, אַז די פערזאַמעלטע מלכים האָבען בעשלאָסען מיט זיי אויפס-ניי מלחמה צו האַלטען. און האָבען געשיקט פיער פון זייערע קנעכט אויסצושפירען די צאָהל פון די פערזאַמעלטע הערשער. די אויסשפירער זענען צוריקגעקומען און דערצעהלט אַז עס איז פאַרהאַן אַ צאָהל פון 288 שרים. און די בני יעקב מיט 62 מאַן דערנעהנטערען זיך צו חברון.

ווי זיי קומען צו דער שטאָדט, בעמערקען זיי ווי דער מלך פון חברון מיט דריי שרים דערנעהנטערען זיך צום אָרט וואו עס געפונען זיך די בני יעקב. די לעצטע שטעלען זיך אָב און וואַרטען ביז דער מלך פון חברון וועט נעהנטער צו קומען.

דער מלך פון חברון דערנעהנטערט זיך צו יעקב׳ן, פאַלט איהם צו די פיס און בעט איהם אין נאָמען פון די מלכים פון כנען שלום צו מאַכען. די בני יעקב האָבען איהם גאָר נישט געגלויבט, מיינענדיג, אַז עס איז ביי זיי פערהאַנען אַ געהיימע און פאַלשע כונה, און די בני יעקב פאָדערען, אַז די פערזאַמעלטע מלכים זאָלען אַהערקומען איינע אליין און אָהן כלי זיין, דאַן וועלען זיי זיך איבערצייגען, אַז מען מיינט ווירקליך שלום צו שליעסען.

**דער שלום מיט די כנענים.** דער מלך פון חברון שיקט צו די איבריגע מלכים אַ שליח און זיי קומען אַקעגען די בני יעקב אָהן שום כלי זיין, ווי די בני יעקב האָבען פערלאַנגט, און עס ווערט געשלאָסען אַ בונד צווישען די כנענ׳ער מלכים מיט די בני יעקב. די מלאכים ביקען זיך פאַר יעקב מיט זיינע קינדער, און ברענגען זיי מתנות. דאַן ערלויבט יעקב די פרויען

און קינדער ווי אויך דאָס גאַנצע ריינע וואָס זיי האָבען צוגענו-מען אין די חרוב געוואָרענע שטעדט, צוריק צוקעהרען אַ היים אויך די בני יעקב קעהרען זיך צוריק קיין שכם.

פון דאָזיגען טאָג אָן איז געווען שלום צווישען די בני יעקב מיט די מלכי כנען ביז די בני ישראל האָבען געירשנ׳ט דאָס לאַנד כנען נאָך דעם גלות מצרים.

**נאָך די שווערע מלחמות,** וואָס האָבען זיך געצויגען 7 יאָהר — זייט די בני יעקב, שמעון מיט לוי האָבען דאָס ער-שטע מאָל מלחמה געהאַלטען און בעזיגט אַלע שכם׳ער (אין יאָהר 2206) ביז די מלכי כנען האָבען געשלאָסען אַ שלום-בונד מיט יעקב׳ן (זעה אויבען) איז יעקב אַוועק צו זיין פאָטער יצחק וועלכער האָט געוואוינט אין חברון, דאָרט וואוינען אויך יעקב׳ס קינדער מיט זייערע פאַמיליעס. נור זיי אַליין, די בני יעקב געהען צייטענווייז קיין שכם (זעה ווייטער) דאָרט האָבען זיי זיך איינגעאָרדנעט אַ פּלאַץ צו פיטערן זייערע שעפסען און בהמות. מיט 10 יאָהר שפעטער שיקט יעקב זיין זוהן יוסף צו די ברודער קיין שכם (זעה ווייטער) און זיי פערקויפען איהם פאַר אַ קנעכט. אַזוי אַרום ווערט יוסף פערשוואונדען פון זיין פאָטער׳ס הויז אויף 22 יאָהר. יעקב טרויערט די גאַנצע צייט, ער ווייס נישט וואו יוסף איז, ווייל די קינדער, יוסף׳ס ברודער האָבען בעשלאָסען די זאַך צו האַלטען בסוד. ערשט אין יאָהר 2238 דערוואוסט זיך יעקב, אַז זיין זוהן יוסף איז וויצע-קעניג אין מצרים (זעה ווייטער) און יעקב מיט זיינע קינדער און זייערע פאַמיליעס קומען קיין מצרים, וואו יעקב אָרדנעט זיך איין אין דער פּראָווינץ גושן, און פערברענגט די לעצטע 17 יאָהר פון זיין לעבען אין מנוחה.

**יעקב ווערט קראַנק** די לעצטע טעג פאַר זיין שטאַרבען אין יאָהר 2255. ער איז געווען דער ערשטער מענש וואָס איז קראַנק געוואָרען. ביז איהם איז אַ מענש זיין גאַנץ לעבען געווען געזונד, און צום סוף איז ער פּלוצלונג געשטאָרבען. האָט יעקב געבעטען

אין פערלאנגט פון גאָט, ־אָס א מענש דארף זיך ריכטען און בע־טראכטען זיין לאַגע, איידער ער שטארבט. א מענש דאַרף אויך אָנזאָגען די קינדער און זיי בעפעהלען וואָס זיי האָבען צו טהון נאָך זיין טויט. צוליעב אָט דעם איז בעסער, דער מענש זאָל פארן שטארבען קראנק ווערען, דאמיט דערמאָנט ער זיך וואָס עס געהט אויף איהם און ער טהוט זיינע פליכטען פאר׳ן לעבען (ילקוט חדש).

פאַר׳ן טויט בעפעהלט יעקב יוסף׳ן, ער זאָל ווייטער נישט אָבטהוען זיין חסד און זאָרגען פאר די ברידער, פונקט ווי ער האָט עס געטהון פאר יעקב׳ס לעבען. ער זאָל נישט צו זיי פיהלען קיין שנאה, דערפאר וואָס די ברידער האָבען איהם גע־טראכט צו טהון שלעכטס, ווייל אין דער אמת׳ן קען א מענש דעם צווייטען ווייניג טהון, ווען עס איז נישט פון הימעל דער מענש זאָל געשטראָפט ווערען. דער בעסטער בעווייז איז עס טאקע פונ׳ם קאָנפליקט וואָס איז געווען צווישען יוסף׳ן מיט די ברידער. זיי האָבען געמיינט איהם צו פעריאָגען פון פאָטער און איהם טהון שלעכטס, דערווייל האָבען זיי אליין איהם געיאָגט צום גרעס־טען גליק. יעקב בעפעהלט אויך יוסף׳ן ער זאָל זיין טויטען קער־פער פיהרען קיין ארץ ישראל און איהם בעגראָבען אין דער מערת המכפלה, וואו עס זענען די קברים פון אברהם מיט יצחק׳ן. יעקב האָט געזעהען, אז די יודען וועלען לעבען לאנגע צייטען אין גלות צווישען פרעמדע, וואו זיי ליידען די שווערסטע רדיפות און פיין, די צרות פיהרען זיי אויך צו א פערצוויפעלטען מצב און א סך זענען זיך מייאש פון די ערווארטעטע גאולה און בעפריי־אונג וואָס דארף צום סוף קומען; זיי זוכען זיך צו בעפרייען פונ׳ם שווערען גלות־עול דורכ׳ן בעפרייען זיך פון גאנצען עול־היהדות — דעריבער האָט יעקב געהאלטען פאר נויטיג אָנצווייזען זיינע קינ־דער דעם סוף און די צייט ווען דער גלות וועט זיך ענדיגען און די יודען וועלען אויף אייביג בעפרייט ווערען.

צום סוף אָבער האָט ער געזעהען, אז פון הימעל פערלאנגט מען, עס זאָלען זיין פערהוילען פון יודען די צייט ווען משיח קומט

אויף בעשטימט, בכדי די יודען זאָלען זוכען תשובה צו טהון און פערבעססערען זייערע מעשים, דאמיט קאָנען זיי אויסמיידען דעם טערמין פון זייער בעפרייאונג.

יעקב בעפעהלט דעריבער די קינדער, אז זיי זאָלען זיך תמיד האלטען פעראייניגט און דערווייטערען פון צווישען זיך יעדע מחלוקה, וואָס טהוט נור צוברעכען און צעשטערען דעם כח פון יודען, דאָס לעצטע איז אויך א מיטעל וואָס קען דערנעהנטערען די צייט פון יודישע בעפרייאונג.

יעקב'ס לעצטע ווערטער צו די קינדער זענען געווען, זיין בעפעהל און פערלאנג, די יודען זאָלען זיין פעראייניגט נישט בלויז צווישען זיך, נור זיי זאָלען זיין פעראייניגט אינ'ם איין און איינציגען גאָט, דער וועלטס-בעשעפער, פון וועמענ'ס קראפט און ווילען די וועלט און מענשען זענען אינגאנצען אָבהענגיג. די קינדער ענטפערען איהם אלע מיט איינמאָל: שמע ישראל ד' אלוקינו ד' אחד — פונקט ווי דו, אונזער פאָטער, וואָס רופט זיך אויך ישראל (זעה אויבען) טראָגט אין הארצען נור די אמונה און דאָס גלויבען אינ'ם איין-און-איינציגען גאָט, אזוי אויך מיר. דערויף זאָגט יעקב: ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד — אויף אייביג זאָל געבענשט ווערען דער נאָמען פון גאָט, און די יודען זאָלען עס קיינמאָל נישט פערגעסען.

יעקב'ס טויט האָט ארויסגערופען א שטארקער טרויער נישט נור צווישען די יודען, זיינע קינדער און אייניקלעך, נור אויך אין גאנץ מצרים — אַזא גוטען נאָמען און אכטונג האָט ער זיך ערוואָרבען די געצעהלטע יאָהרען וואָס ער האָט געוואוינט אין לאנד. אויך פון לאנד כנען זענען געקומען קיין מצרים יעקב'ס אלטע בעקאנ־טע און פריינד, מיט־טרויערען אויף יעקב'ס טויט. דער טרויער האָט אָבגעהאלטען 70 טעג. יוסף האָט גערופען די גרעסטע דאָקטוירים־ספעציאליסטען און געלאָזט באלזאמירען דעם קערפער פון יעקב'ן, ווי עס פיהרט זיך ביי מלכים, און נאכהער האָט מען זיך גענומען

גרייטען צום טרויער-מארש קיין ארץ ישראל, האוהין מען האָט געפיהרט יעקב'ס קערפער.

**יעקב'ס לויה ווערט איינגעאָרדנעט מיט מלוכה'שען כבוד.** די מטה מיט'ן פערשטאָרבענעם קערפער, איז פון גאָלד מיט טייערע שטיינער און בריליאנטען איינגעפאסט. יוסף'ס מלכות-קרוין ליעגט אין דער הויך. פאר די מטה מארשירט די גאנצע מצרי'שע ארמעע, אלע הויפט-לייט און עלטסטע פון פרעה'ן. אָבגעריקט אין דער זייט, געהען די ספעציעלע קלאָגערס, און נאָך דער מטה געהט די גרויסע מאַסע בעגלייטער. האַרט ביי דער מטה געהען יוסף מיט זיין פאַמיליע. אַרום יוסף'ן געהען זיינע הויפט-לייט מיט זייער טראַכט און אָפיציעלער קליידונג.

די מטה ווערט געטראָגען אויף די אַקסלען פון יעקב'ס קינדער: יהודה, יששכר און זבולון — פון מזרח-זייט; ראובן, שמעון און גד — פון דרום-זייט; אפרים, מנשה און בנימין — פון מערב-זייט; דן, אשר און נפתלי — פון צפון-זייט. אַט דעם סדר האָט יעקב אַליין אָנגעוויזען פאַר זיין טויט, ווייל לויט אַט דעם סדר, וועלען די יודישע שבטים אויפ'ן נאָמען פון יעקב'ס קינדער אַדורכגעהען די מדבר אויפ'ן וועג קיין א"י (זעה ווייטער). לוי'ן מיט יוסף'ן הייסט יעקב נישט טראָגען זיין מטה. לוי איז בעשטימט צו טראָגען דעם געטליכען אָרון מיט דער תורה, יוסף ווידער איז אַ מלך, און אויף זייער אָרט טראָגען מנשה און אפרים, וועלכע ווערען דורך יעקב'ן בעשטימט צו זיין צוויי שבטים אין יודענטום אויפן אָרט פון לוי מיט יוסף'ן (זעה ווייטער).

**יעקב'ס אָרון ביי די גרעניץ פון כנען,** ווערט אויפגענומען פון 31 מלכים, וועלכע זענען ארויסגעקומען צו דער גרעניץ אָבגעבען כבוד יעקב'ן מיט זיינע קינדער. דאָרט לעגען זיי אַוועק די קרוינען אויף די מטה, נעבען יוסף'ס קרוין. ביי דער גרעניץ פון כנען, האָט מען אויך אויפס-ניי געמאַכט א הספד און טרויער נאָך יעקב'ס טויט און אלע מלכי כנען בעקלאָגען און טרויערן, אלע האָבען געאַכטעט יעקב'ן און בעדויערען זיין טויט.

עשו דערוויסט זיך וועגען יעקב׳ס טויט, און ער קומט ארויס פון זיין וואוין־אָרט אין שעיר בעגלייטען דעם טויטען קערפער. ווען ער קומט אָן, מאכט מען ווידער א ספעציעלען הספד און טרויער, און אלע מלכי כנען טרויערן מיט, ספעציעל מיט עשו׳ן.

די מחנה מלוים גייט ווייטער מיט׳ן אָרון ביז חברון וואו יעקב׳ס קינדער גייען בעגראָבען יעקב׳ן אין דער מערת המכפלה. דאָ אָבער ברעכט אויס א קאָנפליקט צווישען עשו׳ן מיט יעקב׳ס קינדער. עשו וויל די מערת המכפלה ירש׳נען און עס פועל׳ן נישט יוסף׳ס טענות, אז נאָך מיט 25 יאָהר צוריק האָט יעקב אָבגעקויפט פון עשו׳ן די מערת המכפלה צוזאמען מיט׳ן לאנד כנען, וואָס אברהם האָט דערויף בעקומען א הבטחה פון גאָט, אז דאָס לאנד וועט געהערען זיינע קינדער (זעה אויבען). עשו לייקענט אָבער אָב דעם גאנצען קויפס־אקט און עס בלייבט מען זאָל ברענגען דעם קויפס־שטר וואָס עשו האָט אליין אונטערגעשריבען.

נפתלי וועלכער איז געווען א זעהר שנעלער לויפער (זעה ווייטער) לויפט שנעל קיין מצרים ברענגען אלע דאָקומענטען און עשו זעהט, אז סוף כל סוף, וועט זיך ארויסווייזען דער אמת, אז די מערת המכפלה געהער צו יעקב׳ן מיט זיינע קינדער, האָבען די בני עשו געפרובט פערפיהרען א מלחמה געגען יוסף׳ן מיט זיינע ברידער, זיי ווערען אָבער בעזיגט און פון די בני עשו פאלען 40 מאן אין שלאכט.

חושים, דן׳ס זוהן איז געזעסען צוזאַמען מיט די איבריגע יעקב׳ס אייניקלעך, אָבגעריקט 100 איילען פון שלאַכט־פעלד, דאָרט האָבען זיי געהאַלטען וואַך איבער די מטה מיט יעקב׳ס קערפער. חושים איז געווען טויב און ער האָט נישט געוואוסט איבער וואָס מען אַמפערט זיך, קוים וואָס מען האָט עס איהם געקענט אויפקלערען, ווען ער וויל וויסען די סיבה פאַר וואָס זיי לאָזען נישט בעגראָבען יעקב׳ס קערפער. ווען ער דערוואוסט זיך אַז עשו שטערט די קבורה, לויפט ער שנעל אין דער מחנה און ער בעפאַלט

עשו'ן מיט אַ שווערד איבער'ן קאָפּ. עשו'ס קאָפּ פאַלט אין דער מערת המכפלה וואו ער ווערט בעגראָבען, דעם טויטען קערפּער אָבער, טראָגען אהיים עשו'ס קינדער קיין שעיר.

אין חברון האַלטען די בני יעקב טרויער 7 טעג. שפּעטער געהען זיי צוריק מיט יוסף'ן קיין מצרים, נאָכדעם ווי זיי זענען געצוואונגען אויפצונעהמען א צווייטע מלחמה מיט די בני עשו (זעה ווייטער).

---

# די צוועלף שבטים

יעקב איז געווען דער דריטער פון די אבות (אברהם, יצחק, יעקב) און דער ערשטער וואָס אַלע זיינע קינדער זענען געבליבן די זיילן פון יודישן פאָלק — די 12 שבטים, נאָך וועלכע עס גיהט די ווייטערע קייט פון יודישע דורות. יעדער שבט צעהלט זיך באזונדער זיינע פאַמיליעס און בעקומט אויך שפעטער זיין אייגענע נחלה מיט איהרע גרענעצען אין ארץ-ישראל.

די שבטים לערנען ביי יעקב'ן און זיי איבערנעהמען די געטלעכע בעפעהלען, פון אברהם, יצחק און יעקב צו אַלע יודישע דורות. זיי וואוינען אין חברון און לערנען ביי יעקב'ן און ביי זייער זיידען יצחק. קיין שכם געהען זיי צייטענווייז, דאָרט פיטערן זיי די שאָף, ווייל דאָס אָרט איז דערצו פּאַסענד און געאייגנעט. דאָרט, נעבען שכם, האָט יעקב געהאַט זיינס א נחלה, וואָס ער האָט געקויפט ביי די שכם'ער (זעה אויבען).

די צוועלף שבטים וואָס האָבען בעקומען זייער נחלה אין א״י, זענען צעהן יעקב'ס קינדער, א חוץ לוי און יוסף; דער ערשטער ווערט בעשטימט אַלס געטליכער שבט, די כהנים און לוים אויף וועלכע עס ווערט ארויפגעלעגט די גאַנצע עבודה אין בית המקדש, זיי זענען אויך די טרעגער פון גייסט אין יודענטום, זיי זענען עס די שטענדיגע לערנער און דעריבער דאַרפען זיי זיין פריי פון אַלע ערד-ארבייטען. די בני לוי נעהמען נישט קיין נחלה אין א״י זיי נור באַקומען, פון די יודען תרומות און מעשרות. (דער גאַנצער שבט לוי האָט נישט בעקומען קיין נחלה אין א״י און זיי נעהמען אויך נישט קיין חלק אין די מלחמה-רויבען, וואָס די יודען בעקומען ווען זיי בעזיעגען די פיינדן דער דאָזיגער שבט, די לוים און די כהנים, זענען עס ספעציעל בעשטימט געוואָרען, אז זייער גאַנצע ארבייט און טעטיגקייט זאָל זיין געווידמעט דאָס פערשפרייטען די געטליכקייט צווישן

די יודען און לערנען מיט זיי. דער שבט לוי איז אַלזאָ אינגאַנצען אָבגעזונדערט פון די איבריגע יודישע שבטים, דאַמיט וואָס זיי מישען זיך נישט אין די וועלטליכע ענינים, בעטייליגען זיך נישט אקטיוו אין קיין מלחמה א. ד. ג.—רמב״ם).

יוסף ווידער, פון זיינע זיהן מנשה און אפרים בעשטימט יעקב, זיי זאָלען בילדען צוויי שבטים אין יודענטום. צוזאַמען אַלזאָ צעהלט דאָס יודישע פאָלק 12 שבטים, וועלכע האָבען זיך געהאַט יעדעס שבט אַ אייגענעם פאָהן און אַ ספעציעלען שטיין, אינ׳ם אורים ותומים וואָס דער כהן הגדול האָט געטראָגען אויף זיינע מלבושים (זעה ווייטער).

---

# ראובן

## (ב׳קצ״ב—ב׳שט״ז)

**ראובן**, יעקב׳ס עלטסטער זוהן, ווערט געבוירען אין יאָהר 2192, פיערצען טאָג אין חודש כסלו, ווען זיין פאָטער יעקב איז אַלט 85 יאָהר און ער לעבט 125 יאָהר. זיין (בחיי) שבט האָט געהאַט א דגל (פאָהן) פון גרינעם קאָליר. זיין שטיין אין אורים ותומים איז אודם, וועלכער האָט א סך סגולות און צווישען אַנדערע שטעלט ער אויך דעם כעס פונ׳ם מענש, וואָס טראָגט דעם שטיין.

ראובן האָט זיך פערזינדיגט פאַר זיין פאָטער, ווען ער האָט זיך געפרובט אָננעהמען פאַר׳ן כבוד פון זיין מוטער לאה, נאָכ׳ן טויט פון רחל׳ן (ראובן האָט פערלאַנגט, אז נאָך רחל׳ס טויט, זאָל איהר אָרט ביי יעקב׳ן פערנעהמען זיין מוטער לאה און נישט זלפה, וועלכע יעקב האָט בעשטימט). דערפאַר האָט איהם יעקב געשטראָפט און ביי איהם אָבגענומען זיין דאָפּעלט-חלק צווישען די שבטים וואָס קומט איהם אלס בכור. די

בכורה געהט איבער צו יוסף'ן, וועלכער איז זוכה צו האָבען צוויי שבטים אין יודענטום: מנשה און אפרים, יוסף'ס זיהן; און דאָס מלכות איבער יודען געהט איבער צו יהודה, פון וועמען עס איך שטאַמען די יודישע מלכים, דוד המלך און זיינע קינדער.

לאה רוהמט די מדות פון איהר זוהן ראובן, וועלכער בלייבט גישט קיין שונא יוסף'ן, האָטש ער נעהמט איהם צו די בכורה. פערקעהרט, ווען די ברידער האָבען צו יוסף'ן אבע-זונדערע שנאה און ווילען איהם אומברענגען, טהוט איהם ראובן בעשיצען (זעה אויבען). לאה רופט ראובנ'ן לויט דער בעדייטונג: ראו מה בין בני לבן חמי, מען זאָל זעהען דעם אונטערשייד צווישען איהר זוהן ראובן, און יצחק'ס זוהן עשו. דער לעצטער פער-קויפט יעקב'ן זיין בכורה מיט'ן אייגענעם ווילען, לסוף וויל ער יעקב'ן שפעטער הרג'נען, און ביי ראובנ'ן ווערט די בכורה אָבגענומען געגען זיין ווילען לטובת יוסף'ן, וועמען ער שיצט נאָך שפעטער. (זעה אויבען).

ראובן האָט אַלאַנגע צייט תשובה געטהון, נאָכדעם ווי ער האָט זיך פערזינדיגט פאַר יעקב'ן. זיין גאַנץ לעבען האָט ער געטראָגען אזאַק אויפ'ן לייב און האָט כסדר געפאַסט.

ראובן שטאַרבט אין מצרים, נאָכדעם ווי די יודען זענען דאָרט 79 יאָהר.

---

# שמעון

## (ב־קצ״־גב־שי״ג)

שמעון יעקב'ס צווייטער זוהן, איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 2091, 23 טאָג אין חודש טבת און ער האָט געלעבט הונדערט און צוואַנציג יאָהר, ווען די יודען זענען אין מצרים

שוין 75 יאָהר. דאָרט ווערט ער אויך בעגראָבען אין דער שטאָדט מאָנזע. דער שבט שמעון האָט אויף זיין פאָהן צווישען די יודישע דגלים געהאַט א גרינעם קאָליר, די זעלבע קאָליר האָט געהאַט דער שטיין פטדה, און איז געווען איינגעפאַסט אינ׳ם אורים ותומים, וואָס דער כהן-גדול האָט געטראָגען. אויף אָט דעם שטיין איז געווען אויפגעשריבען שמעונ׳ס נאָמען. דער שטיין האָט א סגולה צו קיה׳לען דעם קערפער פונ׳ם מענש, וואָס טראָגט איהם און אויך דאָס הייסעסטע וואסער ווען מ׳לייגט דאָרט אריין אָט דעם שטיין פטדה. שמעון האָט זיך גערעכענט צו די שטאַרקסטע גבורים צווישען די שבטים.

---

# לוי

## (ב׳קצ״ה — ב׳של״ב)

לוי איז געבוירען געוואָרען אין יאהר 2195 זייט בריאת עולם, 16 טאָג אין חודש ניסן, ווען עס פאַלט אויס פסח. ער האָט געלעבט צום לענגסטען פון אַלע ברידער, יעקב׳ס קינדער וואָס זענען געקומען קיין מצרים, און ערשט נאָך זיין טויט, האָבען עס די מצריים גענומען פערקנעכטען די יודען, ארויפלעגענדיג אויף זיי די שווערסטע אַרבייטען וואָס די יודען האָבען געמוזט אויספיהרען פאר די מצריים (זעה ווייטער).

דער פאָהן פון שבט לוי צווישען די יודישע דגלים האָט געהאַט דריי קאָלירען: שוואַרץ, ווייס און רויט. דער שטיין אין אורים ותומים, אויף וועלכען עס איז געווען לוי׳ס נאָמען איז געווען אַ דימענט „ברקת״ וועלכער האָט געהאַט אַ סגולה, קלוג צו מאַכען דעם מענש וואָס טראָגט איהם און ער שיצט אויך פון מלחמות און אַנדערע געפאַהרען.

---



יוסף שטעלט פאָר פאַר פרעה׳ן זיין פאָטער יעקב.

# יהודה

## (ב׳קצ״ה—ב׳ש״יד)

יהודה איז געבוירען געוואָרען נאָך לוי׳ן, 15 טאָג אין סיון און ער האָט געלעבט 119 יאָהר (בחיי). ער איז געשטאָרבען אין מצרים און איז בעגראָבען געוואָרען אין דער שטאָדט בוכא. זיין טויטען קערפּער האָט מען אריינגעלייגט אין אַ ארון, נאָכדעם ווי מ׳האָט איהם באַלזאַמירט, ווי עס איז געווען דער מנהג ביי מלכים.

יהודה׳ס שטיין אין אורים ותומים איז געווען נופח און האָט געהאַט אַ גרויע קאָליר. די סגולה פון׳ם שטיין איז: אז ער מאכט אונטערטעניג די פיינד פון׳ם מענש וואָס טראָגט דעם נופח-שטיין. דער פאָהן פון שבט יהודה צווישען די יודישע דגלים האָט געהאַט אַ הימעל-קאָליר.

יהודה האָט זיך געדעכענט פאר׳ן שטאַרקסטען גבור צווישען די שבטים און זיין שבט איז געווען דאָס מלכות-שבט ביי יודען. זיינע אייניקלעך זענען עס געווען דוד המלך, שלמה און אַלע ווייטערע מלכי יהודה.

יהודה׳ס ווייב איז געווען עלית, די טאָכטער פון א רייכען סוחר, שוע פון דער שטאָט עדולם. זי האָט איהם געבוירען דריי זיהן: ער, עונן און שלה. תמר, שמ׳ס טאָכטער איז געווען צום ערשט די פרוי פון ער, און נאָך זיין טויט, די פרוי פון עונן. די ערשטע צוויי זיהן זענען געשטאָרבען אָהן קינדער און תמר׳ן זייער פרוי האָט בעדאַדפט נעהמען אָדער שלה דער יונגערער ברודער אדער יהודה איהר שווער (פאַר מתן תורה איז געווען די מצות יבים—דאָס וואָס א ברודער נעהמט פאַר א ווייב די פרוי פון זיין פריהערדיגען ברודער וואָס איז געשטאָרבען אָהן קינדער, בכדי עס זאָל בלייבען פון׳ם פריהערדיגען ברודער א געדעכעניש—אָדער דער ברודער פון פערשטאָר-

בענעם אָדער דער פאָטער). יהודה האָט תמר'ן געהייסען וואַר־טען ביז שלה וועט גרויס ווערען, ווייל ער האָט זיך איבערגעטראַכט, דאָס תמר זאָל נישט אמאָל געהערען צו די פרויען וואָס אין זייער מזל שטאַרבען די מענער און ער האָט איהר נישט געוואָלט געבען פאַר אַ מאַן דעם יונגען שלה. תמר האָט שפּעטער איינגעזעהען, אז מיט'ן וואַרטען ביז שלה וועט עלטער ווערען, איז זי אויך נישט זיכער דאָס ער וועט איהר נעהמען פאַר א ווייב, און זי איז בעסער איינגעגאַנגען צו ווערען יהודה'ס ווייב, נאָכדעם ווי זיין ערשטע פרוי איז געשטאָרבען.

פון תמר'ן האָט יהודה צוויי זיהן, פרץ און זרח, ... ערשטען ציהט זיך עס די קייט פון דורות ביז דוד המלך (צעהן דורות איז פון פרץ'ן ביז דוד המלך; אַ זוהן נאָך אַ זוהן: א.—פרץ ב.—חצרון, ג.—רם. ד.—עמינדב. ה.—נחשון, ו.—שלמה, ז.—בועז, ח.—עובד, ט.—ישי, י.—דוד).

---

# י ש ש כ ר

## (ב־קצ"ז—ב־שי"ט)

**יששכר** איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 2197—10 טאָג אין חודש אב און ער האָט געלעבט 122 יאהר, ביז'ן 81־טען יאָהר זייט די יודען זענען געקומען קיין מצרים. זיין קבר איז אין דער שטאָט צידון. יששכר'ס ווייב איז געווען אורידה, אַ טאָכטער פון יובב'ן, יקטנ'ס זוהן (ספה"י).

יששכר'ס שטיין אין אורים ותומים, איז געווען ס פ י ר, אזאַ דימענט וואָס פערטרייבט דעם פּחד פונ'ם מענש, וואָס טראָגט איהם. זיין פאָהן צווישען די יודישע דגלים איז געווען בעצייכענט מיט די זון און די לבנה (מדרש תלפיות).

די בני יששכר האבען געזוכט אַ מנוחה'דיג לעבען און

האָבען זיך חי ווייט מעגליך דערווייטערט פון מסחר, דעריבער איז געווען צווישען זיי אַ גרויסע צאָהל לומדים און תלמידי חכמים. שפעטער האָבען די בני יששכר זיך פעראייניגט מיט די בני זבולון וועלכע פיהרען אַ שטאַרקען האַנדעל און שטיצען אויך די בני יששכר, דערפאַר בעקומען זיי אַ חלק אויף דער קומענדער וועלט (עולם הבא פאַר'ן תורה-לערנען פון די בני יששכר-תנחומא).

---

# זבולון

## ב'קצ"ד—ב'ש"ח

זבולון האָט געלעבט 114 יאָהר (בחיי). ביז'ן 70-טען יאָהר ווען די יודען זענען געווען אין מצרים. ווען ער איז געבוירען געוואָרען איז שווער פעסטצושטעלען (סה"ד).

זיין שטיין אין אורים-ותומים איז געווען יהלום, און האָט אַ סגולה, מצליח צו זיין אין האַנדעל דעם מענש וואָס טראָגט איהם, און פערטרייבט די שלעכטע רוחות. אויף זיין פאָהן צווישען די יודישע דגלים איז געווען אויסגעצייכענט אַ שיף (מדרש תלפיות).

---

# ד ן

## (ב'קצ"ב—ב'ש"ח)

דן איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 2192, 9 טאָג אין חודש אלול, און ער האָט געלעבט 124 יאָהר (סה"י). זיין שטיין אין אורים ותומים איז געווען לשם, וועלכער האָט געהאַט אַ סגולה אויפצוהייטערען דעם מענש וואָס טראָגט איהם און איז אויך מציל פון אַ סכנה.

---

# נפתלי

## (ב׳קצ״ה—ב׳שכ״ז)

**נפתלי** איז געבוירען געוואָרען דעם פונפטען תשרי אין יאהר 2195 אין ער האָט געלעבט 132 יאהר (ס״י). זיין שטיין אין אורים ותומים, ישבו, האט אויך געהאַט אַ סגולה צו פערשאַפען כבוד און עשירות דעם מענש וואָס טראָגט איהם.

דן איז געוועזן דער שנעלסטער מענש צום לויפען, ער איז געלאָפען שנעל ווי אַ הירש (סוטה).

# גד

## (ב׳קצ״ו—ב׳שכ״א)

**גד** איז געבוירען געוואָרען דעם צעהנטען חשון, אין יאהר 2196 אין האָט געלעבט 125 יאהר (סה״י). זיין שטיין אין אורים ותומים, אהלמה, האָט געהאַט אַ סגולה צו שטארקען דאָס הארץ פון׳ם מענש וואָס טראָגט איהם, ער זאָל זיך נישט שרעקען.

# אשר

## [ב׳קצ״ז—ב׳ש״כ]

**אשר** איז געבוירען געוואָרען דעם פערטען שבט (בחיי) אין יאָהר 2197 און ער האָט געלעבט 123 יאָהר (סה״י). זיין קבר איז אין דער שטאדט קדש. זייז שטיין אין אורים יתומים איז

תרשיש, וואָס האָט אויך א סגולה צו שאַפען חכמה דעם מענש וואס טראגט איהם (מדרש תלפיות).

---

# בנימין

## (ב״ר״ח—ב״שי״ז)

**בנימין** איז געבוירען געוואָרען דעם עלפטען חשון (בחיי) אין יאָהר 2208 (ספה״י) און ער האָט געלעבט 109 יאהר (בחיי). ער איז געבוירען געוואָרען אויפן וועג וואָס יעקב האָט דורכגעמאַכט פון בית אל קיין חברון, נעבען אפרת, דארט האָט איהר יעקב בעגראבען און געשטעלט א מצבה. אויפן זעלבען ארט שטעהט נאָך די מצבה ביז׳ן היינטיגען טאָג.

זיין שטיין אין אורים ותומים איז, ישפה, וועלכער האָט אַן סגולה צו שאַפען רוהם און א גוטען נאָמען דעם מענש וואס טראגט איהם.

בנימין האָט זיך גערעכענט צו די געצעהלטע צדיקים וואס זיינען געשטאָרבען אָהן שום זינד, נור פון׳ם חטא וואָס אדם הראשון, האָט געגעסען פון עץ הדעת (זעה אויבען) צוליעב וועלכען אלע מענשען שטאַרבען (שבת).

---

# מנשה און אפרים

**מנשה און אפרים** זיינען געבוירען געווארען ביי יוסף׳ן (זעה ווייטער) אין יאהר 2231 און זענען געוועזען גרויסע חכמים. פון זיי האט עס יעקב בעשטימט, זאל ווערען צוויי שבטים אין יודענטום, אויפן אָרט פון יוסף׳ן און פון לוי, וועלכער בעקומט נישט קיין נחלה אין א״י צווישען די איבריגע שבטים (זעה אויבען).

---

# יוסף

## (ב=קצ"ט – ב=ש"ט)

יוסף הצדיק, אזוי רופט מען ביז'ן היינטיגען טאָג יוסף'ן יעקב'ס זוהן, וועלכער איז אַלס יונגערמאַן געקומען קיין מצרים, דארט געוועזן איינער אליין אין דער פרעמד, און נישט נור וואס זיין צדקות איז נישט קלענער געווארען, נור ער איז בייגעשטאַנען אזעלכע נסיונות, וואס קיינער זיינס גלייכען האט עס נישט בעוויזען צו טהון. ער איז צום סוף אויך געוועזן דער משנה=למלך, פאַקטיש אָבער דער גאַנצער אָנפיהרער איבער'ן לאנד מצרים, וואוהין עס זענען אויך אראָבגעקומען, זיין פאטער יעקב מיט זיין גאנצע הויז=פאמיליע.

יוסף איז געבוירען געוואָרען דעם ערשטען תמוז אין יאהר 2199 און האָט געלעבט 110 יאהר (בחיי), ביז'ן 71=טען יאהר זייט די יודען זענען געקומען קיין מצרים. ער איז געוועזן דער געליעבטער זוהן ביי יעקב'ן און אַלץ וואָס יעקב האָט געלערנט ביי שם ועבר האָט ער עס איבערגעגעבען צו יוסף'ן (ב"ר).

יוסף'ס ברידער האָבען איבערגעטראכט, אז דאָ זאָל זיך נישט איבער'חזר'ן די זעלבע געשיכטע וואס ביי אברהם און יצחק'ן, וועלכע האָבען נישט מעהר ווי צו איין זוהן איבערגעלאָזט, וועלכער איז בעשטימט געוואָרען צו זיין דער ווייטער=טרעגער פון יודע. זום און שטאם=פאָטער פון יודישע דורות—די איבריגע ברודער ווי: ישמעאל און עשו, זענען פון יודענטום אוועקגעפאַלען זיי האָבען דעריבער אָנגעהויבען פיהלען אַ אינערליכע שנאה צו יוסף'ן און שפעטער אויך געזוכט א עצה, ווי איהם אומצובריינגען אדער לכחות יוסף'ן איהם אינ=גאַנצען דערווייטערען פון זייער פאָטער יעקב.

יוסף'ס חלומות. ווען יוסף ווערט אַלט 17 יאָהר חלומ'ט איהם, אַז ער מיט די ברידער בונטלען תבואה אין פעלד, זיין בונטעל שטעלט זיך אויף און זייערע בונטלעך בוקען זיך צו

זיין בינסט. א צווייטער חלום: אז די זון, די לבנה און עלף שטערן בוקן זיך צו איהם. יוסף פיהלט נישט קיין שנאה צו די ברידער און דערצעהלט זיי זיינע חלומות, זיי זאָלען איהם געבען א גוטען בעשייד. די ברידער אָבער טייטשען עס אויס. אז יוסף'ן חלומט צו ווערען אַ מלך און אַ האַר איבער אַלע ברי-דער, און די שנאה צו יוסף'ן פערגרעסערט זיך ביי זיי אין הארץ.

**יעקב שיקט יוסף'ן קיין שכם.** יוסף'ס ברידער האָבען זיך געפונען אַ לענגערע צייט אין שכם, וואו זיי פלעגען פון צייט צו צייט געהן אַהין פיטערען זייערע בהמות. יעקב האָט זיך בע-אונרוהיגט פון דעם, וואָס זיי זענען שוין אַ לענגערע צייט נישט געווען אין דער היים, און ער שיקט יוסף'ן צו די ברידער, זיך דערוויסען וואָס מיט זיי איז געשעהן. יוסף ווייסט וואָס די ברי-דער טראַכטען וועגען איהם, און אז עס איז פאַר איהם א געפאַהר געהן צו די ברודער, ווייט אַוועק פון פאָטער'ס הויז, ער קאָן אָבער נישט פערזאָגען דעם פאָטער און לאָזט זיך אין וועג.

יוסף בלאָנדזשעט אויפ'ן וועג און האָט זיך קוים דערוויסט דאָס אָרט ווי די ברידער געפונען זיך. אַ מלאך טרעפט איהם אויפ'ן וועג און גיעט א הט צו פערשטעהן, אַז די ברידער ווע-לען איהם זעהר שלעכט אויפנעהמען. יוסף וויל אָבער נישט אָבטרעטען פון'ם פאָטערס פערלאַנג, און ער געהט ווייטער זוכען די ברידער.

**יוסף ווערט פערקויפט פאר אַ שקלאַף.** די ברידער דערזעהען יוסף'ן פון דערווייטענס, ווי ער דערנעהנטערט זיך צום אָרט וואו זיי געפינען זיך און עס קומט זיי דער געדאַנק אויפ'ן קאָפּ. אז יעצט איז דער פאַסענדסטער מאָמענט אָבצוראַמען יוסף'ן פון וועג: עס איז ווייט פון'ם אָרט וואו דער פאָטער וואוינט, אין אַ מדבר, ווער וועט עס קאָנען אויפווייזען דאָס די ברידער האָבען איהם געטהון שלעכטס — אפשר איז ער אויפ'ן וועג אומ-געקומען ווי עס האָט טאַקי געקענט געשעהען? און דעם פאָטער

וועט עס אויך קיינער נישט קענען דערוויזן, אז זיי האָבן עס אומגעברענגט יוסף'ן.

און יוסף וועט ביי די ברודער פעראורטיילט אומצוקומען.

שמעון, יוסף'ס ברודער עצה'ט זיי הרג'נען יוספן. ר'אובן אָבער, דער עלטסטער ברודער פיהלט זיך מעהר פאַר אַלעמען פעראַנטוואָרטליך פאַר'ן פאָטער. און ער וויל יוסף'ן מציל זיין, דער כעס פון די ברידער איז אָבער אַזוי גרויס, דאָס ער זעהט נישט קיין אַנדער עצה, נור ער ראָט זיי, נישט צו פערגיסען קיין אומשולדיג בלוט און נישט אויסצופיהרען קיין מערדערישען טהאָט איבער יוסף'ן, דערפאַר זאָלען זיי איהם אַריינוואַרפען אינ'ם נאָהנטען גרוב וואָס געפונט זיך אין די מדבר, און ער וועט דאָרט פון זיך זעלבסט אומקומען. ראובן'ס מיינונג איז אָבער געוועזן, אַז ווי נור די ברודער וועלען שטילען זייער כעס, וועט ער שפּעטער אין געהיים אַרויסנעהמען יוסף'ן פון גרוב און איהם צוריקשטעלען צום פאָטער יעקב'ן (תולדות ישראל).

יוסף וויינט שרעקליך און זיין קול הערט זיך פון דער ווייטענס. צו זיין גליק זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם אָרט, אַ וואַ דער-מחנה פון 7 מדינים-סוחרים, וועלכע זענען צוגעקומען צום גרוב און זיי דערזעהען יוסף'ן, און נעהמען איהם ארויס פונ'ם גרוב, פיהרען איהם מיט זיך.

די דאָזיגע קליינע מחנה איז שפּעטער געגאַנגען איהר וועג פאַר'ן אָרט ווי יוסף'ס ברידער האָבען גערוהט. די ברידער דערזעהען יוסף'ן און פאָדערן ביי די מדינים, אומקעהרען זיי יוסף'ן ווענדען זיי שטעלען פאַר אלס זייער קנעכט וואָס האָט זיך פערזינדיגט און איז פעראורטיילט געוואָרען אָבצוקומען זיין שטראָף אין גרוב.

די מדינים ווילען צום ערשט נישט אָבגעבען יוסף'ן, דער יונגערמאַן איז א זעלטען שעהנהייט און זיין איידעלקייט זאָגט דאָס ער איז גיכער א מלך'ס א קינד ווי א קנעכט — ענטפערען

די מדינים. יוסף'ס ברודער גרייטען זיך צו א שלאכט מיט די מדינים און ווען די לעצטע ווערען דערשראָקען פון שמעון'ס א געשריי וואָס האָט ארויסגערופען א ציטער אין גאַנצען אומגעגענד, האָבען זיי געמאַכט דעם פאַרשלאַג, דאָס זיי ווילען יוסף'ן אָבקויפען — א קנעכט קען דאָך איבערגעהן פון איין האַנד צו דער צווייטער. יוסף'ס ברודער זענען גערן איינגעגאַנגען אויפ'ן פאָרשלאַג, דאַמיט האָבען זיי פערשפּאָרט אויסצופּהרען א ברודערמאָרד. און יוסף ווערט דאָך דערווייטערט פון פּאָטער יעקב, דאָס וואָס עס איז געווען זייער הויפּט-שטרעבען.

די מדינים האָבען שפּעטער חרטה אויפן גאַנצען עסק. דער יונגערמאַן שיינט אויף קיין פאַל נישט צו זיין א קנעכט, ווער ווייס צי דאָס איז נישט א געפאַנגען קינד פון א רייך הויז און מ'וועט זיך נאָך שפּעטער טשעפּען צו די אונשולדיגע מדינים. זיי בעשליסען, ביי דער ערשטער געלעגענהייט צו פערקויפען יוסף'ן אין א צווייטער האַנד.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, און עס וואַנדערט א מחנה ישמעאלים, ועמען די מדינים פערקויפען יוסף'ן — פאַר צוואַנציג טאָלער, אזוי פיעל ווי זיי האָבען געגעבען יוסף'ס ברידער.

**יוסף קומט קיין מצרים.** די ישמעאלים וואָס פיהרען יוסף'ן מאַכען זייער וועג קיין מצרים. יוסף דערהערט, אז מען פיהרט איהם אוועק ווייט פון פאָטערס הויז, האָט ער אָנגעהויבען שטאַרק צו וויינען און קלאָגען און ער בעט זיך ביי די ישמעאלים, זיי זאָלען איהם אָבפיהרען צום פאָטער, וועלכער וועט זיי בעלוינען. די ישמעאלים הערען איהם נישט און זיי פייניגען איהם פאַרוואָס ער דרעהט זיי די קעפּ. יוסף וויינט ווייטער און ווי ער געהט אויפ'ן וועג פאַרביי דעם קבר פון זיין מוטער רחל, פאַלט ער אויפ'ן קבר און וויינט שרעקליך.

יוסף דערהערט א קול וואָס זאָגט איהם, ער זאָל געהן קיין מצרים, ווייל אזוי איז דער ווילען פון גאָט. די ישמעאלים שלאָגען איהם אבער. דערפאַר וואָס ער פערזוימט זיך און

שטערט זיי דעם וועג. אין יוסף'ס זכות איז געוואָרען אַ שטאַרקער רעגען-שטורם און שרעקליכע דונער'ן און בליצ'ן, אזוי דאָס די ערד האָט אונטער זיך געציטערט. די ישמעאלים בעקומען שטאַרק מורא פאַר'ן געפאַהר וואָס שטעהט זיי אין וועג און זיי טראַכטען: צי ווערען זיי נישט אמאָל געשטראָפט, ווייל זיי פייניגען אימזיסט אַ אונשולדיגען מענש? זיי בעטען זיך ביי יוסף'ן ער זאָל זיי מוחל זיין, און דער שטורם שטעלט זיך אָב.

דאַן בעראַטען זיך די ישמעאלים, וואָס צו טהון מיט יוסף'ן? זיי ווילען איהם מעהר נישט האַלטען. איינער עצה'ט, מ'זאָל טהון יוסף'ס פערלאַנג און איהם צוריקשטעלען צום פאָטער — איז עס אָבער א ווייטער וועג און זיי איילען זיך. זיי בעשליסען דעריבער איהם צו פיהרען קיין מצרים, און אָבטרעטען יוסף'ן, דעם ערשטען ווער עס וועט איהם נור פערלאַנגען.

אין מצרים ווערט יוסף פערקויפט צו פוטיפר'ן, א הויפטמאַן ביים מלך פרעה.

**יוסף'ס ברידער האָבען חרטה.** ראובן איז נישט געווען בעת די ברידער האָבען פערקויפט יוסף'ן און ער קומט שפּעטער צום גרוב ווי יוסף איז פריהער געווען, מיט דער מיינונג איהם ארויסצונעהמען און אבפיהרען צום פאָטער, צו זיין גרויס שרעק, זעהט ער אָבער נישט יוסף'ן. ער קומט צו די ברידער און מאַכט זיי אַ פאָרוואורף איבער די גאַנצע זאַך: ווי וועט איהר יעצט קומען צום פאטער און וואס וועט איהר איהם ערקלערען? אלע הויבען זיך אָן אַרומקוקען דאָס זיי האָבען געטהון א שרעקליכע זאַך און עס טהוט זיי שטאַרק חרטה, יעצט אָבער איז שוין פערפאַלען און מ'דאַרף נור אויסגעפונען א תירוץ, וואָס צו זאָגען יעקב'ן.

די ברידער האָבען זיך געגעבען אַ האַרבע שבועה איינער דעם צווייטען, דאָס קיין איינער זאָל יעקב'ן נישט דערצעהלען דעם אמת וואָס דאָ איז געשעהען און זיי האָבען אויך אויסגערופען א חרם אויף יעדען וואָס וועט זיך דערפרעגען דערוויסען און וועט עס דערצעהלען יעקב'ן (דעריבער האָט אויך זייער זיידע יצחק, נישט

דערצעהלט יעקב'ן פון דער געשיכטע, חאטש ער האָט עס שפעטער געוואוסט). יששכר גיעט איין עצה: מ'זאָל שחט'ן אַ ציג, וואָס איהר בלוט האָט דעם אויסזעהן ווי מענשען-בלוט, און מ'זאָל דעריין איינטינקען יוסף'ס אַ העמד, וואָס מ'האָט איהם אויסגעטהון פאַר'ן אַריינוואַרפען אין גרוב, אט דאָס זאָל מען שיקען דעם פאָטער און איהם פערפיהרען אין אַ טעות צו מיינען, אַז אַ ווילדע חיה האָט אויפ'ן וועג, יוסף'ן פערטיליגט.

נפתלי, איינער פון די ברידער, ווערט דער שליח, צו ברענגען פאַר יעקב'ן יוסף'ס פערבלוטיגטע העמד. יעקב ווערט שטאַרק דערשראָקען פון די שלעכטע בשורה און ער האָט זיך שטאַרק צו-וויינט. ער שיקט אַרויס מענשען אויפ'ן גאַנצען וועג, זיי זאָלען זוכען און אויסגעפונען דאָס אָרט וואו עס ליעגט יוסף'ס קערפער. די ברידער קומען פאַר יעקב'ן מיט צוריסענע קליידער אַלס צייכען פון טרויער, וואָס יוסף איז אומגעקומען און יעקב טרויערט שטאַרק, ער מאַכט זיך זעלבסט דעם פאָרוואורף, וואָס ער האָט געשיקט יוסף'ן איינעם אַליין אין אַזאַ מסוכנ'דיגען וועג.

די גאַנצע פאַמיליע וויינט און קלאָגט ווען זיי זעהען דעם שרעקליכען צער פון אַלטען פאָטער.

די ברידער האָבען ערשט רעכט חרטה אויף זייער טהאַט, וואָס זיי קענען שוין מעהר נישט גוט מאַכען. יעקב וויל קיין שום טרייסט נישט פערנעהמען און ער טרויערט כסדר אויף יוסף'ן די גאַנצע צייט, 22 יאָהר, וואָס יוסף איז נישט ביי איהם, און ער ווייס נישט וואו יוסף געפינט זיך.

**יוסף'ס ערשטע יאָהרען אין מצרים,** זענען געווען פול מיט צער און פיין. ביי פוטיפר'ן אין הויז איז ער צוערשט שטאַרק מצליח. זיין שעף זעהט די הצלחה איבעראַל ווי יוסף טהוט נאָר עפעס און אין אַ קורצע צייט ווערט יוסף דער גאַנצער פערוואַלטער איבער פוטיפר'ס הויז און פערמעגען. אָבער דאָס איז אויך געווען אַ סיבה צו יוסף'ס אומגליקען וואָס האָבען איהם שפעטער געטראָפען. פוטיפר'ס פרוי זליכה איז נישט גלייכגילטיג צו יוסף'ן און

שטעהט צי צו איהם מיט פארשלאָגען וואָס יוסף וואַרפט זיי קאָ־
טעגאָריש אָב. און ער וויל אפילו נישט הערען וואָס זי רעדט צו
איהם. אַזוי ווייט דאָס יוסף הויבט אָן אויסמיידען פוטיפר'ס פרי־
וואַט הויז. זי אָבער שטעהט נישט אָב פון איהרע ווילדע מחשבות
און זוכט עצות ווי יוסף'ן אריינצוקריעגען אין איהר נעץ,

איינמאָל, דאָס איז געווען אַ טאָג ווען דער נילוס־טייך געהט
איבער די גרענעצען און טהוט בעפייכטען דעם גאַנצען באָדען אין
מצרים, דער טאָג איז אַ יום־טוב פאַר גאַנץ מצרים, קינד און קייט
אַלע געהען צו די ברעגען פון נילוס און קיין איין מענש בלייבט
נישט אין דער היים. זליכה אָבער, פוטיפר'ס פרוי, זי מאַכט זיך
קראַנק און געהט נישט צום טייך. זי האָט דאַן געוואָלט אָבוואַרטען
דעם מאָמענט ווען זי וועט זיך קענען טרעפען מיט יוסף'ן כדי נישט
געשטערט צו ווערען פון זייטיגע מענשען,

יוסף'ן איז נישט איינגעפאַלען דאָס זליכה זאָל זיין אין דער
היים, און ער קומט אין זיין שטיבל קאַנצעלאַריע, ערלעדיגען זיינע
ארבייטען. ווי אָבער ער קומט און זעהט אַז די צימערן זענען
עפעס אויכערגעוועהנליך אויסגעפוצט און זליכה דרעהט זיך אַרום
האָט יוסף פערשטאַנען איהר כונה, און ער געהט באַלד צוריק זיין
וועג. זליכה אָבער רופט איהם, און ער לעגט נישט קיין אַכט אויף
איהרע ווערטער, לויפט זי איהם נאָך מיט אַ שווערד און דראָהט
איהם צו הרג'נען. יוסף אַנטלויפט און זליכה דעריאָגט איהם, זי
כאַפט איהם אָן ביי די מלבושים וועלכע ווערען צוריסען, ווען יוסף
רייסט זיך אַרויס פון איהרע הענד מיט געוואַלד, און אַטייל פון
יוסף'ס אַ מלבוש בלייבט אויך ביי איהר אין האַנד.

זליכה איז זיך מיישב, אַז זי וועט דאָ האָבען אַ גוט געלע־
גענהייט זיך נוקם צו זיין אין יוסף'ן. זיינס אַ מלבוש איז ביי איהר
אין האַנד און זי וועט קענען אויסטראַכטען אַ בלבול אויף איהם, אַז
נישט זי איז צו איהם צוגעשטאַנען נור ער צו איהר, ער איז נור
אַנטלאָפען ווען זי האָט געדראָהט מיט מאַכען אַ געוואַלד, דאַן האָט

די איהם אנגעהאַלטען ביי זיין כּלבוש וואָס איז צוריקען געוואָרען; בעת ער רייסט זיך צום אַנטלויפען.

זליכה לייגט זיך אין בעט, ווי אַ קראַנקע און ווען פּוטיפר מיט אַלע שטוב־מענשען קומען אַ היים, דערצעהלט זי די געשיכטע מיט יוסף'ן לויטן פּלאַן וואָס זי האָט אויסגעארבייט ביי זיך אין מח, צו בעשמוצען יוסף'ן און אָניף איהם ברענגען אַ האַרבע שטראָף.

**יוסף ווערט געפייניגט** פון די מענשען וואָס פּוטיפר האָט געבּרענגט צו שלאָגען יוסף'ן און איהם צווינגען צו זאָגען, דאס וואָס פּוטיפר'ס ווייב האָט אויף איהם אויסגעטראַכט. יוסף בלייבט אָבער פעסט ביי דאָס זייניגע און ער דערצעהלט די געשיכטע ווי עס איז ווירקליך געשעהן. פּוטיפר קוקט נישט אויף זייגע ווערטער, און בעפעהלט צו פייניגען יוסף'ן אויף אַ אכזריות'דיגען אופן, אין חאָטש פּוטיפר האָט געקענט יוסף'ן און נישט געגלויבט אויף איהם וואָס זליכה זאָגט, דאָך האָט ער עס געטהון, בכדי צו בעריכטיגען די רייד פון זיין פרוי, אַנדערש וואָלט זי קאָמפּראָמאָ־טירט געוואָרען און צוזאַמען מיט איהר אויך זיין גאַנץ הויז־געזינד.

**יוסף אין תּפיסה.** דאָס פייניגען יוסף'ן דערגרייכט די העכסטע מדרגה, ער קען מעהר נישט אויסהאַלטען די שרעקליכע ליידען און ער ווענדעט זיינע בליקען און זיין האַרץ צו גאָט מיט אַ תּפילה, ער זאָל ניצול ווערען פון די אכזריות'דיגע הענד וואָס טשעפּען זיך צו איהם, אַ אונשולדיגען מענש. דערווייל האָט פּוטיפור'ס אַ קליין קינד וואָס איז געווען אין שטוב, וועלכעס האָט בעמערקט די גאַנצע זאַך און איז געוואָרען אויפמערקזאַם וואָס דאָ קומט פאָר, אָט דאָס קינד האָט דערצעהלט די געשיכטע ווי זי איז פאָרגעקומען, ווי זליכה איז צוגעשטאַנען צו יוסף'ן און איהם נאָכגעיאָגט; ער איז אַנטלאָפען און זי האָט איהם אָנ־געכאַפּט ביי זיין מלבוש. אַלע ווערען פערוואונדערט פונם קינד'ס רייד, און מיט גוטען צו מיט בייזען, בעפעהלט פּוטיפר אָבצושטע־

לען דאָס פייניגען יוסף׳ן, וועלכער ווערט שפּעטער געשטעלט פאַר׳ן משפּט פון די מצריי׳שע גייסטליכע.

די אויספאָרשונג וואָס די גייסטליכע האָבען דורכגעפיהרט, האָט פעסטגעשטעלט יוסף׳ס אונשולד און ער האָט נישט בעקומען קיין שום שטראָף. פּוטיפר בעט זיך אָבער און בעווייזט, אַז מיט׳ן בע-פרייען יוסף׳ן ווערט בעפלעקט זיין פאַמיליע, און זיי בעשליסען, אַז יוסף זאָל אַ צייט זיך געפונען אין גפענגעניש, וואו עס געפונען זיך די בעשולדיגטע מלוכה-לייט.

דאָרט אין געפענגעניש פעהלט איהם נישט, ווייל פּוטיפר בעזאָרגט איהם אַלץ, בכדי נישט ארויסצורופען יוסף׳ס כעס וועל-כער וועט ווייטער זיך רייסען צו דערווייזען דעם אמת. עס פעהלט איהם נור די פרייהייט.

יוסף איז אַלט געווען 28 יאָהר ווען ער קומט אין תּפיסה. 11 יאָהר איז ער געווען ביי פּוטיפר׳ן און 2 יאָהר אין תּפיסה, ביז ער ווערט בעפרייט און גלייכצייטיג ווערט ער דער פּאָפּו-לערסטער מענש אין גאַנץ מצרים – דאַן איז ער אַלט געווען 30 יאָהר (זעה ווייטער).

פּרעה׳ס צוויי הויפּט-לייט ,דער געטראַנקען-מייסטער (שר המשקים) און שפּייז-מייסטער (שר האופים) פערזינדיגען זיך פאַר׳ן קעניג. זיי האָבען נישט ריכטיג אויפגעזעהן זייער אַמט און פּרעה צערנט אויף זיי, צוליעב די מיסברויכען וואָס זענען ענטדעקט געוואָ-רען אונטער זייער אָנפיהרונג.ביידע ווערען פערשפּאַרט אינ׳ם זעלבען געפענגעניש-הויז וואו יוסף געפינט זיך — דאָס איז געווען אין יאָהר 2228 און זיי פערבלייבען אַרעסטירט אַ גאַנץ יאָהר. דער אויפזעהער פון אַרעסט-הויז טהוט זיי בעקענען מיט יוסף׳ן, וועלכער בעדיענט די מלוכה לייט און זיי ווערען מיט איהם בעפריינדעט.

איינמאָל, דערזעהט יוסף די הויפּט-לייט, און אַ אויסערגעוועהנ-ליכע מרה-שחורה ליעגט אויף זייערע פּנים׳ער. יוסף בעמיהט זיך צו דערגעהן, וואָסער עגמת נפש עס פייניגט זיי, און ער דערוואוסט זיך די סיבה דערפון: יעדען האָט זיך גע׳חלומט אַ זאַך, וואָס טהוט

איהם בעאינרוהיגען, ווייל ער טראַכט וועגען דער בעשיידונג אויף וואָס דער חלום ווייזט, צום גוטען אָדער צום שלעכטען.

דער געטראַנקען-מייסטער (שר המשקים) דערצעהלט זיין חלום, וואָס יוסף טהוט עס אויסטייטשען צום גוטען: מיט 3 טאָג שפּע-טער וועט פּרעה זיך דערמאָנען אין זיינע אַלטע דיענער, און ער וועט איהם, דעם געטראַנקען-מייסטער מוחל זיין די זינד און צוריק-שטעלען איהם אויף זיין פריהערדיגען אַמט. דעם צווייטען אָבער, דעם געבעקס-מייסטער ערקלערט יוסף, דאָס פּרעה וועט איהם אַנערקענען אַלס שולדיגען און וועט אויף איהם ארויסגעבען אַ טויט-אורטייל.

און יוסף'ס אָנזאָג איז ערפיעלט געוואָרען. אינגאַנצען דריי טאָג שפּעטער, אין פּרעה האָט זיינע הויפּט-לייט גע'משפט און פּונקט ווי יוסף האָט זיי געזאָגט, אַזוי איז טאַקי געוועהן.

צוועלף יאָהר איז יוסף געוועהן אין תפיסה, וואו עס האָט איהם אייגענטליך ווייניג געפעהלט, נור די פרייהייט. די גאַנצע תפיסה-דינערשאַפט, די העכערע ווי די נידריגע, האָט זיך בע-צויגען צו יוסף'ן מיט דער גרעסטער אַכטונג, זעהענדיג אין איהם איינעם פון די העכערע מענשען, וואָס צייכענען זיך אויס מיט חכמה און מדות. דאָך איז ער די גאַנצע צייט פערבליבען אין תפיסה, און אויך זיינע בעציהונגען מיט'ן שר המשקים, וועלכער האָט דערקענט יוסף'ן אין תפיסה און וועלכער האָט שפּעטער צו-ריק פערנומען זיין הויכען אַמט ביים קעניג פּרעה, ווי יוסף האָט איהם געגעבען אַ בעשייד אויפ'ן חלום (זעה אויבען)—האָבען יוסף'ן ווייניג געהאָלפען. און כאָטש יוסף האָט געבעטען דעם שר המשקים, איהם צו דערמאָנען פאַר פּרעה'ן, אז ער יוסף געפונט זיך אין תפיסה אַ גאַנץ אונשולדיגער מענש, נור צוליעב אַ בלבול וואָס מ'האָט אויף איהם אויסגעטראַכט, האָט אָבער דער שר המש-קים אינגאַנצען פערגעסען אין יוסף'ן.

ביז עס איז ענדליך געקומען די צייט, וואָס איז בעשטימט געוואָרען פון הימעל, אז יוסף זאָל גרויס ווערען, ער זאָל ווערען

א הערשער איבער גאַנץ מצרים און זיין אייגענער פאָטער און זיינע ברודער זאָלן אראָפּקומען אָבגעבען יוסף׳ן דעם מלכות׳דיגען כבוד.

יוסף ווערט גרויס דורך א חלום, וואָס פרעה האָט געזעהען און ער איז געווען זיכער דאָס מ׳האָט איהם פאָראויס געוויזען דאָס וואָס עס וועט געשעהען אין זיין מלוכה. ער רופט די חרטומים און אלע מצרישע חלום-בעשיידער, זיי זאָלען איהם פרעה׳ן אויפקלערען די בעדייטונג פון זיין חלום. קיינער ווייסט עס אָבער ניט און קיינער קען פרעה׳ן נישט בערוהיגען. די מצרישע חרטומים פרובען די בעדייטונג פון חלום אויסצוטייטשען אויף פערשיעדענע אופנים, זייערע רייד זענען אָבער פרעה׳ן נישט צום הארץ; און פון הימעל איז עס געווען, זייערע ווערטער זאָלען פרעה׳ן נאָך מעהר אויפרעגען, אזוי דאָס מען זאָל זיך צום סוף דערמאָנען אין יוסף׳ן, וועלכער ווערט גרויס און בעהערשט דאס גאַנצע לאַנד.

פרעה ווערט אין כעס אויף די מצרישע חרטומים און בעשופים מאַכער און ער דראָהט זיי מיט האַרבע שטראָפען אויב זיי וועלען נישט אויסגעפונען די ריכטיגע בעדייטונג פון חלום. דאַן דערמאָנט זיך פרעה׳ס געטראנק-מייסטער (שר המשקים) אין יוסף׳ן, און ער דערצעהלט אז אין איינעם פון די מצרישע תפיסות, געפינט זיך א יונגער בחור א העברעער, וועלכער ווייסט גענוי אויפצוקלערען די בעדייטונג פון חלומות (נאַכט-זעהענישען). דאָס האָט ער זיך איבערצייגט פון זיין אייגענס א חלום, בעת ער איז געווען אין תפיסה צוזאַמען מיט יוסף׳ן (זעה אויבען). פרעה בעפעהלט שנעל צו ברענגען יוסף׳ן, וועלכער איז דאַן אַלט א יאָהר 30 און פרעה ווענדעט זיך צו יוסף׳ן וועגען א אויפקלערונג פון זיין חלום.

יוסף ערקלערט פרעה׳ן, אז זיין חלום איז א אָנזאָג פון הימעל, וואָס עס וועט געשעהן אין די נאָהנטע יאהרען, בכדי ער פרעה זאָל זיך ארומזעהען וואָס צו טהון און אויסגעפונען

א עצה, ווי צו ראַטעווען די מענשען פון א הונגער־סכּנה. 7 יאָהר־ווען אין לאַנד מצרים זיין, אויסערגעוועהנליכע זעטיגע יאָהרען, די תבואות וועלען וואַקסען א סך מעהר ווי דער געברויך; און 7 יאָהר וועלען נאַכהער קומען, הונגער־יאָהרען, וואָס נישט בלויז אין מצרים נור אויך אין די שכנות׳דיגע לענדער וועט די ערד נישט ארויסגעבען די תבואה פאַר׳ן געברויך פון די מענשען; און די איינציגע עצה קען נור זיין, אויב עס וועט קומען א ריכטיגער מאַן וואָס וועט פערשטעהן זיין אויפגאַבע, אויסצונוצען די 7 גוטע יאָהרען אויף צו מאַכען די נויטיגע תבואה־זאַפּאַסען פאַר די נאָכקומענדע 7 הונגער־יאָהרען.

יוסף׳ס ווערטער זענען פּרעה׳ן אריין אין געדאַנק, און ער פערלאַנגט פון יוסף׳ן אַ סימן, צו וויל זיך איבערצייגען אויף ווי וויים מען קען אויסשטעלען אויף זיינע פאָראויסזאָגונגען. יוסף טהוט אויך דאָס, און זאָגט פּרעה׳ן: דיין פרוי דאַרף היינט געבוירען אַ קינד, וועט עס זיין אַ יונגעל און ווי נאָר דאָס ניי־געבוירענע קינד וועט קומען אויף די וועלט, וועט אָבשטאַרבען דיין עלטער קינד. אינ׳ם זעלבען טאָג האָט זיך פּרעה איבערצייגט אַז אלץ וואָס יוסף זאָגט איז ריכטיג, און זיין נאָמען ווערט פּאָפּולער צווישען אַלע איינוואוינער אין מצרים.

## יוסף ווערט וויצע־קעניג אין מצרים,

נאָכדעם ווי פּרעה בעראַט זיך מיט זיינע הויף־לייט, וועלכע ערקלערען אַז נור אַזאַ מענש מיט חכמה ווי יוסף קען אָבראַטעווען דאָס לאַנד פונ׳ם פארשטעהענדען הונגער־אומגליק. פּרעה גיעט ארויס אַ שטרענגען בעפעהל, אַז אַ חוץ פּרעה, האָט יוסף די גאַנצע דעה איבער׳ן לאַנד און קיינער טאָר זיינס א בעפעהל נישט ענ־דערען.

(דער טאָג ווען יוסף איז ארויס פון תפיסה איז געווען ראש השנה (ר״ה). אין דער זעלבער צייט איז יצחק, יעקב׳ס פאָטער געשטאָרבען (כה״ד). דאָס איז געווען אין יאָהר 2229 זייט בריאת עולם. א נאַכט פאַר יוסף׳ס גרויס ווערען איז צו

איהם אין תפיסה געקומען א מלאך און איהם אויסגעלערנט זיבעציג לשונות פון אַלע פעלקער, ווייל פאר פרעה'ן האָט מען געזאָגט, דאָס אַזוי ווי יוסף קען נישט קיין לאַנד'ס-שפראַכען דאַרף ער קיין וויצע קעניג נישט זיין, האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען דאָס ער יוסף קען יאָ. בשעת יוסף איז אַרויס אויפ'ן גאַס האָט די גאַנצע בעפעלקערונג איהם בעוואָרפען מיט מתנות, און צווישען די מתנות האָט ער דערזעהן א קמיע געשריבען פון יעקב אבינו. דאָס האָט איהם געוואָרפען די פרוי אסנת וועלכע איז ערצויגען געוואָרען ביי פּוטיפר'ן (ווען יוסף איז אַוועק פון פּוטיפר'ן איז אסנת געוועזען אַ קליין קינד). ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען, איז אסנת געוועזען אַ טאָכטער פון דינה יעקב'ס אַ אייניקעל, וועלכע האָט געטראָגען אויפען האַרץ אַ קמיע וואָס יעקב האָט געשריבען פאר איהר קליינער-הייד. די דאָזיגע אסנת איז אַלס קינד געבראַכט געוואָרען קיין מצרים, און ווערט ערצויגען ביי פּוטיפר'ן וועלכער האָט נישט קיין קינדער. שפּעטער נעהמט יוסף אסנת'ן פאַר א ווייב און האָט מיט איהר 2 זוהן מנשה און אפרים.

**יוסף'ס הערשאַפט איבער מצרים** האָט זיך אָנגעהויבען צוזאַמען מיט'ן גרויסען גערעטעניש אין לאַנד, ווי ער האָט עס פאָראויסגעזאָגט. און ער האָט אַרויסגעגעבען שטרענגע בעפעהלען צו מאַכען גרויסע תבואה-זאַפּאַסען וואָס זאָלען זיין א פאָרזאָרג אין די הונגער-יאָהרען וואָס דאַרפען אָנקומען נאָך די יאָהרען פון שטאַרקען גערעטעניש. יוסף האָט די תבואה-זאַפּאַסען איינגעאָרדנט מיט אַלע נויטיגע פאָרזיכט'ס-מיטלען, אַזוי דאָס די תבואה זאָל נישט קאַליע ווערען, נאָכדעם ווי זי ליגט אַ לענגערע צייט. יעדעס יאָהר זענען יוסף'ס תבואה-זאַפּאַסען געוואָרען גרעסער.

אויך די מצרים האָבען געגלויבט אין יוסף'ס נביאות'ן וועגען די אָנקומענדע הונגער-יאָהרען און אויך זיי האָבען זיך אָנגעזאַמעלט גרויסע תבואה-לאַגערען, זיי האָבען עס אָבער נישט

פערשטאַנען צו טהון אויף ן זעלבען אופן ווי יוסף, און זייערע תבואות זענען שפעטער קאַליע געוואָרען און זענען געווען אינגאַנצען אומנוצליך.

און די מצרים קומען צו פרעה מיט א געוויין ער זאָל זיי ראַטעווען פונ׳ם הונגער-געפאַהר, זיי מוזען יעצט אָנקומען צו יוסף׳ן ווייל זייערע תבואה-לאַגערען זענען פערניכטעט.

אויב אַזוי—זאָגט פרעה—מוזט איהר זיך אינגאַנצען אונטערוואַרפען יוסף׳ס בעפעהלען, ווייל ער בלייבט דער איינציגער שפייזער פאר׳ן גאַנצען לאַנד אין די צייט פון שווערען הונגער.

יוסף ערוואַרטעט זיינע ברידער, אַז אויך זיי וועלען קומען קיין מצרים נאָך תבואה ווייל דער שרעקליכער הונגער און דאָס אונגערעטעניש האָט אַרומגענומען אַלע שכנות׳דיגע לענדער און אויך דאָס לאַנד כנען וואו עס האָבען געוואוינט יעקב מיט זיינע קינדער, יוסף׳ס ברידער.

יוסף זוכט אַ עצה ווי ער זאָל זיך טרעפען מיט די ברידער בעת זיי וועלען קומען קיין מצרים, צווישען טויזענדער און צעהנטויזענדער קויפער פון תבואה, און ער בעפעהלט: אַז 1) קויפען תבואה קען מען נאָר כאַר אייגענגעברויך און נישט פאַר מסחר צוועקען; 2) יעדער מוז אַליין קומען זיך בעזאָרגען מיט׳ן ביסעל תבואה און נישט שיקען זיינע קנעכט און דיענערשאַפט.

אַזוי איז יוסף געווען זיכער, דאָס זייערע ברידער וועלען מוזען אַליין קומען קיין מצרים. יוסף בעפעהלט אויך, אַז יעדער תבואה-קויפער מוז רעגיסטרירט ווערען, זיין נאָמען און פאָטער׳ס נאָמען, און יעדען אָווענד פלעגט יוסף אַליין דורכזעהען די נעמען פון די תבואה קויפער.

ווען יוסף׳ס צעהן ברודער (א חוץ בנימין וועלכער איז געווען דער קלענסטער) זענען געקומען קיין מצרים קויפען תבואה, האָבען זיי איינוועגס בעשלאָסען צו זוכען זייער ברודער יוסף וועלכער איז זיינער צייט פערקויפט געוואָרען קיין מצרים. דעם

זעלבען טאָג האָט יוסף דערזעהען די נעהמען פון זיינע ברידער, וועלכע זענען אָנגעקומען אין לאַנד און האָבען זיך רעגיסטרירט ביי זייער אָנקומען. ער האָט דעריבער געהייסען שליסען אלע פערקויפס-שטעלען, א חוץ איינעם, דאָרט האָט ער איבערגעגעבען די נעמען פון זיינע ברידער, דאָס בצת זיי וועלען קומען, זאָל מען זיי פאָרשטעלען פאַר יוסף'ן.

דריי טאג זענען פערביי און יוסף'ס ברידער זענען נאָך נישט געקומען אין דער פערקויפ'ס שטעלע, ביז מ'האָט ארויסגעשיקט שלוחים איבערן שטאָדט און אויפגעזוכט יוסף'ס ברידער. במשך אָט די דריי טאג, האָבען זיי אַלץ געזוכט יוסף'ן אין פערשיעדענע ערטער.

יוסף האָט בעשלאָסען צו מאַכען זיך פרעמד צו די ברידער, און זעהען ווי ווייט זיי האָבען הרטה איבער זייער טהאַט, וואָס מ'האָט איהם פערקויפט פאַר א קנעכט. ער רעדט צו זיי מיט אַ שטרענגען טאָן און בעהאַנדעלט זיי ווי שפּיאָנען, וואָס זענען געקומען אין אַ פרעמד לאַנד פערנעהמען עס דורך א מלחמה. די ברידער פערענטפער'ן זיך פאַר יוסף'ן און דערצעהלען זייער גאַנצע ביאָגראַפיע, אַז זיי זענען 12 ברידער ביי איין אַלטען טאַטען, איינער איז פערשוואונדען און מ'וויס נישט ווי ער איז (דעריבער טאַקי זענען זיי געווען בעשעפטיגט 3 טאָג און געזוכט דעם ברודער, אפשר איז ער אין מצרים) דער יונגסטער ברודער איז געבליבען ביים פאָטער, און זיי, צעהן זענען געקומען קיין מצרים זיך פערשאַפען אביסעל תבואה. יוסף בלייבט אָבער ווי עקשנות'דיג ביי זיין מיינונג דאָס זיי זענען שפּיאָנען און ער שטעלט אַ בעדינג, זיי זאָלען אהיים שיקען נאָכ'ן יונגסטען ברודער, און דאָ וועט זיך ארויסווייזען צי זיי האָבען איהם געזאָגט אמת.

**יוסף'ס ברידער אין תפיסה.** דערווייל בעשליסט יוסף צו פערהאַלטען די ברידער אין תפיסה, און ער שיקט נאָך 70 זיינע שטאַרקסטע מענשען וועלכע טהון די ברידער אריינוואַר-

פֿון אין תפיסה. אויפ'ן דריטען טאָג בעפרייט יוסף די ברידער פון תפיסה, אחוץ שמעונ'ן, וועמען ער בעפעהלט צו בונדען. יוסף בעהאַלט אין זיך זיין רחמנות צו די ברידער וועלכע ער וויל יעצט אויספּרובען, ער שיקט ווידער נאָך 70 פון די גרעסטע גבורים, מיט בליאַקע שווערדען, זיי זאָלען עס בונדען שמעונ'ן. דער לעצטער לאָזט אָבער ארויס אזא מאוימ'דיג געשריי אז אַלע ווערען דערציטערט און קיינער וואַגט נישט זיך דערנעהנטערען צו שמעונ'ען צו טהון איהם עפּעס שלעכט'ס. שמעונ'ס געשריי האָט אויך געוואָרפען א מורא אויף אַלע מענשען וואָס זענען דאָרט געווען, און אַלע זענען אַנטלאָפען אחוץ יוסף מיט זיין זוהן מנשה. דעם לעצטען האָט עס פערדראָסען, ווי אזוי שמעון האָט זיין פאָטערס בעפעהל צו־נישט געמאַכט, מנשה האָט זיך דערנעהנטערט צו שמעונ'ן און איהם געטהון א פעסטען נעהם, אזוי דאָס שמעון האָט יאָמערליך אָבגעזיפצט, ער האָט אויך געבונדען שמעונ'ן און איהם אריינגעוואָרפען אין תפיסה. יוסף'ס ברידער בלייבען פערוואונדערט פון מנשה'ס גבורה, שמעון פערזיכערט אָבער די ברידער אַז דעם יונגערמאַנ'ס גבורה שטאַמט נישט פון מצרים, נור ער מוז זיין אַ אָבשטאַמונג פון די בני יעקב.

די בני יעקב געהען אַהיים מיט יוסף'ס בעפעהל צו ברענגען בנימינ'ן קיין מצרים, ערשט דאַן וועט ער בעפרייען שמעונ'ן.

**די נייע שרעק פאַר אַ בלבול.** יוסף'ס ברידער געהען אַהיים צו זייער פאָטער יעקב, נאָכדעם ווי יוסף האָט בעפוילען יעדענס געפאַק אָנצופולען מיט תבואה, צווישען וועלכע מ'זאָל אויך אַריינלעגען צוריק דאָס געלד וואָס ער האָט בעצאָהלט פאַר די תבואה. אויפ'ן וועג האָט איינער פון די ברידער, לוי, געעפענט זיין געפאַק און ער דערזעהט דאָרט צוריק זיין געלד. אַלע ברידער פרובען עפענען זייערע געפעק און ביי יעדען איז דאָ צוריק דאָס געלד וואָס ער האָט געברענגט צו בעצאָהלען פאַר די תבואה. זיי ווערען שטאַרק דערשראָקען

און פיהלען ווי עס שוועבט אויף זיי א נייע צרה כון א בלבול חאס מ׳געהט אויף זיי מאכען; זיי שרעקען זיך אויך, צי איז עס נישט אמאל א שטראף פון הימעל, פאר׳ן חטא וואס זיי האבען פערקויפט זייער ברודער יוסף׳ן פאר א עבד.

די ברידער קומען צוריק א היים צו יעקב׳ן, און דערצעהלען איהם אלץ וואס עס איז מיט זיי געשעהען ביי יוסף׳ן. יעקב׳ן פערדריסט עס זעהר, דאס וואס זיי האבען דערצעהלט וועגען זייער ברודער בנימין׳ען, און ער בלייבט פעסט ביי זיין בעשלוס, נישט צו שיקען בנימין׳ען קיין מצרים:

צוויי קינדער האט זיין מוטער רחל געבוירען, בנימין מיט יוסף׳ן. דער לעצטער איז אמאל אוועק פון דער היים, און איז ביז יעצט נישטא, זאל ער געהן יעצט ווידער ארויסשיקען בנימינען? ניין! ער קען עס נישט טהון! בנימין קען נישט פערלאזען יעקב׳ס הויז!

עס איז אבער אוועק א שטיק צייט, און דער הונגער פייניגט יעקב׳ס קינדער און הויז־מענשען. יהודה שטעלט זיך ארויס און פערלאנגט דער פאטער זאל שיקען בנימין׳ען, פאר וועמענס לעבען ער גאראנטירט פאר׳ן פאטער אויףביידע וועלטען. יעקב איז געצוואונגען צו ערפיעלען דעם דאזיגען פערלאנג, ער שיקט בנימין׳ען אויף יהודה׳ס האנד, און ער שיקט אויך א בריעף צו יוסף׳ן אלס אונבעקאנטער וויצע קעניג פון מצרים. אינ׳ם דאזיגען בריעף גיעסט ער אויס זיין ביטער הארץ, און דערצעהלט די צרות וואס ער, יעקב האט שוין געליטען. דא־ביי דערצעהלט אויך יעקב אין זיין בריעף, די גרויסע נסים וואס גאט האט געטהון מיט זיינע עלטערען און מיט איהם, וועלכע ווערען ניצול פון אלעם שלעכטען וואס מענשען און מלכים האבען אויף זיי געפלאנט.

צוריק ביי יוסף׳ן. ווען די ברידער קומען דאס צווייטע מאהל צו יוסף׳ן, שוין צוזאמען מיט בנימינ׳ען, ווערט שמעון פריי. ער דערצעהלט די ברידער, אז ער האט אין תפיסה

נישט געליטען און באַלד ווי די ברידער זענען פון איהם אוועק, האָט מען איהם בעפרייט פון די שטריק מיט וועלכע ער איז פריהער געווען געבונדען.

יוסף זעהט ווידער די ברידער און אויך זיין יונגען ברודער בנימין, ער וויל וויינען און טהוט עס אָבער נישט אין די ברידער'ס אָנוועזענהייט. די ברידער ווערען פערבעטען אויף אַ מיטאָג צו יוסף'ס טיש. ביים עסען פערהאַלטען זיי זיך זעהר פריינדליך, איבערהויפט יוסף מיט בנימין וועלכע זיצען איינער נעבען צווייטען. די ברידער ווערען פערוואונדערט פון יוסף'ס חכמות און זיי טרינקען מיט איהם אויך וויין.

(זייט'ן טאָג וואָס יוסף איז פערקויפט קיין מצרים, האָבען סיי די ברידער, סיי יוסף, נישט געטרונקען קיין וויין, ביז אָט דעם טאָג. זיי האָבען אינסטינקטיוו פערגעסען זייער טרויער אויף יוסף'ן, האָטש זיי האָבען נאָך נישט געוואוסט אַז יוסף געפונט זיך נעבען זיי—שבת).

די ברידער זענען אַוועק פון יוסף'ן, דאָס צווייטע מאָהל אין אַ העכסט געהויבענער שטימונג. אַלע צוזאַמען, אויך דער קליינער בנימין פאַר וועלכען יעקב האָט זיך אזוי געשראָקען, אַלע געהען בשלום אַ היים. אָבער לאַנג האָט נישט געדויערט זייער צופריעדענהייט און מנוחה. קוים וואָס זיי האָבען געהאַט די שטאָדט אונטער זיך, און זיי דערהערען אַ קול וואָס רופט און הייסט זיי אָבשטעלען. זיי זעהען יוסף'ס עלטסטען דיענער וואָס לויפט נאָך זיי אין אַ זעהר איינגערעגטער שטימונג. די ברידער שרעקען זיך און שטעלען זיך אָב ביז זיי דערוויסען זיך, אַז פון יוסף'ס פאַלאַץ וואו זיי האָבען געשפּייזט, איז פערפאַלען געוואָרען דער טייערסטער בעכער, אָהן וועלכען יוסף בעגעהט זיך נישט. די ברידער ווערען נאָכמעהר דערשראָקען און גלייכצייטיג אויך פערוואונדערט, אַז מען זאָל זיי חושד זיין אין אַ גניבה: דאָס געלד פונם ערשטען תבואה-קויף וואָס זיי האָבען געפונען ביי זיך אין די געפעק, האָבען זיי צוריקגעבראַכט,

זאָלען זיי גאָר גנב'ענען א כלי ביי יוסף'ן? און זייענדיג זיכער אז קיינער פון זיי האָט נישט דעם בעכער, האָבען זיי אליין ארויסגעגעבען א שטרענגען אורט־יל, אז דער ביי וועלכען מען וועט געפינען דעם בעכער, דער פערדיענט דעם טויט, און די איבריגע ברידער בלייבען קנעכט ביי יוספ'ן.

יוספ'ס מענשען נעהמען זוכען ביי די ברידער אין די געפעק און דער בעכער ווערט געפונען אין בנימינ'ס געפעק. (דאָס האָט יוסף געוואָלט אויספרובען די ברידער, אויף וויפיעל זיי וועלען זיך איינשטעלען דאָס לעבען פאר זיין מוטער רחל'ס א זוהן. דאַמיט ווען ער זיין זיכער דאָס זיי האָבען אויך אויף א אמת חרטה איבער זייער טהאַט וואָס זיי האָבען איהם יוסף'ן פערקויפט פאַר אַ קנעכט. יוסף האָט דעריבער בעפוילען אריינצולייגען זיי אין די געפעק, דאָס געלד וואָס זיי האָבען געבראַכט פאר די תבואה, און צום כוף, אויך זיין בעכער אין בנימין'ס געפעק) די ברידער ווערען פערציטערט און פערשטעהן נישט וואָס דאָ האָט געקענט געשעהן. אין תחילת האָבען זיך עטליכע געפרובט וואַרפען אויף בנימינ'ען, צום סוף אָבער בלייבט ביי זיי פעסט אז דאָ זוכט מען אויף זיי א בלבול, און זיי מוזען זיך מוסר נפש זיין פאַר בנימינען, ווען זיי מוזען צוריק שטעלען פאר'ן פאָטער יעקב. יהודה ווערט אויפגערעגט און זאָגט צו די ברידער: מען האָט אונז צוריקגעבראַכט קיין מצרים, מעגליך אז עס איז געקומען דער טאָג ווען מצרים זאָל חרוב ווערען.

**בנימין ווערט אָבגעריסען פון די ברידער.** יוסף זיצט נאָך אויף זיין טראָהן שטוהל פאַר וועלכען עס ווערען געבראַכט די ברידער, ער הויבט זיי אָן שטראָפען פאַר אַזאַ שענדליכען טהאַט ווי גנב'ענען כלים. יהודה נעמט זיך פערענטפערען אז דאָ האָט מען זיי אונטערגעשיקט אַ שטרויכלונג פון הימעל און זיי ווייסען אַליין נישט ווי צו פערטיידיגען זיך. יוסף נעהמט אַוועק בנימינ'ען פון זיינע ברידער און פערשליסט די טהיר אונטער זיך, דורך זיינס אַ הויפט־מאַן בעפעהלט ער די ברידער

אז זיי קענען א היים געהן אין ער וועט פּערהאַלטען בלוי בנימינ׳ען, ביי וועמען די גניבה איז געפונען געוואָרען.

דעם ערשטען צוזאַמענשטויס, פון די ברידער מיט יוסף׳ן האָט אָנגעפיהרט יהודה וועלכער האָט אויפגעבראָכען די טהיר און איז אריין אין יוסף׳ס קאַבינעט וואוהין עס זענען אויך אריינגעקומען אַלע ברידער. יהודה הויבט אָן אויס׳טענה׳ן זיך מיט יוסף׳ן, צו ערשט מיט גוטען און דערנאָך מיט בייזען:

— וואָס ווילסטו-פרעגט יהודה—מיר זאָלען חרוב מאַכען דאָס גאַנצע לאַנד מצרים? דו ווייסט דאָך אז צוויי פון אונזערע ברידער, שמעון מיט לוי האָבען אויסגעהרג׳עט גאַנץ שכם בכדי צו ראַטעווען אונזער שוועסטער דינה, פערשטעהסטו דען נישט אַז פאַר אונזער ברודער בנימין וועלען מיר זיך אַלע אָננעה-מען? האָסטו דען נישט געהערט די גרויסע מלחמות וואָס די בני יעקב האָבען געפיהרט און די וואונדערליכע זאַכען וואָס איז אונטער זייערע הענד געשעהן?

— יוסף פריבט יהודה׳ן אבשרעקען: איך וועל שיקען נאָך מיינע גבורים וועלען זיי אייך בעזיעגען!

— ווי האָסטו נישט קיין מורא—פרעגט יהודה—פאַר מיין שווערד, מיט וועלכע איך וועל אנהויבען ביי דיר און אויסלאָ-זען ביי פרעה׳ן!

— אויב דו וועסט אויסציהען דיין שווערד—זאָגט יוסף—וועל איך זיהר אַוועקפיהרען אויף דיין האַלז און אויפ׳ן האַלז פון דיינע ברידער!

— און אַז איך וועל דיך איינשלינגען?— פרעגט יהודה.

— וועל איך מיט אַ שטיין פערשטאָפען דיין מויל—זאָגט יוסף. יוסף האָט מורא געהאַט פאַר יהודה׳ס כעס, און ער וויל בעווייזען אויך זיין גבורה, דאַמיט וואָס ער שטעלט זיך אויף אַ שטיין און מיט איין פוס צוברייבט ער איהם אויף קליינע שטיינדלעך. יהודה ווערט אָבער נישט נתפעל פון יוסף׳ס גבורה און ער וויל ארויסכאַפּען זיין שווערד. האָט זי זיך אָבער נישט געלאָזט אַרויס-

נעהמען פון די שייד. דאָ האָט יהודה בעמערקט אז יוסף האָט זכותים אין הימעל (ב"ר) און ער הויבט אָן ווידער רעדען מיט גוטען:

— גאָט איז אונזער עדות — זאָגט יהודה — אַז מיר ווילען נישט קיין מלחמות, גיעב אונז בנימינ'ען און מיר געהען א היים.

— ער האָט אָבער גע'גנב'עט דעם בעכער, דעריבער מוז ער דאָ בלייבען — זאָגט יוסף.

— ער האָט איהם נישט גע'גנב'עט, א בעוויז — דאָס מיר האָבען צוריקגעבראַכט דאָס געלד וואָס מ'האָט אונז אריינגעלעגט אין אונזערע געפעק. דאָס האָט מען אונז אויסגעפּרובט צוויי מאָל, און אויך דעם בעכער האָט מען מיט א כונה אריינגעלעגט אין בנימינ'ס געפעק, בכדי אויף איהם צו זוכען א בלבול.

— און פאַרוואָס האָט איהר פערקויפט אייער ברודער יוסף'ן פאַר צוואַנציג טאָלער און איהר האָט דערוויזען אַז א ברודער איז ביי אייך נישט טייער? (יוסף איז אוועק פון די ברידער א יונגערמאַן און יעצט איז ער אויסגעוואַקסען און איז געווען געקליידעט אין בגדי מלכות, נאזוי אז די ברידער האָבען זיך אלץ נישט געשטויסען דאָס זיי רעדען מיט יוסף'ן).

דער כעס פון יהודה וואַקסט פון מינוט צו מינוט. ער נעהמט א שטיין וואָס איז דאָרט געליגען, וועלכער וועגט פיער הונדערט טאָלער, ער וואַרפט איהם אין דער לופט, כאַפּט איהם מיט דער צווייטער האַנד און וואַרפט איהם אונטער די פוס מיט וועלכען ער צורייבט דעם שטיין אויף קליינע זאַמדלעך.

יוסף גיעט א וואונק צו מנשה'ן, וועלכער בעווייזט די זעלבע גבורה ווי יהודה.

יהודה ווענדעט זיך צו נפתלי און בעפעהלט איהם צו לויפען שנעל און איבערצעהלען די גאַסען פון מצרים, יעדער ברודער זאָל נעהמען אויף זיך א טייל גאַסען חרוב צו מאַכען. יהודה נעמט אויף זיך דריי טיילען, און יעדער ברודער צו איין טייל.

יוסף הערט וואָס די ברידער האָבען צווישען זיך אָבגערעדט און ער בעפעהלט שנעל צו פּרעה'ן, ארויסשיקען איהם

אַלע גבורים פון מצרים און עס זענען אָנגעקומען 500 רייטער, 10000 פוס-געהער און 400 גבורים וואָס שלאָגען זיך אָהן געוועהר. די דאָזיגע מתנה איז אריינגעפאַלען אין יוסף'ס פּאַלאַץ פּלוצלינג און מיט א געוואַלדיגען אַלאַרם, וואָס עס האָט אָבגעשראָקען די בני יעקב. יהודה כאַפּט ארויס די שווערד, און מיט א געוואַלדיגער קראַפט דראָהט ער די גבורים וועלכע זענען זיך אַלע צולאָפען און א סך זענען געהרג'עט געוואָרען.

נאכהער האָט יהודה גענומען שרייען מיט א אוממענשליך קול, פון וואָס עס האָט אָנגעהויבען ציטערען דאָס גאַנצע לאַנד און א סך מויערען זענען איינגעפאַלען. פרעה אליין איז ביי זיך אין פּאַלאַץ אַראָבגעפאַלען פון זיין שטוהל און ער שיקט צו יוסף'ן, ער זאָל שנעל מאַכען אַ סוף מיט די העברעער, ווייל אנדערש געהט פארלוירען דאָס לאַנד מצרים.

יוסף דערקענט זיך צו די ברידער, ערשט דעם לעצטען מאָמענט ווען ער זעהט אז לענגער קען ער נישט אויפהאַלטען זייער כעס, און אַז זיי זענען גרייט חרוב צו מאַכען דאָס לאַנד און ברענגען זייער לעבען אין געפאַהר, בכדי צו ראַטעווען זיין ברודער בנימין'ען, ועמען ער האָט געוואָלט פערהאַלטען.

די ברידער הערען זיין וויינענדיגע שטימע: „איך בין יוסף, וועמען איהר האָט פערקויפט קיין מצרים און וועלכער איז געשיקט געוואָרען אַהער צו ווערען דער שפּייזער פון די וועלט אין אַ צייט פון שרעקליכען הונגער-נויט. איך בין עס דער יוסף וועמען מען האָט געוויזען פון הימעל, אז דער פאָטער און ברידער קומען איהם אָבגעבען מלכות-כבוד, און דעריבער האָב איך געמוזט בעהאַלטען אין זיך די גאַנצע צייט, נישט געגעבען צו וויסען פון זיך דעם פאָטער און ברידער, ביז עס וועט קומען די בעשטימטע צייט. איך בין עס דער יוסף, וועלכער איז בעשטימט געוואָרען אַלס מלך אין מצרים, צו האָבען דעם אויפזיכט איבער'ן פאָטער יעקב און די ברידער וואָס מוזען אהער קומען, ווייל עס איז די

בעשטימטע צייט, ווען די יודען מוזען אָנהויבען פיהרען זייער גלות-לעבען אין מצרים".

„זייט אַלע צופריעדען דאַמיט, וואָס איהר האָט דאָ אַ ברודער מיט מלוכה׳שע פולמאַכטען, דאַמיט וועל איך קענען שאַפען דעם פלאַץ, וואו די יודען, אונזערע ברידער און קינדער זאָלען זיך קענען איינאָרדנען, פיהרען זייער אייגענארטיג לעבען אין גלות ביז עס וועט קומען דער בעשטימטער טערמין, ווען די יודען וועלען בעפרייט ווערען פון גלות מצרים".

„איילט אַ היים צום פאָטער און ברענגט איהם אהער קיין מצרים — זאָגט איהם אז עס איז אַ זכות וואָס ער קומט אהער אויף אַ בכבוד׳יגען אויפן, ווי אַ פאָטער צו זיין זוהן דעם וויצע-קעניג פון מצרים; זאָל ער קומען און זיך נישט אָבשטעלען און לאָמיר אַלע צוזאַמען זיך גרייטען און שאַפען אַ בעזונדערן פלאַץ פאַר אונזער לעבען אין אַ פרעמד לאַנד".

יעקב קומט קיין מצרים אין יאָהר 2238 זייט בריאת עולם, ווען ער איז אַלט 130 יאָהר. מיט 70 מאַן, מיט 70 פאַמיליען-קעפ קומט ער.

ראובן און זיינע זיהן: חנוך, פלוא, הצרון, און כרמי (5); שמעון און זיינע זיהן: ימואל, ימין, אהד, יכין, צחר און שאול (7); לוי און זיינע זיהן: גרשם, קהת און מררי, (4); יהודה און זיינע זיהן: שלה, פרץ, און זרח (4); יששכר און זיינע זיהן: תולע, פוה, יוב און שמרון (5); זבולון און זיינע זיהן: סרד, אלון, און יחלאל (4); גד און זיינע זיהן: צפיון, חגי, שיני, אצבון, ערי, ארודי און אראלי (8); אשר און זיינע זיהן: ימנה, ישוה, ישוי, בריעה און זייער שוועסטער סרח,—בריעה׳ס זיהן: חבר און מלכיאל (8); יוסף מיט זיינע זיהן: מנשה און אפרים (3); בנימין מיט זיינע זיהן: בלע, בכר, אשבל, גרא, נעמן, אחי, ראש, מפים, חפים, און ארד (11); דן מיט זיין זוהן חושים (2); נפתלי מיט זיינע זיהן: יחצאל, גוני, יצר און שלם (5)—אַלע צוזאַמען, יעקב מיט זיין טאָכטער דינה און אַלע קינדער און אייניקלעך האָבען געצעהלט 70 מאַן, אַ חוץ די פרוי-

צן פון יעקב'ס קינדער און אייניקלעך. זיי האָבן אויך מיט־געבראַכט זייער גאַנץ פערמעגען קיין מצרים.

## יוסף האָט געמאַכט אַ פייערליכען קבלת פנים,

יעקב'ן. ער האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל אונטער אַ שטרענגע שטראָף, אַז יעדער מוז אַרויסגעהן צום קבלת פנים פאַר יעקב'ן. אַלע זענען אַרויס אין יום-טוב'דיגע קליידונג, מיט געוועהר אין האַנד און מיט מוזיק און טענץ. ווען יעקב'ס וואָגען איז אָנ־געקומען נאָהנט 50 איילען פאַר יוסף'ן, איז ער אַראָב פון זיין וואָגען און געגאַנגען צופוס. אַלע מצרי'שע עלטסטע האָבען באַגלייטעט יוסף'ן, אַלע געהען צופוס ביז יעקב'ס רייטוואָגען און אַלע פאַלען איהם צו די פיס.

יעקב האָט יוסף'ן נישט דערקענט, ווייל ער איז דורך די צייט שטאַרק אויסגעוואַקסען, און ווען יהודה ווייזט יעקב'ן אויף יוסף'ן, איז ער געוואָרען שטאַרק דערפרעהט.

יוסף פאַלט אויף יעקב'ן און ביידע, דער פאָטער מיט'ן זוהן, וויינען ביז טרעהרען. אויך אַלע בעגלייטער ווערען גערירהרט ביז טרעהרען. מען האָט זיך פון דער שמחה ערשט רעכט געקאָנט פאָרשטעלען, דעם צער פון טאַטען און זוהן, ווען זיי זענען אַזאַ צייט מיט יאָהרען געווען אָבגעזונדערט און נישט געוואוסט איינער פון צווייטען.

## יוסף האָט זיינע ברידער איינגעאָרדענט אין גושן,

וואו יעקב האָט זיין תורה-הויז און אַלע קינדער און אייניקלעך לערנען דאָרט. אויך מנשה מיט אפרים'ן קומען קיין גושן לער־נען ביי יעקב'ן. יוסף שפייזט אויך זיינע ברידער און די גאַנצע פאַמיליע.

מיט'ן פערשטאַרקען פון'ם הונגער, פערשטאַרקט זיך אויך יוסף'ס מאַכט איבער מצרים. ער האָט ביי אַלע אָבגעקויפט די פעלזער, און ער גיט זיי תבואה אויף זריעה, דערפאַר האָט יוסף איינגעפיהרט א געזעץ, דאָס פון אַלע תבואות, געהער דער מלוכה

א ביבּסטע טייל, און די איבעריגע פיער חלקים נור, געהערען דעם אייגענטימער.

(אלע געלדער און אוצרות פון די מענשען אין פערשידענע לענדער, זענען אנגעקומען קיין מצרים צו יוסף׳ן, וועלכער האט אלעמען פערקויפט תבואה אין די הונגער-יאהרען, אזוי דאס די מלוכה-קאסע אין מצרים איז געווען די רייכסטע אויף דער וועלט. שפעטער אז די יודען זענען ארויס פון מצרים, האבען זיי גע-נומען פון די מצרים פיעל גאלד און זילבער—זעה ווייטער).

יוסף׳ס מלכות אין מצרים, האט אבגעהאלטען 80 יאהר.

(30 יאהר איז ער אלט געווען בעת ער איז דאס ערשטע מאל פארגעשטעלט געווארען פאר פרעה מלך מצרים—אין יאהר 2229 און 110 יאהר האט יוסף געלעבט) „די ערשטע 40 יאהר איז יוסף געווען בלויז וויצע-קעניג אין מצרים בעת פרעה איז גע-ווען דער העכסטער הערשער אין לאנד. ווען יוסף איז אלט גע-ווארען 71 יאהר, איז פרעה געשטארבען און זיין זוהן מגרין האט איבערגענומען די מלוכה נאכ׳ן פאטער. דער נייער מלך האט זיך אויך גערופען פרעה, ווי עס זאגט דאס מצרי׳שע געזעץ אז אלע מלכים טראגען דעם נאמען פרעה. דער אלטער פרעה האט אנגעזאגט זיין זוהן פאר׳ן טויט, דאס ער זאל אין אלע מלוכה-ענינים נישט טהון קיין זאך אהן יוסף׳ס הסכמה. אחוץ דעם איז יוסף געשעצט און געעהרט אין גאנץ מצרים ביי אלע הויפט לייט און ביים גאנצען פאלק, אזוי דאס פאקטיש האט יוסף די מלוכה-פיהרונג אין האנד, נור אפיצעל טראגט דער נייער פרעה דעם טיטול פון מלך מצרים.

דאס איז אבער געווען בלויז אין מצרים, וואו א טייל מצרי׳שע הויפט-לייט האבען געהיטען זייער מנהג, אז נור א זוהן נאך א זוהן פון מצרישען טראהן קען ירש׳ענען די מלוכה, דע-ריבער איז פרעה געווען דער אפיציעלער מלך האטש יוסף איז געווען דער פאקטישער רעגירער איבערן לאנד. יוסף האט אבער ארונטערגענומען אונטער די הערשאפט פון מצרים, אלע שכנות׳דיגע

לענדער. גאַנץ פּלשתּים ביז די גרענעצן פון כּנען; פון אַ צווייטער זייט האָט יוסף'ס ממשלה דערגרייכט אין אַלע לענדער ביז די טייכן פון פּרת, אויך די צידונים, די כּנענים און די מלוכות פון עבר הירדן זענען אונטערטעניק יוסף'ס ממשלה און זיי ברענגען איהם יעהרליכע צאָהלונגען. אין די אַלע לענדער אַ חוץ מצרים, טראָגט יוסף אויך דעם אָפיציעלען נאָמען מלך, און פּרעה'ס מלוכה-טיטול בעגרענעצט זיך נור בלויז אין מצרים (ספה"י).

די בני יעקב ווידער (יוסף'ס ברידער) לעבען זיך רוהיג אין דער פּראָווינץ גושן, וואו יוסף האָט איבער זיי די געהעריגע השגחה און אויפזיכט, אז עס זאָל זיי נישט פעהלען (די אוצרות פון גאָלד, זילבער און אַנדערע טייערע שטיינער וואָס יוסף האָט פערזאַמעלט אונטער זיין הערשאַפט קיין מצרים — האָט ער פערטיילט אין פיער חלקים: איינס האָט ער בעגראָבען אין די מדבר ביים ים-סוף; צוויי חלקים האָט ער בעגראָבען אין דער מדבר ביי פּרס ומדי; פון דעם פערטען חלק, האָט ער אַטייל געגעבען זיינע ברידער און זייערע פאַמיליעס, און דאָס איבריגע האָט ער אָבּגעגעבען אין פּרעה'ס מלוכה-אוצר.

פון די דריי בעגראָבענע-אוצרות, איז איינער ענטדעקט געוואָרען שפּעטער דורך קרח'ן — אַ אייניקעל פון לוי יעקב'ס אַ זוהן (זצה ווייטער) וועלכער איז געווען זעהר רייך און ביזן היינטיגען טאָג ווערט בסדר געדערעדט וועגען קרח'ס אוצרות; אַ צווייטער אוצר איז שפּעטער ענטדעקט געוואָרען דורך אנטונונס דער מלך פון רוים, וועלכער ווערט אויך כּסדר דערמאָנט אין דער געשיכטע אלס איינער פון די רייכסטע מענשען, און דער דריטער אוצר איז נאָך נישט ענטדעקט געוואָרען, ער זאָל עס זיין בעהאַלטען פאַר די יודען ווען משיח וועט קומען.)

יוסף האָט פאַר'ן טויט, גערופען זיינע ברידער און קינדער, ביי זיי גענומען אַ שבועה דאָס זיי וועלען נישט ארויסגעהן פון מצרים ביז זיי וועלען מיטנעהמען דעם ארון אין וועלכען עס

רוהען יוסף'ס ביינער. דעם ארון זאָלען זיי מיטנעהמען קיין ארץ־ישראל, אינ'ם לאַנד וואָס גאָט האָט פערזיכערט עס צו געבען די יודען אויף אייביג.

נאָך יוסף'ס טויט האָבען די יודען און די מצרים אבגעהאַלטען אַ לאַנגען טרויער וואָס האָט געדויערט 70 טעג. דעם פערשטאָרבענעם קערפער האָט מען באַלזאַמירט, ווי עס פיהרט זיך ביי מלכים.

די מצרים האָבען יוסף'ס קערפער אַריינגעלעגט אין א אייזערנעם קאַסטען, וועלכען זיי האָבען אראָבגעלאָזט אין טייך נילוס אויף אַ געהיים־אָרט, און דורך כּשפים, אין וועלכען די מצרים האָבען זיך אין זייער צייט אויסגעצייכענט, האָבען זיי עס געמאַכט דאָס עס זאָל זיין אונמעגליך צו געפונען און ארויסנעהמען דעם קאַסטען. אַזוי אַרום וועלען די יודען נישט קענען אַרויסגעהן פון מצרים, ווייל זיי זענען דאָך געבונדען מיט אַ שבועה צו יוסף'ן נישט אָרויסצוגעהן אָהן זיין ארון.

ווען עס איז געקומען די צייט פון יציאת מצרים (זעה ווייטער) און משה רבינו האָט אָנגעהויבען זוכען יוסף'ס ארון, האָט סרח די טאָכטער פון אשר'ן יעקב'ס זוהן, געוויזען משה רבינו דאָס אָרט וואו די מצרים האָבען אַראָבגעלאָזט דעם ארון אינ'ם נילוס. משה רבינו האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבען טייך און גערופען: יוסף! יוסף! עס איז געקומען די צייט פון יודישער בעפרייאונג, יעצט וואַרט דער כבוד פון גאָט און אויך אַלע יודען אויף דיין ארון; וועלען מיר דיך געפונען איז גוט, און אויב נישט זענען מיר פריי פון דער שבועה, ווייל מיר האָבען געטהון אַלץ וואָס עס ליעגט אין אונזער כח, מעהר קענען מיר נישט טהון.

און אין זכות פון יוסף'ן, האָט דער ארון זיך באַלד אַ ריהר געטהון, און משה זעהט איהם שווימען אויפ'ן וואַסער. משה רבינו נ המט דעם ארון און פיהרט איהם אין דער שפּיץ פון די יודישע מחנות, אויפ'ן גאַנצען וועג ווי די יודען זענען געגאַנגען פון מצרים דורך דער מדבר ביז זיי זענען געקומען קיין ארץ ישראל

האָ זיי האָבען דעם ארון אריינגעלעגט אין א ספּעציעלען קבר (אין שכם). דער ארון פון יוסף'ן איז געפיהרט געוואָרען, גלייך מיט'ן ארון פון די לוחות. און ווען די פאַרבייגעהענדע פרעגען: מיט וואָס יוסף האָט דאַצו זוכה געווען? ענטפערט משה: יוסף האָט מקים גע־ווען אַלץ, וואָס עס שטעהט אין די לוחות (תנחומא).

נאָך יוסף'ס טויט נעהמט איבער דער נייער פרעה, די גאַנצע רעגירונג איבער מצרים אין זיין האַנד, און די יודען הויבען עס אָן פיהלען, מיט די שווערע פעראָרדנונגען וואָס ווערען ארויסגעגע־בען ספּעציעל געגען יודען (זעה ווייטער).

יוסף האָט געפיהרט גרויסע מלחמות, מיט די בני עשו, וועלכע האָבען א רייה יאָהרען נישט געלאָזט צורוה די בני יעקב. און נישט נור זיי אליין, נור אויך די גרעסטע פעלקער זענען געהעצט געוואָרען פון די בני עשו און האָ־בען איפגעזאַמעלט גרויסע אונצעהליגע ארמעען, וועלכע זענען געקו־מען קיין מצרים אויף א מלחמה מיט די בני יעקב. די לעצטע אָבער זענען שטענדיג געבליבען די זיעגער.

דעם ערשטען פאָרמעלען קריעג, האָבען די בני עשיו ער־קלערט נאָך די שבעה, די זיבען טרויער־טעג נאָך יעקב'ס קבורה. די בני עשו האָבען זיך נייד געקענט שענקען, דאָס וואָס עשו איז געפאַלען א טויטער בעת'ן צוזאַמענשטויס צווישען די בני יעקב מיט די בני עשו ביי יעקב'ס קבורה, און זיי האָבען דאָרט אין חברון פערפיהרט א שלאַכט מיט די בני יעקב, וועלכע האָ־בען נור וואָס פערענדיגט זייער שבעה־טרויער.

די בני יעקב האָבען זיך אָבער געשטאַרקט איבער די בני עשו, פון צווישען וועלכע עס זענען געפאַלען 80 מאַן טויטע און פון די בני יעקב איז איינער נישט געפאַלען. אויך צפו דער זוהן פון אליפז (עשו'ס זוהן — זעה אויבען) ווערט געפאַנגען דורך יוסף'ס מענשען און ער בלייבט אַ לאַנגע צייט אין מצרים גע־פאַנגען ביז נאָך יוסף'ס טויט, ווען ער אַנטלויפט קיין אפריקא (זעה ווייטער). די בני עשו אַנטלויפען א היים קיין שעיר אין

פיהרען מיט זיך עשו׳ס קערפער. די בני יעקב פערפאָלגען זיי אויפ׳ן גאַנצען וועג ביז שעיר.

אויפ׳ן דריטען טאָג, ווען די בני עשו קומען א היים, בעשליסען זיי צו גיהן אויף א נקמה-מלחמה קיין מצרים, וואו עס וואוינען די בני יעקב. די בני עשו אגיטירען די בני שעיר ווי אויך אלע אַנדערע מזרח-פעלקער, צו פיהרען א מלחמה מיט די בני יעקב אין מצרים, און בעפרייען זייער הויפּט-מאַן, צפו, וועלכער געפינט זיך אין געפאַנגענשאַפט אין מצרים.

די דאָזיגע מלחמה איז געווען א שרעקליכע און מורא׳דיגע פאַר די בני יעקב ווייל די האָבען איהר גוזמוט אויפגעהאַלטען. די חיילות פון די פעראייניגטע מלוכות, וואָס האָבען זיך געשטעלט אויפ׳ן מלחמה-פלאַץ געגען די בני יעקב, איז געווען פון דער גרעסטער צאָהל, וואָס האָט נור געקענט זיך צוזאַמענקומען אויף איין פלאַץ. דאָך פאַלען די בני יעקב ניט אַראָב ביי זיך, און אויף יוסף׳ס בעפעהל, געהען אויך די מצרישע חיילות אויפ׳ן שלאַכט-פעלד וואָס איז געווען אין דער פּראָווינץ רעמסס—דאָרט האָבען זיך אָבגעשטעלט די פיינדליכע חיילות.

די חיילות וואָס האָבען געקעמפט אונטער יוסף׳ס אָנפיהרונג האָבען שנעל בעקומען די איבערהאַנד איבער די פעראייניגטע חיילות, אזוי דאָס פון יענע זענען געפאַלען 600 טויזענד מאַן. עס זענען אויך געפאַלען אין דער מלחמה, אַלע גבורים און עלטסטע פון שעיר, און די פיינדליכע מחנות זענען אנטלאָפען אין דער גרעסטער אומאָרדנונג אונטער די פערפאָלגונג פון יוסף׳ס חיילות וועלכע האָבען געיאָגט דעם פיינד ביז דער סטאַציע סוכות.

די גרויסע מלחמה צווישען די בני עשו מיט די בני שעיר, וועלכע האָבען פריהער געלעבט אין גרעסטער פריינדשאַפט—דאָס איז געווען דער רעזולטאט פון די פריהערדיגע מלחמה. עס האָט די בני שעיר פערדראָסען פארוואָס זיי האָבען בעפאָלגט די בני עשו און זיך געלאָזט אין א מלחמה מיט יוסף׳ס חיילות וואו אלע זייערע הויפּט-לייט זענען אויס-

געהער׳גטע געוואָרען.

די בני שעיר האָבען גענומען קאַטאגאָריש פאָדערען, אז די בני עשו זאָלען פערלאָזען דאָס לאַנד שעיר; זיי האָבען זיך שוין דאן געפיהלט אין דער מינדערהייט געגען די בני עשו, און האָבען פאָראויסגעזעהן דאָז די בני עשו וועלען פערנעהמען אויף זייער אייגענעם נאָמען דאָס לאַנד שעיר.

די בני עשו שיקען אין געהיים שלוחים צו אניאָס, דעם דאַמאָלסדיגען גרויסען קעניג פון אַפריקע (זצה ווייטער) וועלכער שיקט הילף די בני עשו, א מחנה פון 500 פוס-געהער בערי־המטע קריעג׳ס-לייט און 300 רייטער. די בני שעיר ווידער האָבען געשיקט צו די מזרח-פעלקער און צו די מדינים און געבעטען הילף אין זייער קאַמפ מיט די בני עשו; און אויך די בני שעיר איז געקומען צו הילף א מחנה פון 800 מאַן, העלדישע קריעגס-לייט—דאָס זענען געווען מענשען פון די פעלקער, וואָס האָבען אויך געליטען א מפלה אין דער מלחמה, מיט יוסף׳ס חיילות, צו וועלכער זיי האָבען זיך געלאָזט צורעדען פון די בני עשו, אויף וועלכע זיי האָבען שפעטער געטראָגען א בעהאַלטענעם כעס.

די מלחמה האָט זיך צופלאַקערט צווישען ביידע כחות, און אין א רייה שלאַכטען זענען די בני עשו מיט זייערע הילפ׳ס חיילות געבליבען אונטערשטעליג דעם פיינד—די בני שעיר מיט זייערע הילפס-חילות האָבען זיך געשטאַרקט איבער די בני עשו.

צום סוף אָבער, זענען אָנגעקומען פון אַפריקע פרישע חיילות צו העלפען די בני עשו, וועלכע האַלטען אָז א ענטגילטיגען נצחון איבער די בני שעיר. די לעצטע ווערען אינגאַנצען פערניכטעט, און די בני עשו פערנעהמען דאָס לאַנד שעיר אויף שטענדיג. די חיילות וואָס זענען געקומען צו הילף די בני שעיר זענען אַנטלאָפען אין בהלה.

**די בני עשו קומען ווידער אויף מלחמה קיין מצרים,** נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך אויסגערוהט און בעפעסטיגט נאָכ׳ן

קאַמפף מיט די בני שעיר. (דאָס איז געווען אין יאָהר 2822—סה״ד). די בני עשו האָבען ווידער אויפגעהעצט זייערע שכנים און בעפריינדעטע מלוכות, צו געהן אין א מלחמה אויף מצרים, בכדי צו בעפרייען זייער הויפט-מאַן צפו, וועלכער איז נאָך אַלץ געפאַנגען אין מצרים. זיי האָבען ספּעציעל שלום גע-מאַכט מיט די מזרח-מלוכות, (מיט די, וועלכע זיי זענען פריהער געווען שונאים) אז זיי זאָלען איינשטימען צו געהן צוזאַמען מיט די בני עשו אויף א מלחמה, געגען מצרים. די חיילות פון אַלע מלוכות, וואָס האָבען זיך פערבונדען מיט די בני עשו זענען געקומען קיין שעיר, וואו זיי האָבען געבילדעט א אַרמעע פון 800 טויזענד מאַן פוס-געהער און רייטער. די דאָזיגע אַרמעע האָט געצויגען קיין מצרים און זיך אָבגעשטעלט אין דער פּראָווינץ רעמסס.

און פון הימעל האָט מען ווידער בעוויזען, אז נישט אין דער צאָהל-רייכער און שטאַרקער ארמעע ליעגט די קראַפט פון נצחון, נור די הצלחה בויגט זיך צו דעם, ווער עס האָט מעהר זכותים, און אויך אין יעצטיגען פאַל, האָט יוסף מיט זיין קליי-נע ארמעע אָבגעהאַלטען א געוואַלדיגען נצחון, איבער דער גרוי-סער אַרמעע, וואָס איז אָנגעפיהרט געוואָרען פון די בני עשו, וועלכע האָבען איבערגעלאָזט אויפ׳ן שלאַכטפעלד א ערך פון 200 טויזענד מאַן, וואָס זענען געפאַלען אין דער מלחמה.

יוסף׳ס חיילות האָבען דריי מעת לעת נאָכגעיאָגט די פיינד-ליכע אַרמעע, וועלכע איז שנעל אַנטלאָפען. און נאָך א גרעסערער נס איז געווען, וואָס פון די בני יעקב איז איינער נישט געפאַ-לען אין שלאַכט, און אויך פון די מצריים זענען געפאַלען בסך הכל, 12 מאַן.

די דריי וועלט טהיילען. אין יענער צייט, זענען געווען בעקאנט און געשטאנען צווישען זיך אין פערבינדונג א ס מלוכות וואָס האָבען זיך געפונען אין די דריי וועלט-טהיילען: אזיען, אפריקע, און אייראָפּע (אמעריקע, אויסטראליען, א. א. זענען

געווען אינגאנצען אָבגעזונדערט, און ענטדעקט געוואָרען ערשט אין גאנץ שפּעטערע יאָהרען).

**אזיען,** ליעגט אין מיטעלפּונקט פון אַלע וועלט-טיילען. איהרע גרענעצען זענען: פון מערב-זייט פונ'ם עק פון מיטעללענדישען ים וועלכער ציהט זיך ביי די ברעגעס פון ארץ ישראל; און פונ'ם אויסגוס פון ים-סוף וואָס געהט צווישען אפריקע און אזיען, צו מזרח זייט געהט דער באָדען פון אזיען ביז'ן אינדישען אָקעאַן, וואָס עס איז דער סוף פונ'ם ישוב; צו דרום-זייט דרום-אָקעאַן און צו צפון—ביז א געוויסען שטח וואָס איז נישט ווייט פון צפון-פּאָל. אין שטח, איז אַזיען פינף מאָל גרעסער ווי אייראָפּע, און איז אויך צום ערשט בעפעלקערט געוואָרען נאָכ'ן מבול, דען אויך נח'ס תיבה (זעה אויבען) האָט זיך אָבגעשטעלט אויף די ארט-בערג, וואָס עס איז נאָכ'ן תרגום אונקלס די קרדו-בערג אין ארמעניען. דאָרט האָבען אויך געוואוינט אברהם, יצחק און יעקב (זעה אויבען), דאָרט איז געגעבען געוואָרען די תורה, דאָרט געפונט זיך ארץ ישראל, און מיט'ן דאָזיגען וועלט-טייל, איז פערבונדען דער גרעסטער טייל פון דער יודישער געשיכטע.

**אפריקע,** איז דריי מאָל אזוי גרויס ווי אייראָפּע (א חוץ אפ-ריקע אלס א וועלט-טייל, איז פאַרצייטנס געווען א מלוכה אין אזיען וואָס האָט זיך גערופען אפריקא. די דאָזיגע מלוכה האָט זיך געפונען אין מזרח-זייט פון ארץ-ישראל—ספר הברית). דער באָדען פון אַפריקע, איז ארומגענומען מיט ימים פון אַלע זייטען. פון צפון זייט, געהט דער מיטעללענדישער ים, וועלכער געפינט זיך אויך ביי די ברע-געס פון אייראָפּע ביז שפּאַניען (אדריאַטישער ים); פון מערב זייט —דער אַטלאַנטישער אוקיינוס; פון דרום זייט—דער דרום-אוקיינוס; צו מזרח-זייט געהט דער באָדען ביז'ן אויסגוס פון ים-סוף (רויטער-ים). צווישען אָט דעם ים-סוף-אויסגוס און דעם מיטעללענדישען ים, געהט א שמאָלער פּאַס, וואָס פעראייניגט אפריקע מיט אזיען. דאָרט געפינט זיך היינט דער בעוואוסטער סועץ-קאַנאַל.

**אייראָפּע,** איז די קלענסטע איז שטח, צווישען די דריי

דערמאָנטע וועלט טיילען און רעכענט זיך א ערך פון 500 מייל אויף 500 מייל. דער ישוב אין איראָפּע שטאַמט מעהרסטענס פון יפת'ן, נח'ס זוהן. (די פראַנצויזען, די בריטען (ענגלענדער) די בולגארען, די יונים (מאקעדאָנער און גריכען), די רוסען, די באָסיאַנער, די דייטשען, די גאליציער (פּוילען) די קראָאַטען, די סלאוואַקיער, די ווענעציאַנער, די רוימער (איטאַליען) א. א. דאָס זענען אלץ פעלקער פון יפת'ס זוהן און אייניקלעך*) — יוכף'ן).

די רוימער, וואָס זענען שפּעטער געווען די גרעסטע וועלט-מלוכה (אין דער צייט פון חורבן בית שני, ווען דאָס בית המקדש און ירושלים זענען אויך חרוב געוואָרען דורך די רוימישע חיילות) בעשטעהט פון דריי מלוכות: די בני כתים וועלכע וואוינען ביים טייך טיבער, (כתים איז געווען דער דריטער זוהן פון יון — יפת'ס א זוהן); די בני תובל וועלכע וואוינען אין שכנות מיט די בני כתיים און פיהרען א לאנגע צייט צווישען זיך מלחמות, ביז די בני תובל ווערען בעזיעגט דורך די בני כתיים (תובל איז געווען דער פערטער זוהן פון יפת'ן) און איטאַליען (זייער שטאם פאָטער יון איז געווען דער פינפטער זוהן פון יפת'ן). דער ערשטער מלך איבער די רוימער, וועלכער האָט פּראָאיינציגט אונטער זיין הערשאַפט די אלע דערמאָנטע קעניגרייכען, איז געווען צפו, עשו'ס א אייניקעל, (עשו, אליפז, צפו — צו זוהן נאָך א זוהן) צפו ווערט צום ערשט אויפגענומען פאַר א מלך פון די בני כתיים (זעה ווייטער) און נאַכהער האָט ער מצליח געווען אין זיינע מלחמות מיט די פיינדליכע חיילות. צפו האָט אויך אויפגעבויט דעם ערשטען מלוכה-פּאַלאַץ אין רוים — סה"ד).

---

*) דאָס מלכות אשור וואָס האָט בעת'ן בית ראשון בעהערשט די וועלט, האָט מיט צוואנג איבערגעפיהרט די בעפעלקערונג פון איין לאנד אין צווייטען אזוי דאָס קיין איינציגע פון די דערמאָנטע פעלקער קען נישט אַנווייזען אז זיי זענען פון די ערשטע לויט זייער אָבשטאַמונג וואָס זיצען אויפ'ן אָרט. דאָס זעלבע האָבען זיי געטהון מיט די יודען, די עשרת השבטים וועלכע זענען פערטריבען געוואָרען פון ארץ ישראל דורך די אשורים, א חוץ אויפ'ן מלכות יהודה, האָבען זיי קיין שליטה נישט געהאָט — זעה ווייטער.

צפו אַנטלויפט פון מצרים, וואו ער איז די גאַנצע צייט געפאַנגען, אין יאָהר 2310, שוין נאָך יוסף'ס טויט. ער קומט קיין אפריקע צום דאַמאָלסט־גען גרויס־קעניג אַנגיאָס, וועלכער בעשטימט צפו'ן אַלס מיליטערישער הויפּט מאַן. צפו געדענקט זיין שנאה צו מצרים און איבערהויפּט צו די בני יעקב, ער העצט כסדר אנגיאָס'ן צו געהן אויף אַ מלחמה קיין מצרים. אנגיאָס געדענקט אָבער די מפלה וואָס זיינע חיילות האָבען געליטען אין דער מלחמה מיט די בני יעקב, ווען זיי זענען געגאַנגען העלפען די בני עשו (זעה אויבען) און ער לאָזט זיך נישט צַגיטרען פון צפו'ס מלחמה־פּלענער.

די אפריקאַנער חיילות זענען אָבער אריינגעפיהרט געוואָרען אין גרויסע מלחמות וואָס האָבען אויסגעבראָכען צווישען די בני כתיים מיט אַ צווייטע מלוכה (בבנטו), אַזוי דאָס די דערמאַנטע חיילות האָבען זיך איינגעוואויגט צו מאַרשירען אין לאַנד פון די בני כתיים (רוימער). שפּעטער ווען די מלחמה האָט זיך אָבגעשטעלט, האָבען אָבער די אפריקאַנישע חיילות נישט אָבגעשטעלט זייערע מאַרשען צו די בני כתיים און זיי פלעגען יעדעס יאָהר, קומען אויף רויב־אָנפאַלען צו די בני כתיים. די לעצטע זענען געווען צו שוואַך אויף צו פערטרייבען די אפריקאַנער חיילות און זיי האָבען געמוזט ליידען.

צפו קומט העלפען די בני כתיים. ווען צפו זעהט אַז ער וועט נישט אויסווירקען ביי די אַפריקאַנער צו געהן אויף אַ מלחמה קיין מצרים, וואָס עס איז געווען ביי איהם די נאָהנטסטע פראגע, האָט ער בעשלאָסען צו פערלאָזען די אַפריקאַנער און זיך זוכען אַ מלוכה, וועלכע זאָל קאָנען אויסשטעלען אַ גרויסע אַרמעע אויף אַ מלחמה קיין מצרים. ער וואַרפט אַ אויג אויף די בני כתיים צו וועלכע ער קומט און ערקלערט זיך גרייט צו העלפען זיי שאַפען אַ גרויסע מיליטערישע קראַפט, וואָס זאָל זיי פערהיטען פון די פיינדליכע אָנפאַלען. צפו בעווייזט גרויסע גבורות ביי די בני כתיים, און ער האָלט אויך אָב שטאר־

קע נצחונות איבער די אפריקאנער וואָס קומען מאַכען זייערע רויב-אָנפאַלען. די אַפריקאַנער לײַדען שטאַרקע פערלוסטען אין זייערע מלחמות מיט צפו'ן און זיי קומען מעהר נישט צו די בני כתיים.

צפו געהט אויף א מלחמה קיין מצרים, נאָכדעם ווי ער האָט אָבגעהאלטען אזעלכע גרויסע נצחונות איבער די אפ־ריקאַנער חיילות. צפו ווערט ביי זיך פעסטער ווען ער דער־וואוסט זיך, אז יוסף מיט זיינע ברידער לעבען מעהר נישט און ער בעשליסט צו געהן אויף א מלחמה, וואו ער וועט אויך טרעפען די בני יעקב און ביי זיי נקמה נעהמען פאַר'ן טויט פון זיין זיידען עשו, וועלכער איז געהרג'עט געוואָרען אין דער ערשטער מלחמה צווישען די בני עשו מיט די בני יעקב (זעה אויבען).

צפו שיקט בריעף צו די בני עשו, זיי זאָלען זיך מיט איהם פאַראייניגען בכדי צו נעהמען נקמה פון די בני יעקב. עס פאראייניגען זיך מיט איהם אויך די בני ישמעאל און די בני קדם. זיי האָבען אויסגעשטעלט א גרויסע ארמעע וואָס האָט פערנומען א שטח פון דריי טאָג גאַנג.

די מצרים דערוויסען זיך פון דער נייער מלחמה, און זיי ארגאַניזירען שנעל אַ ארמעע פון 300 טויזנד מאַן. זיי פערלאַנ־גען אויך, אַז די בני יעקב זאָלען געהן אין דער מלחמה, דאָך האָבען זיי נישט קיין צוטרוי צו די בני יעקב (דאָס איז שוין געווען נאָך'ן טויט פון יוסף'ן מיט זיינע ברידער, ווי אויך פון די מצרישע מלכים און הויכע־לייט וואָס האָבען געלעבט אין יוסף'ס צייטען, דאַן האָט שוין געהערשט אַ שנאה צווישען די מצרים און די יודען—זעה ווייטער). די מצרים רעדען דעריבער אָב מיט די יודען וועלכע האָבען געבילדעט אַ קליינע ארמעע פון 150 מאַן, אז די יודען זאָלען בלייבען שטיין עטוואָס אבגע־ריקט פון מלחמה-פלאַץ, און ערשט ווען די מצרים וועלען נישט

קענען אָבהאלטען אַ נצחון מיט אייגענע כחות, דאַן זאָלען די יודען זיך וואַרפען יאן דער מלחמה.

אין דעם ערשטען שלאַכט האָבען די פּצראייניגטע חיילות אונטער צפו׳ס אָנפיהרונג בעקומען די אויבערהאַנד און די מצרים האָבען גערופען די יודען צו הילף. די יודען האָבען זיך געפונען אין אַ שווערע לאַגע, זיי האָבען אבער שטאַרק תפלה געטהון צו גאָט, וועלכער האָט זיי געשיקט הצלחה און זיי האָבען אויסגעלעגט 4000 מאַן פון דער פיינדליכע מחנה. עס איז אויך ענטשטאַנען אַ שטאַרקע בהלה אין די פיינדליכע מחנות, וועלכע זענען אנטלאָפען פון מלחמה־פּלאַץ. אויפ׳ן וועג האָבען די יודען גע׳הרג׳עט נאָך 2000 מאַן, פון די אַנטלויפענדע חיילות.

די מצרים אָבער האָבען די יודען פערראַטען, זעהענדיג אז די מלחמה איז אַ שווערע, זענען זיי כסדר אַנטלאָפען און איבערגעלאָזט די יודען אליין אויפ׳ן מלחמה־פּלאַץ. דאָס האָט די יודען פערדראָסען, און בעת׳ן צוריקקומען פון דער מלחמה, האָבען די יודען זיי אָבגעצאָלט און זיך נישט געמאַכט דערקענען די מצריים וואָס האָבען זיך געפונען אויפ׳ן וועג. יעדען מצרי, וואָס מ׳האט אָנגעטראָפען, האָבען זיי נור געזאָגט, אַז ער מוז זיין פון די פיינדליכע מחנות און זיי האָבען איהם דערהרגעט. אזוי האָבען די יודען אויפ׳ן וועג דערהרגעט ביז 200 מצריים.

די לעצטע מלחמה צווישען צפו׳ס חיילות מיט די בני [illegible] אין מצרים איז געווען, אין יאָהר 2340.

**די אייביגע שנאה צווישען מואב און מדין,** וואָס ווערט דערמאָנט אין די תורה (ביז די צייט ווען די יודען זענען ארויסגעגאַנגען פון מצרים, ווען מואב מיט מדין האָבען געשלאָסען שלום, און פערלאַנגט פון בלעם׳ן, ער זאָל קומען מיטהעלפען פערניכטען די יודען — זעה ווייטער) שטאַמט פון זייערע מלחמות אין די יאָהרען 2322. די אדומיים (בני עשו) האָבען בעשלאָסען צו בעצוואונגען די בני מואב, און זיי מאַכען אונטערטעניג, זיי זאָלען מוזען שטענדיג צאָהלען שטייערן די בני עשו.

די בני מואב האָבען זיך דערוואוסט פון דעם, און זיי האָבען פער־לאַנגט פון זייערע שכנים די מדינים (מדין איז געווען אברהמ׳ס א זוהן פון זיין ווייב קטורה, וואָס אברהם האָט גענומען אויף דער עלטער נאָך שרה׳ס טויט. פון איהם שטאַמען עס די מדינים וועלכע האָבען געהאַט זייער מלוכה אין שכנות מיט ארץ ישראל) הילף געגען די אדומים, וועלכע האָבען מאָביליזירט אַ ארמעע פון 400 טויזענד מאַן. די אדומיים האָבען באַלד בעקומען די איבער־האַנד אין שלאַכט און האָבען בעטין ערשטען אָנגריף אוועקגעלעגט צוויי טויזענד מאַן פון די מדינים און מואבים. די לעצטע האָבען געזעהען אז די מלחמה איז פערשפּיעלט, און זיי זענען איינציגווייז אַנטלאָפען פון שלאַכט־פעלד. איבערלאָזענדיג די מדינים אַליין אין דער מלחמה מיט די אדומיים. די מדינים האָבען נישט פערשטאַנען, דאָס וואָס די מואבים האָבען געפּלאַנט און זיי האָבען זיך געפּרובט שטאַרקען מיט אַלע קרעפטען אין דער מלחמה מיט די אדומיים וועלכע האָבען אָבער אויסגעהרג׳עט אַלע מדינים אויפ׳ן שלאַכט־פעלד. די מואבים, האָבען זיך שפּעטער אונטערגעגעבען די אדומיים.

אויפ׳ן צווייטען יאָהר, האָבען די מדינים זיך געווענדעט צו זייערע ברודער־מלוכות און זיך פערזאַמעלט צו געהן אויף א מלחמה מיט די מואבים, די לעצטע האָבען זיך דערשראָקען פאַר די גרויסע ארמעע וואָס האָט זיך פערזאַמעלט, און זיי האָבען זיך געווענדעט צו די אדומיים נאָך הילף.

די אדומיים זענען שנעל געקומען מיט א גרויסע ארמעע און אָבגעהאַלטען א נצחון איבער די מדינים און זייערע פערבונדעטע. אזוי האָבען די אדומיים אָבגעראַטעוועט די מואבים פון מדינ׳ס הענד, און פון דאן אָן איז געווען א פערביסענע שנאה צווישען די מואבים מיט די מדינים, ווי נאָר איינער דעם צווייטען האָט געטראָפען איז באַלד פערפיהרט געוואָרען צווישען זיי א מלחמה.

# די צייט פון ערשטע גלות



גלות מצרים, האָט זיך געצויגען זייט'ן כריתת ברית מיט אברהם'ן, ווען ער ווערט אַלט 70 יאָהר און דערוואוסט זיך פון דער גזרה, אַז די יודען מוזען ליידען גלות, ביז'ן טאָג פון יציאַת מצרים, די יודישע בעפרייאונג — האָט געדויערט 430 יאָהר; זייט יצחק'ן ווערט געבוירען — 400 יאָהר; זייט יעקב מיט זיינע קינדער קומען קיין מצרים — 210 יאָהר; זייט יעקב'ס טויט — 193 יאָהר; זייט די שבטים, יעקב'ס קינדער זענען אַלע ביז'ן לעצטען אויסגעשטאָרבען — 116 יאָהר (צמח דוד).

די דאָזיגע צייטען זענען אויך אָבגעשלאָסענע תקופות אינ'ם גלות. אברהם הויבט זיך אָן פיהלען אַ פרעמדער אין לאַנד ארץ ישראל, ווען ער דערוואוסט זיך, אַז זיינע קינדער מוזען פריהער דורכגעהן דעם גלות, איידער זיי ירש'נען דאָס לאַנד; יצחק ווערט שוין געבוירען אַלס גלות-קינד און זוכט נישט מעהר צו פערנעהמען דאָס פעסט-בעזעסענע אָרט, ער ריכט זיך צו יעדער צייט קען קומען די גזירה, זיינע קינדער זאָלען פערטריבען ווערען אין גלות; יעקב געהט שוין פאַקטיש אין גלות קיין מצרים; נאָך יעקב'ס טויט הויבען די מצרים זיך אָן בענוצען מיט די יודען אַלס אַרבייטער, עס טראָגט אָבער נאָר אַ צופעליגען כאַראַקטער, אַמאָל אַרבייט דער יוד אַמאָל דער צווייטער (גור אריה); נאָכדעם ווי עס שטאַרבט לוי, יעקב'ס זוהן (ער האָט געלעבט דער לענגסטער

פון אַלע ברידער, יעקב׳ס זיהן, און איז געשטאָרבען אין יאָהר 2332 ווערען די יודען אַריינגעצויגען אין שטענדיגער צוואַנגס-דיענסט (זעה ווייטער), און זיי מוזען אויספיהרען די שווערסטע אַרבייטען פאַר די מצרים.

געקומען זענען די יודען קיין מצרים, אַלס אַ אייגענאַרטיג פאָלק מיט זייערע אייגענאַרטיגע בעגריפען וועגען וועלט און מענש, וועגען גוט׳ס און שלעכט׳ס, מיט זייער פעסטען גלויבען אין׳ם איין און איינציגען גאָט דעם בעשעפער, מיט זייער אייגענאַרטיגען שטרעבען צו ערלערנען די אויפגאַבע וואָס דער מענש האָט צו ערפילען, כדי צו דערגרייכען דעם צוועק צו וועלכען ער איז בעשאַפען. יעקב האָט דאָרט פערפעסטיגט זיין תורה-הויז און לוי מיט זיינע קינדער זענען געבליבען די הויפט-טרעגער פון׳ם געטליכען תאוסען און לערנען, דער אַזוי גערופענער איבערליעפערונג׳ס אַפּאַראַט פון אַברהמ׳ס לעהרע צו די ווייטערע יודישע דורות. דער שבט לוי איז אויך געבליבען פריי און זעלבסטשטענדיג, זיך נישט געלאָזט פערשקלאַפען פון די מצרישע אַרבייטען און זיך אויך נישט געלאָזט בעפיהרען פון די מצרישע לעבענס-פערלאַנגען. דאַגעגען די איבריגע שבטים, זענען געוואָרען פערשקלאַפט ניט בלויז פיזיש נאָר אויך מאָראַליש אונטערן מצרישען יאָך און פריעדער לעבענס-אַנשויאונג. דאָך זענען געווען בעשטימטע פאָרמען וואָס האָבען געכטעמפעלט דעם יוד אַלס זוהן פון אַ אייגענאַרטיג פאָלק. די יודען האָבען זיך נישט אינגאַנצען אסימילירט, זיי האָבען זיך שטרענג געהאַלטען אין זייער אייגענער שפראַך, אין זייערע יודישע נעהמען און אין זייער אייגענער טראַכט און אויסערליכער קליידונג, אַזוי דאָס זיי זענען געווען ווי געצייכענט אַלס יודען.

קהת, לוי׳ס עלטסטער זוהן איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 2335 און האָט געלעבט 133 יאָהר (סה״ד). עמרם, קהת׳ס עלטסטער זוהן, איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 4255 (רשב״ם) און האָט געלעבט 137 יאָהר. עמרם האָט געהאַט דריי קינדער נביאים.

װעלכע האָבן געשפּיעלט די הויפּט ראָל בײַ יציאת מצרים און זענען שטענדיג געשטאַנען בײַ דער האַנד פון משה רבינו, װען ער האָט געפיהרט די יודען, אין דער צײַט פון יציאת מצרים, בײַ קבלת התורה און אויפ'ן גאַנצן װעג װאָס די יודען האָבען פאַר-בראַנגט אין דער מדבר (זעה װײַטער).

מרים די עלטערע טאָכטער פון עמרם'ן איז געבוירען געװאָרען אין יאָהר 2361 און זי האָט געלעבט 127 יאָהר (סה"ד). איהר נאָמען מרים, איז געװען דער אויסדריק פון די צײַט װען די מצרים האָבען פערביטערט דאָס לעבען פון די יודען. זי האָט נביאות געזאָגט דעם פאָטער און מוטער, אַז בײַ זײ װעט געבוירען װערען אַ זוהן, װעלכער װעט העלפען די יודען און זײ אויס-לייזען פון גלות מצרים. װען איהר ברודער משה איז געבוירען געװאָרען אין די גאַנצע שטוב װערט העל ליכטיג, האָט איהר דער פאָטער אַ גלעט געטהון איבער'ן קאָפּ און געזאָגט: אָט איז דײַן נבואה מקוים געװאָרען. װען די מוטער האָט געמוזט משה'ן אַרײַנלעגען אין אַ קעסטיל און עס לאָזען שװימען איבער'ן טײַך נילוס צוליעב פּרעה'ס גזירה, אַז יעדעס יודישע יונגעל מוז געטויטעט װערען (זעה װײַטער), האָט איהר דער פאָטער געפּרעגט: און װי איז דײַן נבואה? מרים האָט אָבער נישט געװאָלט אָבטרעטען פונ'ם אָרט, װאו דאָס קעסטיל מיט איהר ברודער משה האָט זיך געפונען אין װאַסער, ביז זי האָט דערזעהען פּרעה'ס טאָכטער געהן צום װאַסער און זי ראַטעװעט משה'ן (זעה װײַטער).

אהרן איז געבוירען געװאָרען אין יאָהר 2365 און איז געװען אַ נביא 80 יאָהר צײַט (מדרש). ער איז אויך געװען דער ערשטער כהן גדול, און זײַנע קינדער זענען בעשטימט געװאָרען צו זײַן די כהנים בײַ יודען (זעה װײַטער). אהרן האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זײַן צדקות און גיינפּאַכקייט, צװישען אַנדערע װערט אהרן בעריהמט מיט זײַן שלום-זוכען צװישען יודען. װען ער דערװאוסט זיך, אַז צװײ יודען זענע צוקריעגט, האָט ער אָנגעװענדעט אַלע מיטלען און דערפיהרט דערצו, אַז די יודען זאָלען אײנער מיט דעם צװײ-

טען צוריק שלום מערען. ווען ער דערוואיסט זיך, אז א יוד טהוט א עבירה, האט אהרן געזוכט צו דערנעהנטערן יענעם, אזוי דאס ער זאל זיך מיישב זיין און תשובה טהון. חאטש אהרן איז געווען עלטער פון זיין ברודער משה און איז אויך פריהער געווען א נביא, פונדעסטוועגען האט ער זיך שטארק דערפרעהט פון דעם וואס זיין יונגערער ברודער משה איז בעשטימט געווארען צו זיין דער ערשטער נביא און גואל פון יודישען פאלק.

משה רבינו, דער דריטער זוהן ביי עמרם, ווערט געבוירען אין יאהר 2.368 דעם זיבעטען אדר (זיין לעבענס-ביאגראפיע — זעה ווייטער).

דער ערשטער מלך-מצרים וואס האט ארויסגעגעבען די שווערסטע גזירות אויף די יודען, איז געווען מלוכה וועלכער איז ארויף אויפ'ן מצריי'שען טראהן אין יאהר 2.340 און האט באלד אויך בעקומען דעם אפיציעלען מלוכה-נאמען פרעה, ווי אלע מצרישע מלכים רופען זיך. די יודען אבער רופען איהם מרור, ווייל אין זיין צייט איז געווארען ביטער און אונערטרעגליך דאס יודישע לעבען אין מצרים. צוזאמען מיט'ן זאלטען קעניג וועלכער איז געשטארבען, זענען אויך אוועק די אלע מצרישע מלוכה-לייט וואס האבען זיך געקענט אויף די טובות וואס יוסף האט געבראכט פאר'ן לאנד מצרים. זיי האבען אנגעהויבען קוקען קרום אויף די יודען ווי אויף א פרעמדען עלעמענט וואס שטערט די גאנצקייט פון מצריטען פאלק. בעזונדערס זענען די מצריים געווען בעזארגט פון די גבורות וואס די יודען האבען בעוויזען אין דער מלחמה מיט די גרויסע חיילות וואס זענען אנגעפאלען אויף מצרים אונטער דער אנפיהרונג פון צפו, אליפז'ס זוהן (זעה אויבען) און די מצרים האבען זיך געגעבען עצה'ן צו פערניכטען די יודען און זיי נישט לאזען אויסוואקסען אלס זעלבסטשטענדיג פאלק. א צפענע מלחמה מיט די יודען, האבען די מצרים מורא געהאט צו פיהרען, זיי האבען זיך געשראקען, כאמער זאגען די יודען גובר די מצריים, חאטש די ערשטע זענען אין דער מינ-

דערהייט, זיי האָבען דאָך שוין געזעהען ווי די יודען האָבען גובר געווען די צאָהל־רייכע פיינדליכע חיילות; דעריבער האָבען די מצרים בעשלאָסען צו רואינירען די יודען און זיי אויסמאַטערען, אויף אַ אופן דאָס עס זאָל זיך נישט בעמערקען אין דער ערשטער צייט. צום ערשט זענען די יודען בעשטייערט געוואָרען מיט גרויסע צאָהלונגען, אַזוי אַרום האָבען זיי געהאָפט די יודען צו מאַכען פאַר אָרימע לייט און צו־שטערען דעם יודישען עקזיסטענץ. שפּעטער האָבען זיי בעשלאָסען אריינצוציהען די יודען אין אַ שטענדיגע צוואַנגס־ארבייט, אַזוי דאָס די יודען זאָלען פערלירען די פרייהייט און זיין אינגאַנצען פערשקלאַפט צו פּרעה׳ס פּאָדערונגען. די שווערע ארבייטען זאָלען אינגאַנצען די יודען צובּרעכען פיזיש און מאָראַליש.

**פרעה בעפעהלט אויפצובויען און בעפעסטיגען די שטעדט פיתום און רעמסס,** בכדי צו פערהיטען דאָס לאַנד פון אַ אָנגריף פון פיינדליכע חיילות וועלכע ווילען פרובען קומען אויף אַ מלחמה קיין מצרים. די גאַנצע בעפעלקערונג ווערט מאָביליזירט און גערופען צו דער אַרבייט ביים אויסבויען די פעסטונגען, און יעדער זאָל אויך בעקומען אַ בעשטימטען טאָגלוין פאַר די אַרבייט. דער דאָזיגער רוף האָט אויך געווירקט אויף די יודען וועלכע האָבען זיך אַלע געשטעלט צו דער אַרבייט, אַ חוץ דער שבט לוי, וועלכער האָט נישט געוואָלט האָבען קיין שום פערקעהר מיט די מצריים; זיי האָבען זיך נישט געשטעלט צו דער אַרבייט און זיי זענען אויך געבליבען פריי און אומאָבהענגיג פון די מצרישע אַרבייטע.

**פרעה אַליין ביי דער ארבייט.** בכדי צו ווירקען, אַז די גאַנצע בעפעלקערונג זאָל זיך שטעלען צו דער אַרבייט, איז פרעה אַליין געקומען און זיך געשטעלט ווי אַ געוועהנליכער אַרבייטער. קיינער האָט שוין מעהר נישט געוואַגט זיך אָבצוזאָגען פון דער אַזוי גערופענער פאָלק׳ס־ארבייט און אַזוי איז טאַקי די גאַנצע בעפעלקערונג געשטאַנען ביי דער אַרבייט אַ חודש צייט. נאָכ..ער

האָט מען אָנגעהויבען די מצריים צו בעפרייען פון דער ארבייט, ביי וועלכע עס זענען געבליבען בלויז די יודען.

עס איז פאַרביי אַ יאָהר מיט 4 חדשים און קיין איין מצרי איז שוין נישט דאָ ביי דער ארבייט, דעם טאָג-לוין האָט מען אויך אויפגעהערט צו צאָהלען און דאָך ארבייטען די יודען שווער — פרעה האָט בעשטימט עקסטרע פון צווישען די יודען וועלכע האָבען געמוזט פיהרען אַ קאָנטראָל און צושטעלען די ארבייט לויט דער נאָרמע, איבער די יודישע אויפזעהער זענען געשטעלט געוואָרען מצרישע קאָנטראָלערען, וועלכע האָבען זיך בעצויגען מיט דער גרעסטער אכזריות, צו די יודען וואָס האָבען נישט צוגעשטעלט דעם בעשטימטען סכום ארבייט. אזוי זענען די יודען פון טאָג צו טאָג אריין שווערער אין דער ארבייט, אָהן שום אויסזיכט אויף עפעס פערלייכטערונגען וואָס זאָלען פערבעסערן די יודישע לאַגע.

אונטער ז אויסרייד אַז די בני עשו גרייטען זיך אויף אַ מלחמה קיין מצרים, ווערט שטרענגער די בעציהונג צו יודען און די ארבייט ווערט פערדאָפעלט. דאמיט האָבען די מצריים אויסגערעכענט אינגאַנצען אָבצורייסען די יודען פון זייער פאַמיליען לעבען און זיי זאָלען מיט דער צייט אינגאַנצען פערניכטעט ווערען. אָבער דער וואוקס פון די יודען געהט מיט אונפאָראויסגעזעהענע ריעזען-שריט, דאָס איז געווען פון הימעל ספּעציעל, עס זאָל נישט פערווירקליכט ווערען פרעה׳ס בייזער געדאַנק צו פערניכטען די יודען.

די שרעקליכע גזירה צו טויטען אַלע ניי-געבוירענע יונגלעך, איז ארויס נאָכדעם ווי די מצרים זעהען, אַז זייער פּלאַנמעסיגע ארבייט צו פערניכטען די יודען האָט נישט קיין ערפאָלג און זיי האָבען בעשלאָסען צו פיהרען די פערניכטונגס ארבייט מיט ראשיגערע מיטלען. די יודישע הייב-אַמ׳ס ווערען גערופען צו פרעה און עס ווערט זיי ארויסגעגעבען אַ שטרענגער קעניגליכער בעפעהל, דאָס ביי יעדען געבורט מוזען זיי שטע-



דאָס אַרויסנעמען משה'ן פון טייך

הען אויף די וואך צו דיענען די אינטערעסען פון פרעה׳ן, און ווי נאָר עס ווערט געבוירען אַ יודיש יונגעל זאָלען זיי עס באַלד טויטען. דאַמיט ווילען די מצרים זיין זיכער, אַז קיין ניי דור וועט ביי די יודען נישט אונטערוואַקסען. די יודישע היי־באַמ׳ס האָבען אָבער מצהר מורא פאַר גאָט ווי פאַר פרעה׳ן, און זיי ערפילען נישט פרעה׳ס פערלאַנג אונטער פערשיעדענע אויסריידען.

די גזרה פון טויטען יודישע יונגלעך ווערט פערשטארקט, אין יאָהר 2368, ווען פרעה׳ס אַ חלום ווערט דורך זיינע סאָר־יסזאָגער אויסגעטייטשט ראָס עס וועט געבוירען ווערען ביי יודען א יונגעל וועלכער וועט אויסוואַקסען אַלס יודישער גואל, ער וועט מלחמה האַלטען מיט די מצרים און בעפרייען די יודען. פרעה רופט זיינע ערשטע ראַט־געבער: בלעם בן בעור, איוב פון עוץ און רעואל פון מדין, און ער פרעגט זיי אַ עצה וואָס צו טהון מיט די יודען, איידער עס ווערט געבוירען דער יודישער גואל.

רעואל ענטפערט, אַז פרעה וועט צום בעסטען טהון, ווען ער וועט די יודען צורוה־לאָזען, ווייל פון הימעל וועט מען זיי נישט דערלאָזען קיין שלעכטס טהון, און פרעה וועט נור זיין אייגענע לאַגע פערערגערן, ווען ער וועט זיך אריינלאָזען נאָכמעהר צו פייניגען די יודען. פרעה׳ן פערדרוסט אויף רעואל׳ן וואָס ער האָט איהם אַזאַ עצה געגעבען, ער רעדט נור גוט׳ס אויף יודען, און רעואל מוז פערלאָזען פרעה׳ס הויז און ער געהט אַ היים קיין מדין (רעואל איז יתרו וועלכער האָט זיך מגייר געווען און איז שפעטער געוואָרען משה׳ס שוויגער־פאָטער — זעה ווייטער).

איוב זעהט דעם סוף וואָס עס האָט געהאַט רעואל פון פרעה׳ן, ווייל ער האָט גערעדט גוט׳ס אויף יודען, האָט ער דעריבער געשוויגען; גוט׳ס האָט ער מורא געהאַט צו רעדען און שלעכטס האָט ער נישט געוואָלט רעדען, ער זאָגט נור פרעה׳ן: אַזוי ווי אַלס מלך האָט ער אין האַנד אַלע זיינע

אונטערטעניגע, קען ער אויך מיט די יודען טהון וואָס איהם געפעלט (דאָס איז דער זעלבער איוב וואָס האָט שפּעטער געליטען די שרעקליכע יסורים — איוב׳ס יסורים — ווייל ער האָט געשוויגען און נישט גערעדט קיין גוטס אויף יודען ווי יתרו. דערפאַר איז ער געשטראָפט געוואָרען פון הימעל מיט יסורים)

בלעם אָבער, ער איז פערביסען אין זיין שנאה צו יודען און ער עצה׳ט פּרעה׳ן צו פערשטאַרקען די גזירה וועגען טויטען אַלע ניי-געבוירענע קינדער, דורכ׳ן אריינוואַרפען זיי אין וואַסער.

אַלע יודישע יונגלעך ווערען דערטרינקען, אויף אַ שטרענגען בעפעהל פון פרעה׳ן. די מצרים געהען איבער יודישע הייזער און זוכען, וואו עס איז נור דאָ אַ ניי-געבוירען יונגעל, נעהמען זיי עס מיט געוואַלד אַוועק פון פאָטער און מוטער און דערטרינקען עס אין וואַסער. די יודישע פרויען פלעגען דעריבער געהען אויפ׳ן פרייען פעלד, דאָרט האָבען זיי געבוירען די קינדער און איבערגעלאָזט זיי אויף הפקר. קיין אַנדער ברירה האָבען זיי נישט געהאַט, ווייל ווי מ׳האָט נור בעמערקט אַ מוטער זיך זאָרגען פאַר אַ קינד, האָט מען דאָס קינד באַלד דערטרינקען.

און פון הימעל האָט גאָט אַראָבגעשיקט מלאכים, זיי זאָלען בעזאָרגען די קינדער מיט אַלעם נויטיגען, ביז זיי זענען אויסגעוואַקסען און אַהיימגעקומען צו פאָטער און מוטער.

דריי יאהר מיט פיער חדשים האָט מען דערטרינקען יודישע יונגלעך. דעם טאָג וואָס משה איז געבוירען געוואָרען, האָבען פרעה׳ס שטערנזעהער׳ס ערקלערט, אַז היינט ווערט געבוירען דער יודישער גואל און זיי קענען נישט געפינען וויסען צי ער ווערט געבוירען ביי אַ יוד אָדער ביי אַ מצרי, דעריבער האָט פרעה פעראָרדנעט, אַז אָט דעם טאָג זאָל מען דערטרונקען אויך די מצרישע יונגלעך. נאָכ׳ן געבורט פון משה רבינו, ווען זיין מוטער האָט איהם אין אַ קעסטיל אַראָבגעלאָזט אין טייך, האָבען די שטערנזעהער׳ס גע-

זאָגט צו פּרעה׳ן, אַז דער יודישער גואל געפונט זיך שוין אין וואַסער, האָט מען אָבגעשטעלט די גזירה צו דערטרינקען יודישע יונגלעך (ילקוט).

**יודישע קינדער אַלס ציגעל אין די געביידעס.** אין יאָהר 2371 (סה״ד) ווערט פ״עה נאָך שט״ענגער צו די יודען. עס פערדרוסט איהם וואָס די שווערסטע גזירות זיינע, דערפיהרען נישט צום רעזולטאַט וואָס ער האָט אויסגערעכענט, און ער ענטשליעסט זיך אויף אַזעלכע מערדערישע טהאַטען וואָס האָבען נישט קיין גלייכען אין דער געשיכטע. ער בעפעהלט צו פערגרעסערן די אַרבייט׳ס נאָרמע וואָס די יודען מוזען טעגליך אויספיהרען, און, דער וואָס וועט נישט ערפיעלען זיין פליכט, זאָל מען ביי איהם צונעהמען אַ קינד און עס איינמוירען אין דער וואַנד, אויף׳ן אָרט פון די ציגעל וואָס ער האָט פערפעהלט אויסצופערטיגען.

און אַזוי געהען די מצרישע אויפזעהער איבער די יודישע הייזער, נעהמען מיט געוואַלד יודישע קינדער וועלכע ווערען פערמויערט אין די געביידעס וואָס פרעה שטעלט אין פתום ורעמסס.

**פרעה ווערט קראַנק און באָדט זיך אין בלוט פון יודישע קינדער.** ער ווערט בעשיט מיט נגעים און מיאוסע פלעקען פון קאָפּ ביז פיס. ער בערעכענט אָבער נישט אַז דאָס איז ער געשטראָפט געוואָרען, ווייל ער פייניגט אַזוי שטרענג די יודען, נאָר ער שיקט רופען זיינע כשוף־מאַכער און ראַטגעבער, זיי זאָלען איהם געבען אַ עצה ווי צו פערלייכטערען די קרענק. זיינע לייט עצה׳ן איהם: אַזוי ווי עס איז אַ סגולה דאָס באָדען זיך אין מענשען־בלוט קען עטוואָס פערלייכטערן די קרענק, זאָל ער שחט׳ן יודישע קינדער און זיך איינאָרדנען בלוט בעדער. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אויך אָט דער אכזריות׳דיגער טהאַט ווערט אויסגעפיהרט, מען האָט גע׳שחט׳ן 375 יודישע קינדער און פרעה מאַכט זיך אַ רייה בלוט בעדער פון די יונגע יודישע לע־בענס.

די יודען קראַכצען אונטער'ן שווערען פיין, און רי־
פען צו גאָט, ער זאָל אויף זיי רחמנות האָבען. אין הימעל־
ווערט בעשטימט, דער יודישער גואל משה רבינו, זאָל זיך ווענ־
דען צו פרעה'ן, און מיט איהם אַזוי לאַנג פיהרען מלחמות, ביז
די גאַנצע וועלט זאָל איינזעהען דעם שרעקליכען סוף פון די
מצריים פאַר זייער פייניגען און פערשקלאַפען די יודען אויף
אַזאַ שרעקליכען און מערדערישען אופן (זעה ווייטער).

פרעה'ס קרענק ווערט שווערער פון טאָג צו טאָג,
און ער פייניגט זיך 10 יאָהר אין די שרעקליכסטע יסורים, די
גאַנצע צייט האָט ער אָבער אַלץ נישט אָבגעשטעלט זיינע שרעקליכע
גזירות אויף די יודען. שוין קורץ פאַר זיין טויט, בעשליסט ער־
אליין צו פאָהרען קיין גושן זעהען ווי די יודען אַרבייטען: זאָ־
לען די יודען נישט טראַכטען — זאָגט פרעה — אַז איך בין קראַנק,
און די אַרבייט דאַרף נישט אַזוי פונקטליך אויסגעפיהרט ווערען.
דאָ קומט אָבער זיין סוף; דאָס פערד אויף וועלכען פרעה איז
געריטען, איז אַראָבגעפאַלען אויפ'ן וועג קיין גושן אין אַ טיעפען
טהאָל און פרעה אַליין האָט זיך געפונען אונטער'ן פערד. די
ביינער זענען איהם צעבראָכען געוואָרען און דאָס פלייש צוריבען
אויף שטיקער — די יסורים זענען געוועזען שרעקליכע, קוים וואָס
מ'האָט איהם דערפיהרט אַהיים אין קעניגליכען פאַלאַץ. דריי
יאָהר האָט ער זיך אַזוי געפייניגט אין די שווערע יסורים, זייט
ער איז אַראָבגעפאַלען פונ'ם פערד ביז ער איז געשטאָרבען, דאָס
זיין קערפער איז צופוילט געוואָרען און איז זיך צופאַלען, אַזוי
דאָס מען האָט זיין קערפער נאָכ'ן טויט נישט באַלזאַמירט, ווי עס
פיהרט זיך ביי מלכים, און ער איז געשטאָרבען מיט גרויס בזיון.

די לעצטע פיער יאָהר וואָס די יודען זענען געוועזען אין
מצרים, איז אַרויף אויפ'ן מצרישען טראָהן דער 20 יעהריגער
אדיקס, אַ זוהן פון פריהערדיגען פרעה'ן וועלכער איז געשטאָר־
בען אויף אַזאַ מיאוסען אופן (זעה אויבען). דער דאָזיגער אדי־
קס איז זיך בעגאַנגען מיט די יודען נאָך שטרענגער ווי זיין

סאָטער און ער האָט אויך בעפוילן די שרעקליכע גזירה, איינ־צומויערן יודישע קינדער אין די געביידעס, אלס שטראָף אויב דער פאָטער פערפעהלט א יסצופיהרען זיין ארבייט׳ס־נאָרמע. און עס איז געווען שרעקליך צו זעהען, ווי א יודישער פאָטער גיסט מיט טרעהרען וועלכע בענעצען זיין קינד וואָס ווערט איינגעמויערט אין די געביידע דורך זיינע אייגענע הענד. דאָס געשריי פון די קינדערשפאָלט די מויער אָבער דאָס אכזריות׳־דיגע אויער פון די מצרים, פלאַצט נישט פון צער, און אזוי האָט מען פערמויערט 270 יודישע קינדער (ספה״י).

דער דאָזיגער יונגער קעניג האָט אָבער אין זיינע קורצע מלוכה יאָהרען זיך געננוג אָנגעליטען און איז געשטראָפט געוואָרען פאַר די יסורים וואָס די יודען האָבען געהאַט אויס־צושטעהען אין מצרים — די צעהן מכות און שפּעטער דאָס דערטרונקען אלע מצרים אין ים.

זיין מלוכה האָט זיך בסך הכל געצויגען 4 יאָהר ביז׳ן יאָהר 2448 ווען די יודען ווערען בעפרייט פון מצרים. דאַגעגען די מלוכה פון זיין פאָטער האָט געהאַלטען 94 יאָהר (ספה״י).

**די בני אפרים,** זענען געווען גרויסע גבורים און אין יאָהר 2418, (מיט 30 יאָהר פריהער, איידער די יודען זענען ארויס פון מצרים), האָבען 30 טויזענד מאַן פון די בני אפרים בעשלאָסען, אליין אויף אייגענעם כח צו געהען ארויס פון מצרים און אויפגעהען קיין ארץ ישראל (זיי האָבען זיך טועה געווען אינ׳ם רעכנונג פון די צייט וואָס איז בעשטימט גע־וואָרען, אז די יודען זאָלען זיין אין גלות מצרים, און זיי האָבען גערעכענט, אַז עס איז שוין געקומען די צייט פון יודישער בעפרייאונג). זיי האָבען זיך צוגעגרייט צו א שטאַרקער מלחמה, מיט אלערליי וואָפען און אויך מיט געלד. זיי האָבען אָבער נישט מיטגענומען קיין עסענוואַרג, רעכענדיג דאָס זי־וועלען בעקומען אויפ׳ן וועג ביי די פלשתים צו קויפען פאַר געלד, און אויב נישט פאַר געלד וועלען זיי נעהמען מיט געוואַלד.

אויפ׳ן וועג האָבען זיי געטראָפען (ביי גת) די פּאַסטוכער פיטערן בהמות פון די שטאָדט־לייט. די בני אפרים זענען הונגעריג און ווילען קויפען בהמות פאַר געלד, די פּאַסטוכער אָבער ווילען נישט פערקויפען, זיי זענען נישט קיין אייגענטימער פון די בהמות און זיי קענען אויך נישט פערקויפען.

די פּאַסטוכער האָבען אויפגעהויבען אַ אַליאַרם ווען די בני אפרים ווילען פערנעהמען די בהמות, און די שטאָדט־לייט פון גת זענען ארויסגעקומען אויף אַ מלחמה מיט די בני אפרים. די בני גת האָבען מאָביליזירט אַ גרויסע מחנה און שוין דעם ערשטען טאָג האָבען זיי אין שלאַכט אויסגעהרג׳עט אַ גרויסע צאָהל מענ־שען פון די בני אפרים. אויפ׳ן צווייטען טאָג האָבען די בני גת אַרומגעשיקט און אויפגעפאָדערט אַלע בני פלשתים צו קומען אויף אַ מלחמה מיט די בני אפרים. די לעצטע זענען אויסגע־פייניגט פון הונגער און פאַלען אַלע אין שלאַכט מיט די בני פלשתים. בסך הכל זענען פון די בני אפרים אַנטרינען געוואָרען 10 מאַן, וועלכע זענען צוריקגעקומען קיין מצרים, אויך פון די בני פלשתים זענען געפאַלען אין דער מלחמה 20 טויזענד מאַן (ספה״י).

אפרים, יוסף׳ס זוהן, האָט נאָך געלעבט ווען ער דערוואוסט זיך וועגען דעם, אַז זיינע קינדער זענען אויסגעהרג׳עט געוואָרען אין דער מלחמה. אויף דער עלטער האָט אפרים נאָך אַ זוהן ברועה. די בני אפרים האָבען זיך דערנאָך געמעהרט און זענען געבלי־בען אַ שבט ווען די יודען זענען אַרויס פון מצרים (זעה ווייטער).

**בלעם בן בעור**, איינער פון פרעה׳ס חשוב׳סטע ראַט־געבער (זעה אויבען), איז געווען אַ אייניקעל פון לבן הארמי, יעקב׳ס שוויגער פאָטער און פעטער (זעה אויבען). לבנ׳ס זוהן איז גע־ווען בעור, און בעור׳ס זוהן איז געווען בלעם.

בלעם איז געווען פון די חשוב׳סטע נביאים און פאָר־אויסזאָגער ביי די אומות העולם, און ער איז אויך געווען איינער פון די בעדייטענדסטע ראַטגעבער ביי פיעל מלכים. שוין ווען ער איז אַלט געווען 15 יאָהר, איז ער אָנגעקומען

צום גרויסען מלך פון אפריקע, אנגיאָס (זעה אויבען), וועלכער פלעגט זיך בענוצען און פאָלגען בלעם'ס עצות. שפּעטער ווען צפו ווערט מלך ביי די כתיים (מיט צפו'ן איז בלעם בעקאַנט נאָך פון דער צייט וואָס זיי זענען ביידע געווען פון די הויפּט־לייט ביי אנגיאָסען — זעה אויבען) איז בלעם אויך אָנגעקומען אין צפו'ס חיילות און ווערט פון די ערשטע ראַטגעבער ביי צפו'ן. אין דער מלחמה וואָס צפו האָט געפיהרט געגען די מצרים אין יאָהר 2340 (זעה אויבען) איז בלעם אויך געווען אין דער אַרמעע און נאָך די מפּלות פון צפו'ס חיילות, איז בלעם איבערגעגאַנגען צו די מצרים, וואו ער ווערט איינער פון די חשובסטע ראַט־געבער ביי פרעה'ן (זעה אויבען).

ווען משה רבינו ווערט אויפגעצויגען ביי פרעה'ן אין הויז, און איז דאָרט פּערזענליך דער קייזערליכער סוויטע, בעקומט בלעם פחד, נאָכדעם ווי אַלע זיינע עצות אומצובערענגען די יודען און משה'ן פיהרען נישט צום רעזולטאַט; ער האָט מורא אז משה רבינו זאָל זיך אין איהם נישט נוקם זיין, און בלעם אַנטלויפט פון מצרים צום מלך כוש, בלעם צוזאַמען מיט זיינע קינדער, וועלכע פערנעהמען דאָרט אַ זעהר גרויסען און חשוב'ען פּלאַץ אין דער מליכה־פיהרונג. צום סוף האָט בלעם דערהויבען אַ רעוואָלוציע געגען דעם מלך כוש, און ערשט משה רבינו, וועלכער ווערט אַ הויפּט־אָנפיהרער ביי די כושיים זען ער אַנטלויפט פון פרעה'ן (זעה ווייטער), בעזיעגט בלעם'ן, וועלכער אנטלויפט מיט זיינע 8 זיהן, צוריק קיין מצרים צו פרעה'ן. בלעם איז אויך דער אָנפיהרער פון די חרטומים און מכשפים, וועלכע שטעהען משה רבינו'ן אין וועג, בעת עס האַנדעלט זיך וועגען בעפרייען די יודען פון מצרים (זעה ווייטער).

(אין די שפּעטערע יאָהרען, גואוינט אַ צווייטער בלעם[1]) אין פּתור, צו וועמען עס ווענדען זיך אלע מלוכות נאָך עצות און אויך בלק פערלאַנגט פון איהם אַ עצה, ווי אומצובערענגען די יודען, וועלכע רוהען ביי זיין לאַנד מדין, אויפ'ן וועג ווען די יודען זענען גע־

באַנגעַן פון מצרים קיין ארץ ישראל (זעה ווייטער). לויט דער עצה פון בלעם'ן, פאַלען פון די יודען 24 טויזענד מאַן (זעה ווייטער) און ערשט ווען די יודען זענען מנצח די מדינים, פאַלט אויך בלעם אַ טויטער — (זעה ווייטער).

בלעם האָט געהערט צו די 7 נביאים וואָס זענען בעשטימט געוואָרען פאַר די פעלקער, אַ חוץ יודען: בלעם, בעור, איוב, אליפז התימני, בלדד השוחי, צופר הנעמתי און יהוא בן ברכאל; בכדי די פעלקער זאָלען נישט קענען טענה'ען: דעריבער זענען זיי נישט געקומען צו דער מדרגה וואָס דאָס יודישע פאָלק האָט דערגרייכט, וועיל זיי האָבען נישט געהאַט קיין נביאים. דער סוף איז אָבער געווען, אַז די דאָזיגע נביאים האָבען גאָרנישט אויפגעטהון, פערקעהרט נאָך — בעת די יודישע נביאים האָבען כסדר געוואָרענט די יודען, זיי זאָלען פיהרען אַ צוריקגעהאַלטען לעבען און געדענקען דעם צוועק צו וועלכען די מענשען זענען בעשאַפען, האָבען די נביאי אומות העולם געעצה'ט די פעלקער און זיי אָנגעוויזען דעם וועג וואָס פיהרט בעסער צו דערגרייכען זייער פערלאַנג צו פיהרען אַ צעלאָזען לעבען.

**איוב פון עוץ,** אויך איינער פון פרעה'ס חשובסטע ראַטגעבער (זעה אויבען) האָט געשטאַמט פון נחור'ן, אברהם'ס ברודער. ער האָט שפּעטער געהערט צו די פרומסטע און אָנגעזעהנסטע מענשען, ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע גוטע מעשים פאַר גאָט און פאַר לייטען. ער איז אויך געווען פון די רייכסטע מענשען אין זיין צייט. צוליעב אַ קטרוג פון שטן, קומען אויף איהם די שרעקליכסטע יסורים און ער ווערט אויך אַ אָרימאַן. (איוב איז אַ עקסטרע ספר אין די כתבי קודש, דאָס ספר האט געשריבען משה רבינו (בבא בתרא י"ד[2]). צום סוף ווערט איוב צוריק דער רייכסטער און גליקליכסטער מענש פון זיין צייט.

---

1) דעם ערשטען בלעמ'ס אַ אייניקעל. 2) דאָרט אין ב"ב, ווערען אויך בעברענגט די דיעות פון אנדערע אמוראים, ווענען דער צייט ווען איוב האָט געלעבט.

# מ̇שה רבּנו

## (ב.שס"ח—ב.תפ"ח)



**דער אב הנביאים**, האָט געלעבט 120 יאָהר פון טאָג צו טאָג, פונ'ם 7-טען אדר 2368 ביז'ן 7-טען אדר 2488. ער האָט דער-גרייכט צו דער העכסטער מדרגה פון נבואה וואָס קיינער זיינ'ס-גלייכען האָט עס נישט דערגרייכט. זיין נבואה איז געווען אַ קלאָרע, דייטליכע און אָפענבאַרע (אספקלריא המאירה) ווען דער רוח הקודש רוהט אויף איהם, איז זיין פנים ווי אַ העליש-פייער. אַפילו די מלאכים מיכאל און גבריאל האָבען מורא צו קוקען אין זיין פנים (מדרש רבה). ווי משה קומט אויף דער וועלט האָט איהם גאָט ב"ה בעשטימט און אויסדערוועהלט מעהר ווי אַלע מלאכים וואָס האָבען געזאָגט שירה; פונ'ם טאָג וואָס ער קומט אויף די וועלט, איז דער רוח הקודש געווען מיט איהם און זיך פון איהם נישט אָבגעטהון (זהר שמות) משה רבנו האָט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט זיין הויכען וואוקס, ער איז געווען 10 איילען הויך (שבת צ"ב) זיין קול האָט מען געהערט אויף 40 איילען.

משה רבינו איז געווען דער ערשטער בעפרייער פון יודישען פאָלק. דורך איהם געשעהען אַלע נסים און איבערנאַטירליכע געשעהענישען ביי יציאת מצרים און קריאת ים סוף, א. א.

דורך איהם ווערט פון הימעל געגעבען די תורה צו יודען, ער פיהרט די יודען דעם גאנצען וועג אין דער מדבר פון מצרים ביז עבר הירדן, וואו יהושע נעהמט איבער די פיהרונג איבער'ן יודישען פאָלק וועלכע קומען קיין ארץ ישראל.

משה רבינו'ס קומען אויף דער וועלט, זיין לעבען און ווירקען איז אינגאנצען א קייט פון נסים און איבערנאטירליכע געשעהעניסען. אין דער צייט ווען פרעה'ס גזירה וועגען טויטען די יודישע יונגלעך ווערט פערשטארקט און אונפערמיידליך האָט עמרם, משה רבינו'ס פאָטער, געג'גט זיין ווייב יוכבד'ן, דאָס זעלבע האָבען נאָכגעטהון אלע יודען — צו וואָס האָבען קינדער ווען פרעה טויטעט זיי. מרים, עמרם'ס טאָכטער ווייזט אויף דעם פאָטער, אז זיין גזירה איז שווערער ווי פרעה'ס, וועלכער איז א רשע און עס איז נאָך א גרויסער ספק צי זיינע גזירות וועלען דורכגעפיהרט ווערען, דאגעגען עמרם'ס עצה ווירקט שוין פערניכטענד אויפ'ן יודישען פאָלק, דען ווען עס וועט נישט אונטערוואקסען א צווייטער דור, הערען דאָך די יודען אויף צו עקזיסטירען; דערביי זאָגט זי נביאות דעם פאָטער, אז ביי זיי וועט זיין א יונגעל, וועלכער וועט אויסוואקסען אלס יודישער גואל און בעפרייער. עמרם פאָלגט מרים'ען און נעהמט צוריק זיין ווייב, אלע יודען פאָלגען עמרם'ס עצה און פערלאָזען זיך אויף א הילף פון גאָט, אז זייערע יונגע קינדער וועלען גערעטעט ווערען אויף א איבערנאטירליכען אופן — דורך נסים, וואָס וועלען זיי געשיקט ווערען פון הימעל.

משה רבינו ווערט געבוירען מיטיואָך, דריי שעה אויפ'ן טאָג (יוחסין) דעם זיבעטען אדר שני (יפ"ת) זיין מוטער טהוט איהם בעהאלטען פון די מצרים, וועלכע זוכען אין די יודישע הייזער, און ווי נאָר זיי דערוויסען זיך פון א ניי געבוירען יונגעל, מעלדען זיי פרעה'ס מלוכה-היטער וועלכע נעהמען דאָס קינד און דערטרינקען עס אין וואסער.

**משה רבינו אין וואַסער**, די מצריות׳ן פלעגען געהן אי־בער די יודישע הייזער מיט זייערע קליינע קינדער אין די אָרימס, און זיי האָבען ספּעציעל געמאַכט וויינען די קינדער, בכדי עס זאָל זיך אָנרופען אָדער אַרויס מיט אַ געוויין דאָס יודישע קינד, וואָס זייערע מוטער׳ס פלעגען אויסבעהאַלטען פון די מצרים. (קינדער האָבען דאָך אזאַ טבע, אָנצורופען זיך אָדער וויינען אויף׳ן געפּלאַ־פּלער״ אָדער געוויין פון אַ צווייט קינד). יוכבד משה רבינו׳ס מוטער האָט איהם קוים אויסבעהאַלטען פון די מצריים דריי חדשים, דאַן האָבען זיך דערוואוסט די מצריים פון משה׳ס גע־בורט, און איידער זיי זענען געקומען צו יוכבד׳ן פערנעהמען דאָס קינד, האָט זי געאיילט און גענומען אַ קעסטיל אין וועל־כען זי בעהאַלט משה׳ן און דאָס קעסטיל לאָזט זי שווימען אויפ׳ן טייך נילוס — אפשר וועט אַ מענש בעגעגנען דאָס קעסטל און דערבאַרמען זיך אויפ׳ן קינד, קיין אַנדער עצה האָט זי נישט געהאַט.

דער טאָג, וואָס משה רבינו און זיין קעסטל ליעגט אין וואַסער איז דער זעקסטער סיון, דער זעלבער טאָג וואָס משה רבינו איז מיט יאָהרען שפּעטער געשטאַנען אויפ׳ן באַרג סיני צוזאַמען מיט די יודען ביי קבלת התורה (שבועות — זעה ווייטער). די מלאכים אין הימעל בעטען פאַר משה׳ן און זאָגען פאַר׳ן כסא הכבוד: איז דען מעגליך, אַז אַ קינד וואָס איז גרייט אויסצוואַקסען אַלס ערשטער יודישער גואל און פיהרער, זאָל היינט דערטרונקען ווערען? און עס איז טאַקי געשעהען אַ וואונ־דער און—

**משה רבנו ווערט געראַטעוועט.** אין מצרים איז אַ שרעקליכע היץ און אַלע זוכען אַ אָרט, וואו זיך אָבצוקיהלען. אויך פּרעה׳ס טאָכטער בתיה געהט צום טייך נילוס אין דער בעגלייטונג פון עטליכע איהרע הויף־דאַמען. זי זעהט דאָס קע־סטיל אין וועלכען משה ליעגט, זיי עפענען דאָס קעסטיל און

וועֶרען פּערוואונדערט פון דער שעהנקייט און ענטוויקעלטקייט פונ׳ם קינד. זי בעקומט אויפ׳ן קינד רחמנות: אַזאַ שעהן קינד זאָל דערטרונקען ווערען? מען זעהט אַז דאָס איז אַ יודיש יונגעל, ער איז גע׳מל׳עט, און די הויף-דאַמען פרעגען בתיהן: ווי קענסטו פערבייגעהן דעם בעפעהל פון דיין פאָטער פרעה, אַז יעדעס יודישע יונגעל דאַרף דערטרונקען ווערען? אָבער ווי זיי זאָגען אָט די ווערטער בלייבען זיי טויטע אויפ׳ן אָרט (דאָס איז געווען פון הימעל, קיינער זאָל נישט שטערען דאָס ראַטעווען משה רבינו—מדרש). זי זעהט אַז מ״ט אָט דעם קינד איז עפּעס אַ אונגעוועהנליכע זאַך און בלייבט אין פערצווייפלונג, צי זאָל זי נעהמען דאָס יודישע יונגעל? און אַז זי וועט זיך שוין יאָ בעשליסען, ווי אַזוי וועט זי איהם ברענגען אין קייזערליכען פּאַלאַץ, איהר פאָטער פרעה וועט זיך דערוויסען, דאָס זי האָט געראַטעוועט אַ יודיש יונגעל? זאָל זי דאָס קינד ווידער לאָזען אויפ׳ן וואַסער—דערצו האָט איהר הארץ בשום אופן נישט געקענט איינשטימען.

מרים, משה רבינו׳ס שוועסטער, שטעהט די גאַנצע צייט ביים אָרט, וואו די מוטער האָט אַראָבגעלאָזט דאָס קעסטיל מיט׳ן קינד אין וואַסער, און לאָזט נישט אַראָב קיין אויג פונ׳ם קעסטיל. זי געהט צו בתיה׳ן און פרעגט: זאָל איך דיר רופען אַ יודישע זויגערין, וואָס זאָל נעהמען דאָס קינד אויף ערנעהרונג און ערציהונג? בתיה איז איינשטימיג מיט דעם דאָזיגען פאָרשלאַג און עס דויערט נישט לאַנג, ביז יוכבד, משה׳ס מוטער, קומט צום ברעג טייך. בתיה גיעט איהר דאָס קינד און פערשפרעכט איהר נאָך צו צאָהלען אַ בעשטימטען טאָג-לוין פאַר׳ן ערציהען דאָס קינד.

בתיה דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע פאַר פרעה׳ן און ערקלערט איהם, אַז אָט דאָס קינד קען נישט זיין דער יודישער גואל, וועלכער דאַרף געשלאָגען ווערען ביים וואַסער (אַזאַ

זעהונג האָבען געהאַט די מצרישע שטערענזעהערס, אַז דער יו־דישער גואל וועט געשטראָפט ווערען ביים וואַסער, דעריבער איז אויף זייער עצה אַרויסגעגעבען געוואָרען דער בעפעהל, אַז יו־דישע יונגלעך זאָלען דערטרינקען ווערען אין וואַסער. די מצרי־שע לייט האָבען אָבער נישט געוואוסט, אַז דאָס ווערט געמיינט אויפ'ן מי מריבה—זעה וויטער—אָבער נישט אַז ער וועט דער־טרונקען ווערען). בתיה זאָגט פרעה'ן: אויב דאָס קינד זאָל עס זיין דער קאַנדידאַט אויף יודישען גואל, ווי איז מע־גליך, אַז ער זאָל זיך געפונען אין וואַסער און נישט דערטרונ־קען ווערען? איהר ערקלערונג ווערט אָנגענומען און די גאַנ־צע געשיכטע מיט משה'ן ווערט שפּעטער פערגעסען (אלשיך).

**משה רבנו אין פרע'הס פּאַלאַץ**, צוויי יאָהר אַלט, ברענגט יוכבד צוריק דאָס קינד צו בתיה'ן אין קעניגליכען פּאַלאַץ, וואו משה לעבט און וואַקסט צוזאַמען מיט אַלע קעניגליכע קינדער. אַ יאָהר שפּעטער, ווען משה איז אַלט דריי יאָהר זיצט ער אַמאָל ביי פרעה'ס טיש, די מלכה אלפריניס זיצט רעכט'ס פון פרעה'ן און בתיה מיט'ן קליינעם משה, לינקס פון פרעה'ן. דאָרט זיצען אויך פרעה'ס אָנגעזעהנ'סטע הויפּט-לייט, צווישען זיי בלעם בן בעור מיט זיינע זיהן. דער קליינער משה שפּיעלט זיך און צווישען אַנ־דערע נעהמט ער אַראָב די קעניגליכע קרוין פון פרעה'ס קאָפּ און ער טהוט זי אָן זיך. אַלע ווערען דערשראָקען, ווייל עס האָט נאָך קיינמאָל נישט געטראָפען, עס זאָל ווער אַראָבנעהמען די קרוין פון פרעה'ס קאָפּ. בלעם דערמאַנט פרע'הן, דאָס וואָס ער האָט איהם שוין לאַנג געזאָגט, אַז עס וועט אויסוואַקסען אַ יודיש יונגעל, וועלכער וועט פיהרען גרויסע מלחמות מיט די מצרים און אַוועק־נעהמען פון פרעה'ן די מלוכה. אָט דער קליינער איז אַ יודיש קינד און מען דאַרף נישט רעכענען אַז ער האָט עס געטהון אָהן פערשטאַנד, נאָר מען דאַרף בעסער אָננעהמען, אַז ער זאָל עס זיין דער קאַנדידאַט אויפ'ן פאָרגעזעהענעם יודישען גואל און מען

דאַרף איהם אָבּרוימען פון פלאַץ, ווען ער איז נאָך קליין און מאַכטלאָז.

משה'ס לעבען אין געפאַהר. פּרעה רופט אַ בעראַטונג פון זיינע אַלע הויפּטלייט און עס ווערט אָוועקגעשטעלט די פראַגע וואָס צו טהון מיט משה'ן. משה'ס לעבען איז ווירקליך געווען אין געפאַהר, נאָר פון הימעל האָט מען אַראָבגעשיקט אַ מלאָך, וועלכער קומט צו דער בעראַטונג אין געשטאַלט פון איינעם פון פּרעה'ס הויפּט-לייט און ער גיבּט אָט דעם פאָרשלאַג: מען דאַרף דאָך פעסטשטעלען, צי דער קליינער משה האָט עס געטהון מיט פערשטאַנד, אָדער אָהן פערשטאַנד — אין לעצטען פאַל קומט דאָך איהם נישט צו הרג'ענען, און דעריבּער דאַרף מען אויך פעסטשטעלען אויף וויפיעל משה איז בכלל אַ פערשטענדיג קינד. זיין עצה איז: מען זאָל אַוועקשטעלען פאַר'ן קליינעם משה'ן צוויי טעלער'ס, אין איינעם זאָלען זיך געפונען די טייערסטע ברילאַנטען און פינקעלדיגע שטיינער, און אינ'ם צווייטען — פייערדיגע קוילען, וועט מען זעהען וואָס משה וועט טהון; אויב ער וועט זיין האַנד אויסשטרעקען צום טעלער מיט די בריליאַנטען און טייערע שטיינער, איז עס אַ בעוויז דאָס ער איז אַ פערשטענדיג קינד, קוים אָבער וועט ער דערלאַנגען מיט זיין האַנד צו די פייערדיגע קוילען, איז אַ בעוויז, דאָס אויך זיין אַראָבנעהמען די קרוין פון פּרעה'ס קאָפּ איז נאָר אַ צופעליגע זאַך, און עס קומט נישט משה'ן קיין טויט-שטראָף.

פאַר'ן קליינעם משה'ן, ווערען באַלד אַוועקגעשטעלט צוויי טעלער'ס, ווי עס איז געווען דער דערמאָנטער פאָרשלאַג, און משה וויל אויסשטרעקען זיין האַנד צום טעלער מיט די בריליאַנטען און טייערע שטיינער — ער איז געווען גענוג ביים פערשטאַנד — דאָ קומט אָבער אַ מלאך אונבעמערקטערהייט און פיהרט זיין האַנד צום טעלער מיט די ברענענדיגע קויהלען, און ער פיהרט אויך די האַנד מיט די קויהלען צום מויל פון קליינעם משה, וועלכער

בריהט זיך שטאַרק אָב. אַלע זאָגען דאַן אַרויס די מיינונג, אַז משה האָט אויך פרעה'ס קרוין אַראָבגענומען פון קאָפּ צופעליג, פונקט ווי ער טהוט יעצט אָהן פערשטאַנד נעהמען די ברענעדיגע קויהלען צום מויל.

משה ווערט גערעטעוועט פון דעם נייעם געפאַהר וואָס האָט אויף איהם געשוועבט, און עס ווערען אויך אָנגענומען מיטלען איהם אויסצוהיילען די וואונדען וואָס די ברענענדע קויהלען האָבען פעראורזאַכט זיין האַנד און מויל. ער בלייבט אָבער עטוואָס שטאַמעלדיג.

משה ווערט עלטער און דערוויסט זיך די גאנצע געשיכטע מיט די יודען וואָס ווערען געפייניגט אויף פרעה'ס בעפעהלען, ער געהט פון צייט צו צייט צו זיינע ברידער, וואו ער ערלערנט געניי דעם גאַנצען גאנג פון דער ענטוויקלונג פון די יודישע דורות, די געשיכטע פון אברהם, יצחק, יעקב און זייערע לעבענס-אנשויאונגען, און עס נעהמט איהם פייניגען דער געדאנק פאר וואָס עפּעס קומט עס די יודען מעהר ווי אלע אנדערע פעלקער, צו זיין פערקנעכטעט און אויף אזא נידריגען אופן פערשקלאפט צו ווערען ביי די מצרים? ער זעהט דעם שרעקליכען פיין פון די יודען, און ער זוכט עצות מיט וואָס זיי צו העלפען. פרעה'ס גרויס-מאכט שטעהט איהם אָבער אין וועג, און ער בעשליסט צו קומען אָפט קיין גושן בעטראכטען געניי די יודישע לאגע, פיל־ייכט וועט ער זיי דאָך קענען מיט עפּעס לינדערן די יסורים. די שוואכערע טהוט ער אליין מיטהעלפען טראָגען ציגעל און ליים, אָבער נישט דאָס איז זיין וואונש, ער זוכט א עצה וואָס צו טהון פאר יודענס וועגען, פאר'ן גאנצען כלל יודען.

די יודען ווערען בעפרייט אויפ'ן שבת'דיגען טאָג, אויף משה'ס השתדלות ביי פרעה'ן, אז בכדי די יודען זאָלען קענען בעסער ארבייטען, דארף מען זיי געבען א רוה-טאָג יעדע וואָך, ווייל דער מענש ווען ער ארבייט שטענדיג אָהן אויפהער,

הערט ער אָבגעשוואכט און זיין פראָדוקטיוויטעט ווערט שוואכער
פון צייט צו צייט. אנדערש וועט אָבער זיין, ווען די יודען וועט
לען רוהען יעדע וואָך א טאָג, דאן וועלען זיי אויף די צווייטע
וואָך ארבייטען אויסגערוהט און מיט פיעל מעהר כוחות. פרעה
געהט איין אויף משה׳ס פאָרשלאג, און ער בעפעהלט צו בעפרייען די
יודען איין טאָג יעדע וואָך. משה אָבער האָט עס אזוי אויסגע-
רעכענט, אז דער רוה-טאָג זאָל שטענדיג אויסקומען אין שבת,
דעם טאָג וואָס גאָט האָט בעשטימט אלס רוה-טאָג באלד ביים וועלט-
בעשאפען, און די יודען האָבען עס שפּעטער בעקומען דעם שבת
אלס הייליגען טאָג, א טאָג פון מנוחה און אָברוה פון וואָכעדיגען
לעבען.

משה ווערט פּאָפּולער צווישען די יודען און אויך ביי
פרעה׳ן ווערט ער א חשוב; ער בעקענט זיך אויך מיט די ראטגע-
בער ביי פרעה׳ן און דערוויסט זיך וועגען בלעמ׳ס שנאה צו יודען,
אז לויט זיינע עצות האָט עס פרעה ארויסגעגעבען אזעלכע שווערע
גזירות אויף יודען, און אז אויך איהם האָט בלעם געוואָלט אומ-
ברענגען מיט זיינע עצות צו פרעה׳ן הרגענען משה׳ן. בלעם האָט
מורא אז משה זאָל נישט פון איהם נקמה נעהמען און ער אנט-
לויפט פון מצרים קיין כוש, צום דאמאָלסדיגען מלך קיאניס,
וואו בלעם מיט זיינע קינדער ווערען גערן אויפגענומען אלס
שטענדיגע מלוכה-ראטגעבער.

משה טראַכט כסדר וועגען די יודען, און ער קומט
ווייטער אָפט קיין גושן, וואו ער בעמיהט זיך אריינצוברענגען
פערשיעדענע אָרדנונגען אין יודישען לעבען. איינמאָל זעהט ער
ווי א מצרישער קאָנטראָלער שלאָגט שטארק איינעם פון די יו-
דישע עלטסטע (דער סדר פון דער אויפזיכט איבער די ארבייט אין
מצרים איז געווען אזוי: איבער יעדע 10 יודען ארבייטער, איז
אוועקגעשטעלט געוואָרען א יודישער אויפזעהער; איבער יעדע
צעהן יודישע אויפזעהער – א מצרישער קאָנטראָלער, אזוי דאָס

יעדער מצרישער קאָנטראָלער האָט צו שאַפֿן איבער 100 יודען און 10 יודישע אויפזעהער. די יודען-אַרבייטער, מוזען יעדער צושטעלען זיין נאָרמע אַרבייט צום יודישען אויפזעהער, די לעצטע מוזען צושטעלען די אַרבייט פאַר'ן מצרישען קאָנטראָלער. ווען עס פעהלט צו דער נאָרמע אַרבייט, ווערען די יודישע אויפזעהער שטאַרק געפייניגט און געשלאָגען.

משה רבנו זעהט איינעם פון די מצרישע קאָנטראָלערען, וועלכער שלאָגט אַ גאַנצען טאָג דעם יודישען אויפזעהער אבירם. דער דאָזיגער מצרי האָט זיך צוגעטשעפעט צו אבירם'ן און צו זיין פאַמיליע, און ער וויל דורכאויס אבירם'ן הרגענען אויף טויט. משה'ן פערדרוסט עס און ער וויל דעם יוד העלפען, ער האָט אָבער מורא פאַר פרעה'ן, זיך אַריינצומישען צופיעל אין די מלוכה-ענינים וואָס געהערען נישט צו איהם, דאָך בעשלוסט ער צו הרגענען דעם מצרי. משה דערמאַנט דעם שם המפורש און דער מצרי פאַלט אַ טויטער.

אויפ'ן צווייטען טאג בעגעגענט משה אין גושן דעם זעלבען יוד, זיך קריעגען מיט א צווייטען — דאס זענען געווען דתן און אבירם, דער ערשטער איז א פאמיליע פונ'ם צווייטענס פרוי, און ער טשעפעט זיך צו אבירם'ן, פאר וואס ער האט טענות צו זיין פרוי, וועלכע איז טיילוויז שולדיג אין דעם, וואס דער מצרי האט איהם געפייניגט, דתן נעהמט זיך שלאגען אבירם'ן און משה מישט זיך אריין און ווענדעט זיך שארף צו דתנ'ן:

— רשע! פארוואס שלאגסט דו דיין ברודער?

— און ווער ביזט דו? אונזער עלטסטער אדער געזעצגעבער וואס נעהמסט זיך דעם כבוד צו פיהרען דעם ארדנונג ביי יודען? צי מיינסט דו מיך אפשר צו טויטען פונקט ווי דו האסט זיך אבגערעכענט מיט'ן מצרי?

משה דערשרעקט זיך פאר דתנ'ן, ער זעהט אין איהם א מסור וועלכער וועט געהען צו פרעה'ן איבערגעבען די גאנצע געשיכטע און עס פערדרוסט איהם, פאר וואס צווישען יודען זענען פערהאן

אזעלכע שלעכטע מענשען (רשעים), וואָס ברענגען א שטראָף אויף דעם גאנצען יודישען פאָלק, מיט זייער לעבען אוןווירקען.

דתן מסר'ט משה'ן פאַר פרעה, און דערצעהלט ווי משה רבינו קומט כסדר קיין גושן און וויל אָנוואַרפען א סדר אויף יודישען לעבען; ער דערצעהלט, אז משה דערנידריגט פרעה'ס אויטאָריטעט (ילקוט). צום סוף, האָט ער דערצעהלט, אז משה פיהרט אויס זיינע בעשלוסען אויף'ן שטרענגסטען אופן און שטעלט זיך נישט אָב אפילו פאַר טויטען די ווידערשפּעניגע געגען איהם — דאָ האָט דתן אָנגעוויזען אויף'ן מצרי וועלכער איז אומגעקומען דורך משה'ן (זעה אויבען).

פרעה ווערט שטאַרק אין כעס און בעשליסט משה'ן צו הרג'ענען. ער ווערט אָבער ניצול און אַנטלויפט אין גאַנצען פון פרעה'ן און פון מצרים. עס קומט א מלאָך פון הימעל אין גע־שטאַלט פונ'ם תלין וועלכער איז בעשטימט געוואָרען צו הרג־נען משה'ן און אַלע מיינען, אז דער תלין געהט אויספיהרען דעם טויט־אורטייל. דער מלאך דערהויבט אָבער משה'ן און פיהרט איהם אוועק אויף א אונבעמערקבאַרען אופן, אויף א ווייטען מרחק פון מצרים, און פרעה ווייס נישט וואו משה געפונט זיך.

משה קומט צום מלך כוש. אין דערזעלבער צייט, גרייט זיך דער מלך כוש צו א מלחמה געגען די בני קדם און ארם וועלכע זענען זיינע אונטערטעניגע מלוכות און האָבען לעצטענס דערהויבען א אויפשטאנד. קיבנ'ס דער מלך כוש שטעלט זיך אין דער שפּיץ פון זיין ארמעע וועלכע געהט אויף'ן מלחמה־פּלאץ און בלעם בן בעור מיט זיינע זיהן וועלכע געפינען זיך ביים מלך כוש, נאָכדעם ווי זיי זענען אנטלאָפען פון מצרים (זעה אויבען), זיי ווערען בעשטימט, צו פיהרען די מלוכה ענינים, און דער צייט פון קיבנ'ס אָבוועזענהייט.

— קיבנס האָט די מלחמה אויסגעשפּיעלט אויף'ן בעסטען אופן, די אויפשטעהענדיגע מלוכות זענען איהם געפאלען צו ד...

פּיס, אין זענען אונטערטעניג געוואָרען דעם מלכות כּוש. דער־וויילע אָבער, איז אין זיין אייגענע מדינה אויסגעבראָכען א אויפשטאנד וועלכער איז אָרגאניזירט געוואָרען דורך בלעם בן בעור, ער האָט פעררעטען דעם מלך און אליין געפּרובט צו פערכאפּען דעם מלוכה-טראָן פון כּוש.

אין דער צייט וואָס קיבנס איז געווען אין דער מלחמה האָט בלעם אגיטירט דעם המון צו פעררעטען קיבניסן. דער המון שווערט איהם טרייהייט, בלעם ווערט ביי זיי מלך און בלעמ'ס צוויי זיהן — די ערשטע מלוכה-לייט.

בלעם נעהמט זיך פערפעסטיגען די מויערען פון שטאָדט, אז קיבנ'ס מיט זיינע חיילות זאָלען איהר נישט קענען פער־נעהמען ווען זיי וועלען זיך אומקעהרען פון מלחמה-פלאַץ. פון צוויי זייטען שטאדט איז די מויער דערהויבען געוואָרען צו א אונגעהוירע הויך; פון דער דריטער זייט, האָבען זיי אויס־געגראָבען טיעפע גריבער וועלכע האָבען זיך געצויגען איבער די גאַנצע לענג פון מלכות כּוש; פון דער פערטער זייט, האָבען בלעם מיט זיינע קינדער וועלכע זענען געווען אויסגעצייכענטע כּשוף-מאַכער, זיי האָבען פערזאַמעלט מאַסען גיפטיגע שלאַנגען, אַזוי דאָס קיין שום מענש האָט נישט געהאַט די מעגליכקייטען דורכצוגעהען די פעסטונג'ס-ליניעס וואָס זענען אַוועקגעשטעלט גע־וואָרען אונטער בלעמ'ס אָנפיהרונג.

קיבנס מיט זיינע חיילות'ן קומען פון מלחמה-פלאַץ און דער־זעהען די נייע פעסטונגס-ליניעס און זיי בלייבען פערוואונדערט. ווער און צו וועלכען צוועק זענען זיי געמאַכט געוואָרען? מען האָט שוין געוואונען רעכענען, אַז אין דער צייט פון זייער אָבווע־זענהייט, זאָלען די מלכי כּנען זיך האָבען געגרייט צו א מלחמה נעגען די כּושיים, און די לעצטע האָבען בעפעסטיגט זייערע שטעדט. באַלד ווערט אָבער די זאַך אויפגעקלערט: קיבנס דער מלך פון כּוש מיט זיינע חיילות דערנעהנטערן זיך צו דער שטאָדט, וועלכע

**אין** פערשלאָסען און מ׳וויל זיי נישט אַריינלאָזען, ווייל אַזוי האָט בעפוילען בלעם זייער נייער מלך פון כוש. קוקינוס פרובט פער־פיהרען אַ מלחמה געגען זיינע אייגענע שטאָדט־לייט, עס געלונגט איהם אָבער נישט פון קיין שום זייט איינצונעהמען די שטאָדט. די גריבער קענען זיינע חיילות נישט אַריבערגעהן, און ווען קוקינוס׳ס מלחמה־העלדען פרובען וואַרפען קליינע בריקלעך איבער די גריבער, זענען מאַסען פון זיי אַריינגעפאַלען אין די גרובער און דער׳הרג׳עט געוואָרען—200 מאַן זענען אומגעקומען. פון דער זייט וואָס איז געווען בעלאַגערט מיט שלאַנגען, זענען 170 מאַן געטויטעט געוואָרען, ווען זיי האָבען געפרובט זיך דערנעהנטערען צו דער שטאָדט.

קוקינוס מיט זיין אַרמעע בעשליסען דעריבער צו בעלאַגערען די שטאָדט, און זיי לאַגערען אַרום דער שטאָדט 9 יאָהר.

אין דער זעלבער צייט אַנטלויפט משה פון פרעה׳ן, און אויפ׳ן וועג טרעפט ער די בעלאַגערענדע מחנה, וואו ער שטעלט זיך אָב און ווערט פאָפולער ביי די כושיים, ער ווערט אויך ביי זיי איינער פון די ערשטע ראַט־געבער

**משה ווערט מלך ביי די כושיים.** צום סוף פון די ניין יאָהר, וואָס די כושיים פיהרען זייער בעלאַגערונג׳ס־קאַמף איז קיקונוס דער מלך כושיים געשטאָרבען, און די אַרמעע בלייבט אָהן אַ פיהרער, און זיי בעשליסען אויפצונעהמען אַ נייעם מלך און פיהרער. מען זוכט צווישען אַלע הויפט־לייט אַ פאַסענדען קאנדידאַט און דער גורל פאַלט אויף משה׳ן, וועלכער ווערט אויפגענומען אַלס נייער מלך ביי די כושיים.

משה איז אלט 27 יאַהר ווען ער ווערט מלך און 40 יאָהר דויערט זיין מלוכה ביי די כושיים.

די כושיים האָבען דעם גרעסטען צוטרוי צו משה׳ן און גלויבען אין זיין חכמה און עהרליכקייט. פאר׳ן נייעם מלך האָבען זיי אויך אויסגעגאָסען זייער ביטער הארץ: שוין 9 יאָהר, ווי זיי לאַגערן אויפ׳ן פעלד, זיי קענען נישט קומען אין שטאָדט וואו

יעדער האָט זיין פערמעגען און זיין פאמיליע, און זיי בעטען משה'ן ער זאָל מיט חכמה אויסגעפונען א עצה ווי צו פערנעהמען די שטאָדט און אריין קומען אין איהר.

משה רבינו גיעט א בעפעהל, אז יעדער פון די כושיים זאָל געהען אין וואלד, יעדער זאָל זיך נעהמען א יונג פויגעלע פון דער אזוי גערופענער „חסידה" און זיי זאָלען עס יעדער אויפהאָדעווען ביי זיך, און אויסלערנען עס פליהען אין דער זייט לויט דעם בעפעהל ווי מען ווייזט איהר אָן.

איינמאָל בעפעהלט משה, דאָס יעדער זאָל זיין „חסידה"-פויגעל אויסהונגערען דריי טאָג, נישט געבען צו עסען. אויפ'ן דריטען טאָג רופט משה אלע כושיים צו א מלחמה אויף דער שטאָדט און זיי געהען אויף דער זייט וואו עס געפונען זיך די שלאַנגען. אויף משה'ס בעפעהל לאָזט יעדער זיין „חסידה"-פויגעל צו די שלאנגען. די פויגעל זענען הונגעריג און בעפאלען די שלאנגען וועלכע ווערען אלע אויפגעפרעסען פון די פייגעל.

דער וועג ווערט פריי פאר די ארמעע פון די כושיים וועלכע פערפיהרען א מלחמה מיט זייערע שטאָדט-לייט און בעפרייען די שטאָדט פון אונטער בלעם'ס אָנפיהרונג. בלעם מיט זיינע זיהן אנטלויפען פון שטאָדט און קומען צוריק קיין מצרים צו פרעה'ן.

משה רבינו פיהרט די מלחמות פאר די בני כושיים מיט די בני קדם און בני אַרם, וועלכע פרובען זיך ווידער אָברייסען פון אונטער דער איבער-הערשאפט פון די כושיים. משה איז מצליח אין אלע מלחמות און זיין נאָמען ביי די כושיים ווערט בעליעבט און פאָפולער.

משה פערלאָזט די כושיים, ווען ער איז אלט 67 יאָהר. עס איז אונטערגעוואקסען א זוהן פון קיקונוס דער פריהערדיגער מלך פון כוש. זיין מוטער די אלטע מלכה אגיטירט די כושיים, זיי זאָלען בעסער האָבען פאר א מלך, דעם זוהן פון פריהערדיגען מלך אויך א כושי און נישט דעם פרעמדען משה. די כושיים האָבען משה'ן

זעהר ליעב און ווילען זיך נישט מיט איהם שיידען, דאָך זעהס משה אַז זיין ווייטער בלייבען אין כּוש קען אַרויסרופען אונצו־פריעדענהייט ביי אַ טייל כּושיים, וועלכע זענען אַגיטירט פון די אַלטע קעניגין, און ער בעשלוסט צו פערלאָזען די כּושיים און אָבטרעטען זיין קעניג־טראָהן פאַר'ן זוהן פון פריהערדיגען מלך.

משה רבינו נעהמט זיך אויפ'ן וועג קיין מדין, דען צוריק קיין מצרים קען ער נישט קומען, ווייל ער איז ביי פרעה פעראורטיילט צום טויט.

ביים ברונען אין מדין טרעפט ער די טעכטער פון יתרו, דעם פריהערדיגען הויפּט־מאַן פון מדין, וועלכע קומען מיט די שעפּסען זייי אָנצוטרינקען. אַלע מדינ'ישע פאַסטוכער האָבען זיך פעראייניגט און ווילען נישט איבערנעהמען יתרו'ס שאָף צו פי־טערן, ווייל ער איז געווען זייער הויפּט־מאַן און גלח, שפּעטער האָט ער אָוועקגעוואָרפען דאָס דיענען עבודה זרה און ער בעקענט זיך צו דער יודישער אמונה אין גאָט.

יתרו'ס טעכטער דערצעהלען דעם פאָטער וועגען משה'ן, וועלכער איז זיי געקומען צו הילף ביים ברונען. יתרו נעהמט אָן משה'ן, אַז ער אַנטלויפט פון די כּושיים וועלכע זענען מיט איהם געווען אונצופריעדען און ער פערהאַלט משה'ן ביי זיך אין תפיסה, ביז די כּושיים וועלען זיך דערוויסען און איהם אַרויספאָדערען — דערמיט וויל יתרו געפונען פריינדשאַפט ביי די כּושיים.

צעהן יאָהר איז משה אין תפיסה, די גאַנצע צייט האָט יתרו אין איהם אינגאַנצען פערגעסען, נאָר צפּורה די עלטערע טאָכטער פון יתרו'ן, זי האָט רחמנות בעקומען אויף משה'ן און גיעט איהם צו עסען אין תפיסה. איינמאָל זאָגט צפּורה צום פאָטער: פאַרוואָס דערוויסט דו דיך נישט וואָס עס הערט זיך מיט משה'ן, וועמען דו האָסט אריינגעזעצט אין תפיסה מיט 10 יאָהר צוריק?

— לעבט ער דען אַזוי לאַנג, אָהן עסען און טרינקען? — פרעגט יתרו — און דאָך דאַרף מען זעהען וואָס ער מאַכט.

יתרו דערוואוסט זיך, אז משה איז אין תפיסה ביים בעסטען געזונד, ער טהוט דאָרט לערנען און איז מתפלל צו גאָט; יתרו בעפעהלט צו בעפרייען משה'ן, וועלכער קומט צו יתרו'ן אין הויז.

נעבען יתרו'ס הויז איז געוועזן אַ גאָרטען אין וועלכען עס האָט זיך געפונען דער שטעקען פון ששת ימי בראשית, אויף וועלכען עס איז געוועזן אויסגעקריצט דער שם המפורש. דער דאָזיגער שטעקען איז געוועזן ביי אדם הראשון, שפעטער ביי נח'ן, ביי שם'ן, ביי אברהם'ן, ביי יצחק'ן, ביי יעקב'ן און ביי יוסף'ן.

נאָך יוסף'ס טויט, ווען אַלע מצרישע הויפט-לייט זענען געקומען אין יוסף'ס הויז, האָט יתרו, וועלכער איז געוועזן איינער פון פרעה'ס הויפט-לייט (רעואל פון מדין — זעה אויבען), גענומען דעם שטעקען. ווען יתרו קומט צו זיך אַהיים, און פערזעצט דעם שטעקען ביי זיך אין גאָרטען, איז דער שטעקען אזוי פעסט צוגעוואקסען געוואָרען צו דער ערד, אז די גרעסטע גבורים האָבען איהם נישט געקענט ארויסרייסען. יתרו האָט פערשטאנען, אז דער שטעקען דארף בלייבען ביז עס וועט קומען דער מענש וואָס וועט זוכה זיין צו האלטען דעם שטעקען אין האנד, און יתרו זאָגט, דאָס ווער עס וועט זוכה זיין ארויסצורייסען דעם שטעקען, בעקומט זיין עלטסטע טאָכטער צפורה פאר א ווייב.

ווען משה איז געקומען אין יתרו'ס גאָרטען און זעהט דעם שטעקען, פרובט ער איהם נעהמען אין האנד, וועלכער געהט לייכט ארויס פון די ערד, און ער נעהמט אויך צפורה'ן, יתרו'ס עלטסטע טאָכטער פאר א ווייב.

צפורה געהט אויפ'ן זעלבען וועג ווי די אמהות: שרה, רבקה רחל און לאה און זי האָט אויך פון משה'ן צוויי זיהן: גרשון און אליעזר.

(מיט אָט דעם שטעקען אין האנד בעווייזט משה שפעטער פאַר פרעה (זעה ווייטער) אַלע וואונדער (נסים) און דעם זעלבען שטעקען האַלט ער אין האנד ביי קריעת ים-סוף און ביי אַלע שפעטערדיגע וויכטיגע מאָמענטען און געשעהענישען).

---

# די גרויסע נסים פון יציאת מצרים

## (ב: תמ"ז—ב.תמ"ח)



די וואונדער-שטראָפען וואַס זענען אויף פרעה'ן און אויף די מצריים-געקומען, דערפאר וואָס זיי האָבען געהאַלטען די יודען אונטער אזא שווערער פיין און פערשקלאפונג (זעה אויבען), דאָס האָט ענטפלעקט און קלאָר-געשטעלט די געטליכע קראפט או הערשאפט איבער די וועלט און מענשען; דער נאטור-גאנג (טבע) האָט זיך אבגעשטעלט און געענדערט, ווי משה רבינו האָט פאָר-אויסגעזאָגט אין גאָט'ס שליחות—אלץ איז פאָרגעקומען פונקט לויט זיינע ווערטער און אָנווייזונגען; די אונגלויבליכסטע זאכען זענען געשעהען און אלע זענען געוועזען איבערצייגט, אז נור גאָט'ס קראפט און וואָרט בעלעבט און פיהרט די גאנצע וועלט-בריאה.

אלע זעהען ווי די וועלט מיט איהר סדר איז אינגאנצען אָבהענגיג פון גאָט'ס וואָרט צו משה'ן: א שטעקען ווערט א לעבע-דיגער שלאנג און שפעטער צוריק א שטעקען; דאָס וואסער ווערט בלוט און שפעטער צוריק וואסער; די וואסער-זשאַבעס פערנעהמען דעם גאנצען חלל פון די מצריים און זייערע וואוינונגען; א אומפלוט-מאסע בעדעקט אלע מענשען-קערפער; א פערמישונג פון ווילדע

חיות קימט אין ישוב וואו זיי זענען קיינמאָל נישטאָ; א היישעריק וואָס האָט נישט זיינ'ס גלייכען; א שרעקליכע מגפה וואָס טויטעט אלע בהמות; א האָגעל וואָס צעשלאָגט אלע תבואות און געוויקסען; א פינסטערניש וואָס שטעלט אָב דאָס גאַנצע לעבען; אלע עלטסטע בלייבען טויט; און שפעטער, דער ים שפאַלט זיך אין 12 טיילען, די יודען געהען איבער'ן ים ווי אין א טריקעניש און די מצרים ווערען דערטרינקען — דאָס אלץ בעווייזט אלעמען, אז די גאנצע וועלט-פיהרונג געפונט זיך כסדר אונטער גאָט'ס-וואָרט; צוליעב'ן מענש און אלע אנדערע ברואים, איז די וועלט אוועקגעשטעלט געוואָרען מיט א שטענדיגען סדר, בכדי די ברואים זאָלען זיך קענען געפונען א אָרט און פיהרען זייער ארבייט, אָבער צו יעדער מינוט קען זיך אלץ ענדערען, ווען עס איז נור דער געטליכער ווילען און פערלאנג.

(המחדש בטובו בכל יום מעשה בראשית: יעדען טאָג ווערט בעגייט די זעלבע קראפט נאָך וועלכער די וועלט איז בע-שאפען געוואָרען, — דאָס איבערצייגען זיך די מענשען מצהר, נאָך א וואונדער-געשעהעניש וואָס קומט אויף דער פאָראויסזאָגונג פון א נביא; די מענשען אָבער מיט א טיפערען פערשטאנד, בעגרייפען עס אויך אינ'ם טאָג טעגליכען נאטור-גאנג פון די וועלט, אז זי ווערט נור געפיהרט פון גאָט'ס וואָרט — רמב"ן).

משה רבינו איז אין זיין צייט בעשטימט געוואָרען פון הימעל צו זיין דער ערשטער יודישער גואל און פאָלקס-בעפרייער, ווייל ער האָט זיך א חוץ זיינע אלע מעלות און מדות אויסגעצייכענט מיט זיין בארם-הערציגקייט און רחמנות, וואָס מען דערקענט אין יעדען שריט פון משה רבינו נישט בלויז צו מענשען נור זאָגאר צו אנדערע לעבעדיגע ברואים — משה רבינו בעגעהט זיך מיט אלע לעבעדיגע ברואים, מיט דער גרעסטער רחמנות און ערבארמונג.

אין יאָהר 2447, פיטערט משה די בהמות און שעפסען פון זיין שוויגערפאָטער יתרו, וועלכער ווערט פערפאָלגט און באַיקאָ-

ירס פון די מדינים צוליעב דעם וואָס ער האָט זיך מגייר געווען.
משה רבינו פיהרט די בהמות אוועק ווייט פונ׳ם ישוב, נעבען דער מדבר סין, בכדי נישט צו פיטערן די בהמות אויף פרעמדע פעלדער.

איינמאָל, אנטלויפט א שעפסעלע פון די סטאדע, לויפט און לויפט און משה יאָגט עס נאָך. דאָס שעפסיל איז געלאָפען א ווייטען מרחק, און עס דערשלאָגט זיך צו א טייכעל וואסער וואו עס לויפט זיך אָנטרינקען. משה בעקומט רחמנות אויפ׳ן שעפסיל וואָס איז שרעקליך ערמידעט און טראָגט עס צוריק אויף די פלייצעס. דאן זאָגט גאָט צו משה׳ן. אויב דו האָסט רחמנות אויף שעפסיל און אויף בהמות, פאר וואָס זאָלסט דו נישט רחמנות האָבען אויף די יודען דיינע ברידער, וועלכע ווערען געפייניגט און אויסגעמאטערט אין מצרים אונטער דער שווערסטער ארבייט

**אָבגעזונדערט פון מענשען,** דערגרייכט משה צו זיינע מדריגות, נאָכדעם ווי ער ווידמעט זיין לעבען אויף צו דערקענען די געטליכקייט. איינמאָל זעהט ער אין דער מדבר א וואונדערליכע ערשיינונג: א פלאם-פייער ברענט ארום א דאָרן-בוים, און דער בוים ווערט נישט פערברענט. משה פערשטעהט, אז דאָס איז א נבואה-ערשיינונג און ער דערנעהנטערט זיך, צו דערוויסען און זעהען קלאָר די נבואָה פון גאָט, די מדריגה צו וועלכער ער איז שפּעטער געקומען. פון הימעל רופט מען איהם, אז ער מוז זיין מעהר צוגעגרייט צו די מדריגות וואָס ער וויל און וועט נאכהער דערגרייכען.

**די נבואה** מיט׳ן פייער-פלאם אין דאָרן-בוים, בעווייזט זיך צו משה׳ן אין שבת (גינת ביתן) דעם פונפצעהנטען ניסן (בחיי), און 7 גאנצע מעת לעת רוהט די נבואה אויף משה׳ן (סה״ד). די נבואה ווערט איהם אויפגעקלערט, אז די יודישע לאגע האָט דערגרייכט צו איהר לעצטען אונערטרעגליכען סטאדיום, אז קוים וועלען די יודען יעצט נישט בעפרייט ווערען, בלייבען זיי פערפאלען צווישען די מצרים, און דאָס פאָדערט די פערזיכערונג פון גאָט צו

די אבות, אז די יודען מוזען בעפרייט ווערען און, א גרויס חשוב פאָלק אויף די וועלט זיין.

**דאָס עניוות׳קייט** פון משה׳ן ביי גאָט האָט דערגרייכט די העכ־סטע מדריגה וואָס א מענש האָט אמאָל דערגרייכט, און ער בעט זיך דאָס ער האָט נישט די פעהיגקייטען און די פערדינסטען צו זיין דער יודישער גואל; דאָס עס זאָל קומען א מעהר חשוב׳ער מענש וועלכער זאָל זיך ווענדען צו פרעה׳ן און ווירקען אין גאָט׳ס נאָמען וועגען בעפרייען די יודען. בעזונדער׳ס ערקלערט משה, איז ער ביי פרעה׳ן פערצייכענט צווישען די טויט-פעראורטיילטע און ווי קענען זיינע ווערטער ווירקען?

משה רבינו בעקומט דאַן די פערזיכערונג, דאָס ער ווערט דער שטענדיגער שליח פון גאָט. וועלכער וועט ווירקען מיט די גרעסטע וואונדער (נסים) אזוי אז קיין זאך וועט זיך איהם נישט שטעלען אין וועג. די יודען וועלען אויף דורך זיין האנד מקבל זיין די תורה, און דאמיט ווערען דאַס אויסגעצייכענטע פאָלק צווי־שען אלע פעלקער.

**משה מיט אהרנ׳ן** פערזאמלען די עלטסטע פון יודען אין מצרים און גיבען זיי איבער, דאָס וואָס גאָט האָט בעפוילען, אז עס איז געקומען די צייט פון יודישער בעפרייאונג, און אז די אונטער־דריקער וועלען שטרענג בעשטראָפט ווערען. די שמחה ביי יודען איז גרויס און מען גרייט זיך צום טאָג ווען משה מיט אהרנ׳ן וועלען זיך שטעלען פאר פרעה׳ן מיט זייער פאָדערונג צו בע־פרייען די יודען.

**די לייבען וואַך.** פרעה׳ס קעניגליכער פאלאץ האָט געהאט הונדערט איינגענג און פאר יעדען איינגאנג איז געווען א שטרענ־גע וואַך, דאָס קיין פרעמדער זאָל נישט קענען אריינקומען אָהן א ערלויבניש. ארום דעם פאלאץ איז געווען די וואך פון 60 גבורים. ביי יעדען איינגאנג זענען ספּעציעל אויפגעשטעלט גע־וואָרען לייבען און אנדערעווילדע חיות — דאָס איז אלץ געווען

מיט כשוף (די מצרים זעגען געווען די גרעסטע כשוף-מאכער אין זייער צייט).

ביים אינווייניגסטען איינגאנג זענען געלעגען צוויי גרויסע לעמפארטען אויף אייזערנע קייטען וועלכע האָבען פערקייטעלט די טהירען פון פאלאץ. אהין האָט מען נור געקענט אריינקומען ווען די כשוף-מאכער האָבען אויף פרעה'ס בעפעהל אויפגעבונדען די קייטען.

דער מלאך גבריאל שטעלט משה מיט אהרנ'ן אין פאלאץ איבער'ן קאָפּ און אָהן דעם וויסען פון דער וואַך. די לייבען וואַך טהוט נישט קיין שלעכט'ס, פערקעהרט, זיי לייגען זיך אויף די קניען פאר משה'ן, די אייזערנע קייטען ביי די לעמפערטען בונדען זיך אויף, נאָכדעם ווי משה רבינו הויבט אויף זיין שטעקען.

**פרעה ווערט דערשראָקען,** ווי ער זעהט משה מיט אהרנ'ן אריינקומען אין זיין פאלאץ אָהן א ערלויבניש. ער שיקט נאָך די וואַך-מענשען, א טייל טויטעט ער און א טייל פערענטפערען זיך, דאָס זיי האָבען נישט געזעהען ווי משה געהט דורך די וואך. פרעה שיקט נאָך בלעמ'ן דעם גרעסטען כשוף-מאכער און דער-צעהלט ווי משה מיט אהרנ'ן זענען דורכגעגאנגען די וואַך אָהן שום שטערונג. בלעם פערפיהרט פרעה'ן אין א טעות, אז משה'ס קראפט איז אויך פון כשוף און מ'דארף איהם אויספרובען, אויב ער קען טהון דאָס וואָס בלעם מיט זיינע מכשפים קענען נישט בעוויזען.

**פרעה'ס געבורט'ס טאָג** איז עס געווען, דער טאָג ווען משה מיט אהרנ'ן קומען דאָס ערשטע מאָל צו פרעה'ן (משה רבינו איז דאמאָלס אלט 80 יאָהר). עס זענען געקומען שלוחים פון א סך מלכים און הארען וועלכע ברענגען פרעה'ן מתנות צו זיין געבורט'ס-טאָג. משה מיט אהרנ'ן ווערען אריינגערופען פאר פרעה'ן די לעצטע ווייל זיי זענען געקומען אָהן מתנות. די מלכים און עלטסטע וואָס זענען געזעסען פאר פרעה'ן ווערען דערשראָקען;

די פנים׳ר פון משה׳ן מיט אהרנ׳ן לייכטען ווי די זון.

— וואָס פערלאנגט איהר אייגענטליך? פרעגט פרעה משה׳ן.

— מיר זענען גאָט׳ס שלוחים! ער וויל אויסלייזען דאס יודישע פאָלק פון מצרים, פערלאנגען מיר דו זאָלסט בעפרייען די יודען.

— און פארוואָס האָט ער מיר ניט געשיקט א קרוין אָדער א אנדערע מתנה, ווי עס פיהרען זיך אלע מלכים — אָט זעהט איהר, פארוואָס זענט איהר געקומען בלויז מיט ווערטער?

און פרעה נעהמט זוכען אין זיין ארכיוו, וואו עס זענען פערצייכענט די נעהמען פון אלע אָבגעטער, וואָס די פערשיעדענע פעלקער דיענען: אדום, מואב א. א. וו. נאָר דעם נאָמען פון יודישען גאָט, דעם אלערהעכסטען וועלט-בעשעפער, געפונט ער נישט.

ווערמען זוכסטו צווישען אזעלכע וואָס זענען לאנג אויף דער וועלט נישטאָ? אונזער גאָט ב״ה לעבט דאָך און בעשטייט אויף אייביג (ד׳ אלקים אמת חיים ומלך עולם), וואָס זוכסטו איהם אין דיין טויטען-בוך?

משה מוז בעווייזען אַ וואונדער-טהאַט, אזוי איז געווען דער בעשלוס פון די כשוף-מאכער, א וואונדער וואָס זיי וועלען עס נישט קענען נאָכטהון. אויף משה׳ס בעפעהל ווארפט אהרן אויף דער ערד זיין שטעקען, וועלכער ווערט באלד א שלאנג אין אלע אנטלויפען פון איהם. דאָס זעלבע פרובען נאָכטהון די כשוף-מאכער. דער שלאַנג אָבער פון אהרונ׳ס שטעקען, געהט איינשלינגען אלע שלאנגען. דערויף זאָגט בלעם, אז דאָס איז נישט קיין וואונדער, וואָס איין שלאנג געהט פערשלינגען דעם צווייטען, זאָל מען אָבער זעהען, שפעטער ווען די שלאנגען וועלען צוריק זיין שטעקענס, צי וועט אהרונ׳ס שטעקען קענען איינשלינגען די איבריגע שטעקענס? משה געהט איין אויך אויף דעם

בעווייז: אהרן נעהמט דעם עק פון שלאנג, ווערכער ווערט צו־ריק א שטעקען אין זיין האנד, און ער פערשלינגט אלע שטעקענס פון די כשוף־מאכער׳ס. בלעם פאלט אָבער נאָך נישט ביי זיך אראָב, ער עצה׳ט פרעה׳ן אויסצופרובען משה׳ן ביז לעצט, פיללייכט וועט זיך איינגעבען אַרויסצודרעהען פון איהם און פון זיינע פאָ־דערונגען צו בעפרייען די יודען.

וואָס איז די קראַפט פון גאָט? איך ווייס נישט פון איהם און פון זיין שטארקייט — זאָגט פרעה.

— גאָט האָט בעשאפען די וועלט, הימעל און ערד, די ים׳ים און אלע וואַסער־ברואים, די ליכטיגקייט און די פינכטערניש, די געוויקסען, די מענשען, די בהמות, די חיות און די פויגלען — אלץ לעבט פון זיין וואָרט און קראפט און ווערען אויך פערניכ־טעט אויף גאָט׳ס בעפעהל; גאָט האָט עס דיך בעשאַפען אלס מצרי־שער קעניג און ער וועט דיך אויך אוועקנעהמען פון די וועלט ווען די צייט וועט זיין בעשטימט דערצו — אזוי פרובען משה מיט אהרון׳ען אויפקלערען פרעה׳ן די געטליכקייט. ער ווערט אָבער אין כעס און זאָגט:

ווער קען דאָס מיר טהון שלעכט׳ס און אָבנעהמען מיין קראַפט? קיינער האָט מיך נישט בעשאפען נור איך אליין, פון מיר איז מיין קראפט און פון מיר געהען ארויס אלע בעפעהלען צו מיינע אונטערטעניגע, וועלכע מוזען אויספיהרען מיינע פער־לאנגען. דערויף ווערען משה מיט אהרנ׳ן אָבגעפארטיגט פון פרעה׳ן, און ער גיעט ארויס א שטרענגען בעפעהל, נאָך שווערער צו ארבייטען מיט די יודען, בכדי זיי זאָלען זיך ארויסשלאָגען פון קאָפ, אז זיי ווערען בעפרייט. די יודען האָבען תרעומות אויף משה׳ן, פארוואָס ער האָט אויפגערייצט פרעה׳ן. משה ער־קלערט זיי אבער, אז אמת די לעצטע ארבייט׳ס־חדשים וועלען זיין די שווערסטע, דערפאר אָבער וועלען זיי זיין די לעצטע, ווייל די יודען ווערען אויף זיכער בעפרייט.

די צעהן וואונדער-שטראָפען, וואָס זענען געקומען אויף די מצרים, זענען אלע געקומען אין יאָהר 2447—2448. ענדע פון חודש ניסן קומט משה קיין מצרים; דריי חדשים דויערט ביז עס קומט די ערשטע מכה: 1) דם (בלוט — זעה ווייטער) קומט ר"ח אב; ב) צפרדעים (זשאַבעס — זעה ווייטער) — אלול; ג) כנים (אומפלוט — זעה ווייטער) — תשרי; ד) ערוב (א פערמישונג פון ווילדע חיות — זעה ווייטער) — חשון; ה) דבר (א עפידעמיע אויף אלע מצרישע בהמות — זעה ווייטער) — כסליו; ו) שחין (נגעים און קרעץ -- זעה ווייטער) — טבת; ז) ברד (א האָגעל — זעה ווייטער) — שבט; ח) ארבה (א אונגעהייערליכער היישעריק — זעה ווייטער) — אדר; ט) חושך (א שרעקליכע פינסטערניש — זעה ווייטער)—אָנהויב ניסן ביז 6 טאָג אין הודש; י) בכורות (אלע עלטסטע שטארבען פלוצלינג — זעה ווייטער) — פסח ביינאכט דעם 15 טען ניסן (בחיי).

דצ"ך עד"ש באח"ב, אין אָט די דריי טיילען זענען געקומען די מכות אין מצרים. די לעצטע מכה פון בכורות איז געווען מיט'ן צוועק פרעה זאָל זיך ענדליך דערשרעקען און ארויסשיקען די יודען וואָס עס איז טאקי באַלד געשעהען. די ערשטע ניין מכות אָבער, דאמיט זאָלען פרעה און די מצרים איבערגעצייגט ווערען און אויך די גאנצע וועלט, אז גאָט איז דער הערשער און פיהרער פון דער וועלט, און אז זיין קראפט און מעגליכקייט האָט קיין פערגלייך נישט; לויט זיין ווילען פיהרט זיך די וועלט מיט'ן נאטורגאנג און לויט זיין ווילען קען זיך יעדע רגע ענדערען דער גאנג פון די וועלט.

יעדע דריי מכות זענען געקומען, צוויי—נאָך א פריהערדיגע וואָרנונג פון משה'ן צו פרעה: בעפרייסטו די יודען איז גוט, אויב נישט קומט אָט די מכה צו דער בעשטימטער צייט; אז פרעה האָט ביי צוויי מכות נישט געפאָלגט, איז די דריטע מכה געקומען אלס שטראָף און שאנד. אזוי טאקי האָט משה מתרה געווען פרעה'ן,

אויף די ערשטע צוויי מכות דם און צפרדע, ווען ער פאָלגט נישט, דאן ווערט ער פערשעמט מיט די מכה פון כנים וועלכע איז מצהר בושה פון יסורים. דאָס זעלבע איז געשעהען מיט די מכה פון שחין וועלכע קומט נאָך די צוויי מכות: ערוב און דבר אויף וועלכע משה האָט פרעה'ן געוואָרענט; ער פאָלגט נישט און מיט די מכה פון שחין, ווערען די מצרים ווידער געשטראָפט און פערשעמט. צום דריטען מאָל, ווערען די מצרים צוגעשמידט צו זייערע ערטער אָהן צוריהרען זיך, ווי געפענטענטע מענשען. דאָס איז אויך געקומען נאָכדעם ווי משה האָט זיי געוואָרענט ביי די מכות, ברד און ארבה.

**די ערשטע מכה**, אלע וואסערן פון מצרים ווערען בלוט, און די מצרים האָבען נישט וואָס צו טרינקען, דאגעגען די יודען טרינקען וואסער. א מצרי נעהמט ביי א יוד א כלי וואסער, און אין מצרי'ס האנד ווערט עס בלוט, ערשט ווען דער מצרי קויפט ביים יוד וואסער האָט ער צו טרינקען. (פונ'ם דאָזיגען ווערען די יודען רייך) די כשוף-מאכער'ס האָבען געפרובט נאָכטהון משה'ן, און זיי גראָבען טיעף אין דער ערד וואו זיי געפונען פריש וואסער און זיי ווייזען פרעה'ן, אז עס ווערט ביי זיי אויך בלוט.

זיעבען טאָג האָט אָבגעהאלטען די מכה פון דם און אזוי האָט יעדע מכה אָבגעהאלטען 7 טאָג אין חודש, אחוץ חושך וואָס האָט נור אָבגעהאלטען 6 טאָג (זעה אויבען).

**די צווייטע מכה**, און עס קומען פרעש קליינע און גרויסע וועלכע קריכען און פערפלייצען די הייזער פון די מצרים, זייערע אינווע- ניגסטע חדרים און זייערע געלעגער'ס, און זאָגאר אינוועניג אין די געדערים זענען אריין די פרעש. די כשוף-מאכער'ס פרובען עס נאָכטהון, אָבער אָבטהון די פרעש קענען זיי נישט און פרעה בעט זיך ביי משה'ן ער זאָל תפילה טהון, אז גאָט זאָל אָבטהון אָט די' שווערע שטראָף. דאן ווייזט ערשט משה א נס פון הימעל, ער גיעט פרעה'ן די ברירה, צו בעשטימען א צייט, ווען די פרעש

זאָלען פלוצלינג און שנעל פערלאָזען מצרים. פרעה איז אַזאַ עקשן דאָס ער בעשטעהט צו ליידען נאָך אַמעת לעת און ערשט אויף צו מאָרגענס בעשטימט ער א צייט, ווען די פרעש זאָלען אוועקדאמיט ווייל ער משה'ן אויספּרובען, צי ער קען צו יעדער צייט נאָכקומען וואָס פרעה פערלאַנגט. און געשעהען איז טאקי ווי משה האָט געזאָגט; אלע פרעש זענען געבליבען טויט, א חוץ די וואָס האָבען זיך געפונען אין וואסער — דאָס איז געשעהען פונקטליך צו דער צייט ווען פרעה האָט אָבגערעדט מיט משה'ן. פרעה בלייבט אָבער דאָך ביי דאָס זייניגע און ער וויל די יודען נישט בעפרייען.

**די דריטע מכה** קומט אויף די מצרים, און זייערע לייבער, די בהמות און די ערד — 2 איילען הויך, ווערט בעדעקט מיט קליינעם אומפלוט. דאָס האָבען שוין די כשוף־מאכער'ס נישט געקענט נאָכטהון, ווייל דער כשוף קען נישט געטהון ווערען איבער אַזאַ קליינע זאך. דאָך בלייבט פרעה'ס האַרץ פערשטיינערט און ער רעכענט זיך נישט מיט די פאָדערונג צו בעפרייען די יודען.

**די פיערטע מכה:** עס זענען זיך צוזאמענגעלאָפען קיין מצרים אלע ווילדע חיות פון די וויסטע מקומות, שלאַנגען, בייסענדע פליגען א. א. די מצרים האָבען קיין אָרט נישט געהאט וואו זיך אויסצובעהאלטען. איין חיה איז געווען מיט'ן נאָמען סילוגית. זי האָט געהאט פאָדערשטע שטארקע לאפעס פון צעהן איילען לאנג. ווען די מצרים האָבען זיך איינגעשלאָסען אין די שטובען, איז געקומען אָט די חיה, אראָפּגענומען דעם דאַך פון הויז און געעפענט די פערשלאָסענע טהירען, אזוי דאָס די ווילדע חיות זענען באלד אָנגעקומען צו לויפען. ביי דער דאָזיגער מכה פון ערוב האָט מען דערקענט די געטליכע פיהרונג, אַז די ווילדע חיות זענען קיין איינע נישט אריין אין דער פּראָווינץ גושן, וואו יודען האָבען געוואוינט, א שטייגער ווי א פעסטע וואנד טהוט אָבגרעניצען גושן פון מצרים. חאָטש ביידע לענדער זענען געווען נאָהענט, איז קיין איין ווילדע חיה נישט

אריבער קיין גושן, ווייל אזוי איז געווען דער געטליכער ווילען.

פרעה שיקט נאָך משה׳ן ער זאָל תפילה טהון. די מכּה געהט אוועק, אָבער פרעה ווערט נישט בעסער.

**די פונפטע מכּה,** און עס קומט אַ מגפה אויף די פיה און בהמות פון מצרים, וועלכע פאַלען טויט. די יודישע בהמות, פון זיי פאַלט נישט קיין איינע.

**די זעקסטע מכּה,** און אַלע מצרים, זייערע לייבער און בּנים׳ער ווערען פול מיט נגעים און קרעץ, אַזוי דאָס זיי שעהמען זיך פאַר יודען צו ווייזען אין גאַס, און די כשוף-מאַכער קומען מעהר נישטפאַר פרעה׳ן, צו שטעלען זיך אין משה׳ס געגענוואַרט.

**די זיבּעטע מכּה,** עס קומט אַ האָגעל וועלכער פאַלט מיט אַ אונגעוועהנליכער שנעלקייט, ווי פיילען פון שיס-בויגענס וואָס דער׳הרג׳ענען מענשען און בהמות, אויך די בוימער ווערען צעבראָכען און די תבואה ווערט צושעדיגט—נאָר אין גושן פאַלט נישט דער האָגעל.

**די אַכטע מכּה,** עס קומט אַ היישעריק, וואָס דאָס לאַנד מצרים האָט עס נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט, און פערדעקט דאָס גאַנצע לאַנד מצרים עטליכע איילען די הויך — דער היישעריק פערדאַרבט דאָס לעצטע ביסעל תבואה וואָס איז נישט צושעדיגט געוואָרען פון האָגעל. פרעה דערשרעקט זיך, אז עס זאָל נישט אויסברעכען אויך א עפּידעמישע קראַנקהייט און ער שיקט שנעל צו משה׳ן, בעטען דער היישעריק זאָל אוועק. און עס זענען טאַקי אוועק מיט א שרעקליכען שטורם-ווינד אַלע היישעריקען, זאָגאַר די וואס די מצרים האבען פערזאלצען און געוואלט זיי נוצען.

**די ניינטע מכּה,** קומט א פינסטערניש אויף 6 טעג, ביי-טאג און ביינאַכט. די ערשטע דריי טעג איז די פינסטערניש געווען אזוי געדיכט, אז עס זענען פערלאָשען געוואָרען די

ליכט וואָס מ'האָט אָנגעצינדען, און איין מענש דעם צווייטען קען נישט זעהען. די צווייטע דריי טעג, ווערט די פינסטערניש שטארקער און קיינער קען זיך פון אָרט נישט ריהרען. פאר יודען אָבער איז געווען ליכטיג.

אין מצרים האָבען זיך געפונען אויך יודען, וועלכע האָבען זיך אסימילירט און געפיהרט א אבסאָלוט מצרים־לעבען. די דאָזיגע לייט זענען געווען צופריעדען מיט זייער לאַגע, און זיי האָבען אויך נישט געוואָלט ארויסגעהען פון מצרים, זיך בעהעפטען אין די יודען און בילדען א אָבגעזונדערט יודיש פאָלק. עס וואָלט געווען א חלול־השם ווען אויך אָט די יודען פאלען אין מצרים — ווי זיי האָבען פצרדיענט — דאָס וואָלט נור געווען א טרייסט פאר די מצרים, צו זאָגען אז אויך די יודען ווערען געשלאָגען. און עס איז געווען פון הימעל, אז אָט די אלע אַסימילירטע יודען, זאָלען אויסשטארבען אין די פינסטערע טעג, די מצרים זאָלען נישט זעהען ווי די יודען בעגראָבען זייערע מאַסען טויטע און געפאלענע.

די גאַנצע צייט פון די מכות, האָט פרעה געפיהרט צייטווייליגע אונטערהאנדלונגען מיט משה'ן וועגען בעפרייען די יודען; עס זענען געווען מאָמענטען ווען פרעה'ס טאָכטער און אויך זיינע הויפט־לייט האָבען איהם דאצו בעוואויגען, ער זאָל די יודען פריי לאזען, זיי האָבען זיך געשראקען פאר די שרעקליכע מכות און וואונדער־געשעהענישען. באלד אבער בעקומט ער חרטה און זיין הארץ ווערט ווידער פערשטיינערט — ווי קען ער בע־פרייען אזא גרויס און ארבייטזאם פאָלק וואס איז איהם אונטער־טעניג און פערשקלאפט?

פרעה וויל שוין בעפרייען א טייל פון יודישען פאלק: די מענער. פרויען און קינדער זאָלען אָבער בלייבען אין מצרים. די יודען זאָלען דא נישט ווייט פון מצרים זיך איינאָרדנען מיט זיי־ערע גאָטעס־דיענסטען, און אויב זיי ווילען נישט אין מצרים, קע

נען זיי זיך פון צייט צו צייט אוועקגעהען אויף א געוויסען מרחק פון מצרים, נאך וועלכען זיי זאלען אבער צוריקקומען. משה פאָדערט אבער קאטעגאריש, אַז אַלץ — אלט און יונג, מענער און פרויען, אויך זייער גאנץ פערמעגען מוז אבציהען פון מצרים אויף א מרחק פון דריי טעג, דאָרט וועלען זיי זיך אבשטעלען און אויספיהרען די דינסט־פליכטען וואָס גאָט האָט זיי בעפוילען.

פאַר׳ן אַרויסגעהן פון מצרים, באָרגען זיך די יודען גאלדוואַרג און זילבערוואַרג, אלערליי טייערע כלים. די מצרים האבען דרך ארץ פאר די יודען און בארגען גערן. דאמיט ווערט פערווירקליכט די פערזיכערונג פון גאָט צו אברהם, אז די יודען וועלען ארויסגעהן פון זייער קנעכט־לאנד מיט א גרויס רייכטום. דען ווירקליך, האבען די יודען מיטגעפיהרט א סך גאלד און זילבער.

משה קומט דאָס לעצטע מאָל צו פרעה׳ן און זאגט איהם אז נאך איין מכה ברענגט גאָט, נאך וועלכען די מצרים, פרעה אליין מיט זיינע הויפט־לייט, וועלען זיך בעטען ביי די יודען צו פערלאזען דאס לאנד. דאס וועט געשעהען דעם פינפצענטען ניסן, ווען אין יעדען מצרי׳שען הויז, וועט בלייבען טויט דער עלטסטער פון די פאמיליע, א חוץ פרעה איינער בלייבט לעבען, חאטש ער איז אויך א עלטסטער. פרעה זאל עס דערצעהלען די וואונדערליכע זאכען, וואס זענען בעוויזען געווארען אין מצרים.

ראש חודש ניסן, איז געקומען דער בעפעהל פון גאָט צו משה׳ן, אז די יודען זאלען דעם צעהנטען ניסן נעהמען, יעדער יוד אדער יעדע פאמיליע, א שעפסיל פאר א קרבן פסח, וועלכער ווערט געשחט׳ען דעם 14־טען ניסן ערב פסח. דעם זעלבען טאג דערוויסט זיך אויך משה, די גאנצע וויסענשאַפט און טיפע לעהרע פון עיבור חדשים (די יודען רעכענען דאס יאהר לויט די לבנה־חדשים, אַזוי האט זיך עס געפיהרט זייט אדם הראשונ׳ן, און די מצרים לויט די זון־צייט—זעה ווייטער). פריהער פלעגען די יודען רעכענען

ראש אנהויב יאהר זייט תשרי, ווען די וועלט איז בעשאפען גע-ווארען, יעצט אבער קומט דער בעפעהל צו יודען, רעכענען דאס יאהר, זייערע יום-טובים, פון ניסן דעם ערשטען חודש אין וועלכען עס ווערט בעקאנט די וועלט-פיהרונג אונטער גאט׳ס-ווארט, אנשטאט וואס פריהער איז מעהר געווען בעקאנט דער וועלטלי-כער נאטור-גאנג ,ווי זי איז בעשאפען געווארען אין תשרי.

**טאג-און-נאכט, חדשים און יאהרען,** די גאנצע צייט-רעכנונג לויט וועלכען מיר לעבען און האלטען שבתים און ימים-טובים, דאס איז זייט בריאת-עולם בעשטימט געווארען לויט די בעוועגליכע פלאנעטען, די זון, די לבנה א. א., ווי עס ווערט געזאגט אין די תורה ביים בעשאפען די וועלט, (והיו לאותות ולמועדים ולימים ולשנים) דעם 4-טען טאג ווען די זון, לבנה א. א. ווערען אויף גאט׳ס ווארט אויפגעהאנגען אינ׳ם חלל פון דער וועלט; יעדע האט זיך איהר סדר און איהר בעוועגונג אין א געוויסע ריכטונג, און זי דרעהט זיך אינ׳ם וועלט-חלל לויט דעם בעשטימטען מארשרוט. אין יעדען פלאנעט האט גאט אריינגעגעבען א געוויסע אייגענשאפט און א בעזונדערע וויר-קונג, דורך וועלכע די וועלט און איהרע ברואים בעקומען א השפעה, פון יעדען פלאנעט א בעשטימטע נוצען (שבילי אמונה).

**דער גלגל היומי** איז דער גרעסטער און העכסטער גלגל ארום דער וועלט. דער דאזיגער גלגל דרעהט זיך אזוי שנעל אין חלל פון דער וועלט, אז במשך פון יעדען מעת לעת דרעהט ער זיך ארום דעם גאנצען חלל און קומט צוריק צום זעלבען פונקט, ווי ער איז לעצטענס ארויס. דער גלגל דרעהט זיך פון מזרח צו מערב און טרייבט אלע גלגלים, די זון, די לבנה, די שטערן און אלע הימלישע ערשיינונגען, און צווינגט זיי ארומצורינגלען די וועלט און צו ערפילען גאט׳ס פערלאנג, פונם דאזיגען גלגל דערקענט מען טאג און נאכט — דאס ארט פון ליכטיגקייט און פינסטערניש דרעהט זיך יעדעס מאהל דורך א אנדער פלאץ. דער גאנצער

ערד-קוגעל האט אַ זעהר קליינע בעדייטונג לגבי אט דעם גלגל (שבילי אמונה).

די זון איז 160 מאהל גרעסער ווי אונזער ערד-קוגעל און הענגט אין איהר גלגל, אין וועלכען זי דרעהט זיך אינם חלל פון דער וועלט במשך פון 365 און אַ פיערטעל טאג, דאַן קומט זי צוריק צום זעלבען פונקט אין איהר גלגל, ווי זי איז אַרויס דאס לעצטע מאהל. די דאזיגע צייט איז אַ יאהר—שנה איז די בעדייטונג, אַז די זון טהוט איבערחזר'ן איהר גאַנג אין גלגל, ווי זי איז שוין פריהער געגאַנגען (אבן עזרא) — די זון האט זיך איהר איי־גענשאַפט וואס זי וואַרעמט די וועלט, און ווירקט אויך אויף די געוואוקסען און שפראצונגען און אויף די וועטערען. לויט'ן גאַנג פון די זון, ווערען עס איינגעטיילט די 4 תקופות אין יאהר: קור (קאַלט), חרף (ווינטער), קיץ (זומער) חום (היץ), א) תקופת תשרי; ב) תקופת טבת; ג) תקופת ניסן; און ד) תקופת תמוז.

די לבנה איז דער נאהנסטער פלאַנעט צו אונזער ערד־קוגעל און דרעהט זיך ארום די וועלט אין איהר גלגל, במשך פון 27 און א דריטעל טאג בערך, דאַן קומט זי צוריק צום זעלבען פונקט פון וועלכען זי איז אַרויס דאס לעצטע מאהל און דרעהט זיך ווייטער אינ'ם זעלבען גלגל במשך 2 טאג און 5 שעה בערך, ביז זי טרעפט זיך געגען דעם ארט ווי די זון געפונט זיך. דארט ווערט זי בענייט יעדעס מאהל (חדש איז די בעדייטונג פון בענייאונג), דען די לבנה פון זיך זעלבסט האט נישט קיין שום ליכטיגקייט נור פון די זון וואס זי בעקומט בעת זיי טרעפען זיך (אבן עזרא). די לבנה איז אַ 6800-טע טייל פון דער זון (רלב"ח).

יעדען חודש ווערט די לבנה פערשטעלט בערך פון 2 טאג: אַ טאג פאר איהר טרעפען זיך מיט'ן ארט פון די זון, און א טאג דערנאך. נאכהער זעהט מען די לבנה אין מערב זייט. אין אט דעם אָווענד, ווען מען זעהט די נייע לבנה, איז ראש חודש. פון אט

דעם טאג צעהלט מען ווידער 29 טאג; ועהט מען דאן די נייע לבנה, איז דעם דרייסיגסטען טאג ראש חודש; אויב נישט, איז ראש חודש דעם 31 טאג, סיי מען זעהט סיי מען זעהט נישט די נייע לבנה, ווייל לענגער ווי 30 טאג איז נישט דער חודש. א מאהל איז א חודש 29 טאג (חסר) א מאהל 30 (מלא). אין דער ווירקליכקייט רעכענט זיך דער לבנה-חודש 29½ טאג מיט 793 חלקים. ווייל אבער מ'צעהלט נור טעג אין חדש און נישט קיין שעה'ן אין חדש (הלכה למשה מסיני), דעריבער קומען אויס די חדשים אמאל 29 און אמאל 30 טאג, אזוי אז מיט דער צייט גלייכט זיך אויס דער רעכנונג פונקטליך.

די חדשים ווערען גערעכענט לויט די לבנה און דאס יאהר לויט דער זון,—אזוי האט גאט בעפוילען צו משה'ן און ער האט איהם אין מצרים, פאר דער גאולה, אויך געוויזען א נבואה, ווי עס זעהט אויס די לבנה ווען זי ווערט בעניייט. אינ'ם זון-יאהר איז אלזא פאראן 12 חדשים, און עס בלייבען נאך בערך פון 11 טאג יעדעס יאהר (10 טאג 12 שעה און 204 חלקים). די יודען צעהלען אמת זייערע יום-טובים נור לויט די חדשים, בכדי אבער די יאהרען זאלען זיך אויסגלייכען מיט'ן זון-יאהר — דאס ועטער איז נור לויט די זון (די לבנה האט נישט קיין יאהר נאר חדשים, פונקט ווי די זון האט נישט קיין חדשים נור א יאהר (אבן עזרא) — ווערט פון די רעשט טעג צוזאמענגערעכענט ביז עס איז פאראן 30 טעג, צו מאכען א יאהר פון 13 חדשים, וואס עס רופט זיך א עיבור-יאהר. אזא יאהר קומט אויס אמאל אין 2 אמאל אין 3 יאהר.

דאס אויסרעכענען די חדשים און יאהרען, יעדעס מאהל לויט עדות און א ספעציעלע בעשטימונג וואס קומט פאר יעדען חודש און יעדעס יאהר, צי מ'זאל דעם חודש אדער דאס יאהר מעבר זיין,—דאס קען נור זיין ביי א גערוהמט בית-דין וועלכער האט אויך די נויטיגע ידיעות און די קבלה, א דור נאך א דור ביז משה

רבינו, וועגען דעם סוד און גאַנג פון די לבנה, ווי אויך אלע מעג־ליכע ענדערונגען. ווען אבער אַזאַ בית דין איז נישטא, איז פעסטגעשטעלט געווארען א שטענדיגער לוח, לויט די כללים וואס זענען בעקאַנט געווארען צו משה רבינו (דאס איז א הלכה למשה מסיני). ביז'ן סוף פון די חכמי הגמרא (זעה ווייטער), ווען ארץ ישראל איז חרוב געוואָרען און עס איז דארט מעהר נישט געווען קיין בית־דין קבוע, האט מען בעשטימט די חדשים און יאהרען יעדעס מאהל לויט די צייט וואס מען האט געזעהען די נייע לבנה. ערשט נאך די צייטען פון אביי ורבא (זעה ווייטער), האט מען אנגעהויבען רעכענען די יאהרען און חדשים, לויט'ן פעסטגעשטעלטען לוח, וואס מיר האבען ביז'ן היינטיגען טאג (רמב"ם).

די אַנדערע פעלקער אַ חוץ יודען, רעכענען זייער יאהר לויט דער זון און ווייל זיי זעהען, אז די לבנה בענייט זיך 12 מאהל במשך דעם יאהר, האבען זיי דאס זונען־יאהר איינגעטיילט אויף 12 חדשים, וועלכע שטימען אבער נישט מיט די חדשים פון דער לבנה, נור עס איז נאהענט צו אט די חדשים. די ישמעלים ווידער, זיי רעכענען יא זייערע תקופות לויט די לבנה חדשים, און יעדעס יאהר פאר פסחא, פערלענגערען זיי דאס יאהר מיט 11 טאג, אזוי אַז עס זאל זיך אויסגלייכען מיט'ן זון יאהר און 34 לבנה יאהרען זענען 33 זונען יאהרען. די יודען אבער, זיי האבען אַ בעפעהל פון גאט, צו רעכענען די צייט לויט די ווירקליכע ענדע־רונגען פון די זון און לבנה (אבן עזרא). (דער גאַנג פון די איבּ־ריגע בעוועגליכע פלאַנעטען און מזלות געפונען זיך אין פערשיע־דענע ערטער אין די חז"ל, וואס דא איז נישט דער פלאַץ זיי צו ברענגען).

**דער קרבן פסח**, איז אַנ'אויסנאהם צווישען אלע קרבנות, דערמיט וואס עס איז א קרבן צבור, אַלע יודען ברענגען איהם אין איין בעשטימטע צייט — ערב פסח בייטאג — און דאך מוז יעדער יחיד, יעדער איינציגער יוד ברענגען דעם קרבן פסח,

העכסטענס קענען זיך בילדען גרופען איפ'ן קרבן פסח, נור אויף אנ'אופן דאס יעדער יוד מוז זיין גערעכענט אלס שותף צום קרבן, און עס זאל אויך אויסקומען מינדעסטענס א פארציע פון א כזית פאר יעדען, א שיעור מיט וועלכען ער טהוט ערפילען די מצוה פון עסען דאס פלייש פון קרבן פסח. עס זענען אויך פאראן ספעציעלע דינים פאר אט דעם קרבן: מ'טאר דאס פלייש נישט קאכען נור עסען געבראטען; דעם ערשטען קרבן פסח אין מצרים האבן די יודען געגעסן אייליג, גרייט צו געהן אין וועג אריין, מ'ה'ט'ן שטעקעלע אין האנד, די שיך און מלבושים אנגעטון; קיין ביין פונם קרבן פסח טאר מען נישט צוברעכען — דאס אלץ האט אויך סימבאליזירט די צייט ווען די יודען האבען געגעסען דעם ערשטען קרבן אין מצרים פסח ביינאכט, זיי זענען געווען פאר־געבערייט, אז יעדע מינוט קומט פרעה מיט די מצרים און פער־לאנגען, די יודען זאלען שנעל פערלאזען דאס לאנד.

צווישען די יודען אין מצרים, זענען געווען אזעלכע וואס האבען נישט פערדיענט ניצול צו ווערען, דעריבער האבען זיי גע־מוזט איינשפריצען פאר דער טהיר, מיט'ן בלוט פון גע'שחט'ענעם קרבן פסח, דאמיט האבען זיי בעוויזען, אז יעצט גרייטען זיך אלע יודען צו היטען די מצות און זיי וועלען אויך היטען די תורה וואס ווערט זיי שפעטער געגעבען.

פאר'ן מקריב זיין דעם קרבן פסח, האבען אלע יודען זיך מל געווען, אפילו די וואס האבען פריהער נישט אבגעהיטען ריכ־טיג די מצות מילה. (דער קרבן פסח האט אין אלע יאהרען פערנומען איינעם פון די השובסטע מאמענטען אין יודישען לעבען, און ווערט אויסגעפיהרט מיט דער גרעסטער שמחה און פרייד ביי יודען—דער זכר פון יציאת מצרים. איינער פון די רומישע הויפט־לייט אין ירושלים, בעשרייבט דאס בילד פון קרבן פסח, און שיקט דעם בריעף צום מלך קיין רוים. ער שילדערט דעם הערליכען מאמענט אויף אט דעם אופן: ווען עס קומט די צייט פון ראש חודש ניסן, ווע־

רען אַרויסגעשיקט שלוחים איבער'ן גאַנצן געגענד אַרום ירושלים, אין נאָמען פון מלך, אַז ווער עס האָט נאָר שעפּסן און רינדער, דער מוז זיי ברענגען שנעל קיין ירושלים, בכדי די עולי-רגל זאָלען האָבען גענוג בהמות צו קויפען, פאַר זייערע קרבנות און צום עסען, און ווער עס טהוט נישט ערפילען אָט דעם בעפעהל ווערט זיין פערמעגען קאָנפיסקירט. דעריבער, האָבען זיך פערזאַמעלט פאַר'ן טייך וואָס איז געגאַנגען נעבען ירושלים, מאַסען בהמות וואָס האָבען זיך געצויגען איבער אַלע טהאָלען און בערג.

ווען עס איז געקומען דער פערצענטער ניסן, זענען די בּעשטימטע לייט אַרויסגעגאַנגען אויף הויכע טורעמס, זיי האָבען געבלאָזען מיט טראָמייטען און גערופען: עס איז געקומען די צייט פון שחט'ן דעם קרבן פסח. באַלד געהט דער עולם יודען אין יום-טובדיגע מלבושים, און פערזאַמלען זיך פאַר'ן טויער פון דער עזרה וואָס פיהרט צום בית-המקדש. ביי דער טהיר פון די עזרה אינוועניג שטעהען 12 לוים, אָרדנערס, מיט זילבערנע שטעקענס אין האַנד, זיי דערמאַנען און וואָרענען די אַריינגעהער, צו געהען לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג, איינער דעם צווייטען זאָל נישט קיין שאָדען טהון אין געיאָגעניש, און מען זאָל זיך אויך נישט שטיפּען.

אינוועניג ביים אַריינגעהען, שטעהען ווידער 12 לוים, אָרדנער'ס וועלכע וואָרנען און האַלטען אָרדנונג ביים אַרויסגעהען פון דער הקרבה.

ווען מ'זעהט, אַז עס זענען אַריין שוין גענוג מענשען, ווערען די טהירען פערשלאָסען, בכדי עס זאָל נישט זיין צו פיעל געדראַנג.

ביים צוקומען צום אָרט ווי מ'שחט די קרבנות, שטעהען אויסגעשטעלט רייהען פון כהנים, יעדער מיט אַ גאָלדענעם לעפעל אין האַנד, און אונטער זיי אַ צווייטע רייהע פון כהנים מיט זילבערנע לעפלען, וואָס עס מאַכט דעם בעסטען איינדרוק. דער כהן וואָס שטעהט אין דער שפּיץ פון יעדער רייהע, בעקומט אַ לעפעל מיט'ן בלוט פון יעדען געשחט'ענעם קרבן, ער דערלאַנגט

עס צום צווייטען, דער צווייטער צום דריטען א. אז. וו. ביז צום סוף רייהע ביי מזרח וואו עס שטעהט א כהן וועלכער טהוט די זריקת הדם. עס געהט אזוי שנעל דאס מיט איין האנד נעהמט ער א לעפעל מיט בלוט און מאכט די זריקה, און מיט דער צווייטער האנד דערלאנגט ער צוריק דעם ליידיגען לעפעל. כסדר ארבייטען די כהנים, מיט איין האנד דערלאנגט ער, איינער דעם צווייטען די לעפעל מיט בלוט און מיט דער צווייטער האנד —דערלאנגט מען כסדר צוריק די לעדיגע לעפלען. די כהנים זענען געווען אזוי פלינק, דאס פאר א זייטיגען מענש האט עס אויסגעזעהען ווי די לעפעל לויפען כסדר הין און צוריק.

דרייסיג טאג פאר פסח, האבען זיי זיך געאיבט אין דער הקרבה, בכדי זיי זאלען נישט טהון קיין שום פעהלער.

צוויי גרויסע און הויכע זיילען זענען דארט געשטאנען. אויף די זיילען זענען געווען צוויי כהנים מיט זילבערנע טרומייטען און געבלאזעןביים אנהויב פון יעדער הקרבה, בכדי די כהנים וואס זענען געשטאנען ביים דוכן זאלען אנהויבען זאגען הלל מיט געזאנג און כלי זמר.

נאך דער שחיטה, האט מען אויפגעהאנגען די קרבנות אויף די האקעס וואס האבען זיך ספעציעל געפונען אין דער וואנד, דארט האט יעדער אבגעריסען זיין קרבן און אוועקגעגעבען די כהנים, די אברים וואס האבען געמוזט קומען אויפן מזבח, עס זענען אויך געווען זאפאסנע שטעקענס; ווען עס האט אויסגעפעהלט האקעס האבען צוויי מאן ארויפגעלעגט א שטעקען פון איינעמ׳ס אקסעל צום צווייטען, און אויף׳ן שטעקען אויפגעהויבען דעם קרבן.

די כהנים זענען געווען געקליידעט אין רויטע מלבושים, בכדי מען זאל נישט בעמערקען די פלעקען פון בלוט, און זייערע קליידער זענען אויך געווען קורצע; זיי שטעהען בארפעסע און די ארבעל ביז די ארעמס, אויפ׳ן קאפ א קליין היטעל און א באנד פון דריי איילען ארום. די קולות פון הלל און דאס געזאנג האט

דערגרייכט ווייט, און די טויערן פון ירושלים זענען געשטאנען אפען א גאנצע נאכט פסח. טייל מאל האט דערגרייכט די צאהל עולי רגל אין ירושלים אויף פסח, איבער 1.200.000 מאן — שלשלת הקבלה).

שבת פאר פסח, איז אויסגעפאלען דער צעהנטער ניסן ווען אלע יודען נעהמען זיך יעדער א שעפסעל, וואס בלייבט פיער טעג אונטער א אויפזיכט, צי עס איז כשר פאר א קרבן. די מצרים האבען פערגעטערט יעדען שעפס, דאס איז געווען א סימבאל פון זייער עבודה זרה און זיי קריצען מיט די ציין פאר כעס אויף די יודען וועלכע האבען אזא דרייסטקייט צו ערנידריגען דעם שעפס פאר די מצרים אין די אויגען. זיי הויבען זיך אן פאראינטערעסירען, צו וואס די יודען נעהמען די שעפסען, און זיי דערוויסען זיך אויך, אז די יודען גרייטען זיך צו דער נאכט פון 15 ניסן, ווען אלע מצרים-בכורים זאלען טויט בלייבען, ווי משה רבינו זאגט אין גאט'ס נאמען, און די יודען פערלאזען אויף אייביג דאס לאנד מצרים. די בכורים פון די מצרים נעהמען זיך עס צום הארץ — זיי האבען ביז יעצט געזעהען אז אלץ וואס משה רבינו זאגט ווערט פינקטליך אויסגעפיהרט. זאל מען יעצט אויך ווארטען ביז משה רבינו'ס לעצטער אנזאג זאל פערווירקליכט ווערען, אלע בכורים וועלען בלייבען טויט? און א שרעק נעהמט זיי אן, אזוי דאס זיי הויבען אן שטרענג פאדערען, די מצרים זאלען בעפרייען די יודען. די בכורים לויפען אויך צו פרעה'ן וועלכער איז אליין א בכור — פארוואס האט ער קיין מורא נישט פאר זיין לעבען? און ווען די בכורים מאכען נישט מיט גוטען, פערפיהרען זיי א מלחמה מיט די אייגענע עלטערן און פאדערן, אז די יודען זאלען שוין בעפרייט ווערען. אין'ם דאזיגען שלאכט פאלען טויט 60.000 מצרים. די יודען געשעהט אבער נישט קיין שלעכט'ס. (צוליעב אט דעם גרויסען נס וואס איז געשעהען דאן, שבת פאר פסח, רופט מען יעדען שבת פאר פסח, שבת הגדול).

**פונקט האַלבע נאַכט,** דעם 15-טען ניסן אין יאהר 2448 איז געווען דאס גרויסע געוואַלד אין גאַנץ מצרים: אַלע בכורים און עלטסטע זענען געבליבען טויט. אויך די בילדער און די פריהער-געשטארבענע בכורים זענען פון די קברים אַרויסגעשלעפט געווארען, גאַנץ מצרים איז געווען פאַרווארפען מיט טויטע, אַזוי ווי עס איז געווען גאָט'ס ווארט צו משה.

און עס ווערט אַ שרעקליך געוויין, אַלע לויפען צו פרעה'ן ער זאל שנעל באַפרייען די יודען און זיי אַרויסשיקען פון מצרים, דען מיט יעדע רגע וואס די יודען בלייבען אין מצרים, דראהט זיי דער טויט, פונקט ווי אַלע בכורים זענען געבליבען טויט.

פרעה אַליין מיט זיין טאכטער בתיה, לויפען אויפזוכען משה'ן מיט אַהרן וועלכע זיצען זיך בהרחבות'דיג איבער'ן סדר מצה, מרור און קרבן פסח, און דאס פרייליכע געזאַנג הערט זיך פון דערווייטענס.

בתיה פרעגט משה'ן:

— אט דאָס איז מיין לוין, דערפאַר וואס איך האב דיר געטהון בלויז גוט'ס, איך האב דיך ערצויגען און אבגעהיטען פון יעדען געפאַהר, פאַרוואס האסטו געברענגט אויף מיין פאטער'ס הויז אַזאַ אומגליק?

משה אבער ווייזט איהר, אַז פרעה אַליין איז אין אַלעם שולדיג! שוין אַ לאַנגע צייט, ווי ער ווארענט זיי צו בעפרייען די יודען, פאַרוואס האבען זיי נישט געפאלגט? איהר ווייטער, בתיה'ן, פערזיכערט משה, דאס עס וועט איהר נישט געשעהען קיין שום שלעכטס, פונקט ווי זי האט נישט געליטען פון אַלע צעהן מכות; און חאטש זי איז אַ בכורה ביי איהר מוטער, וועט איהר קיין שלעכט'ס נישט געשעהען.

— ווי קען איך אבער זעהען, דאס אומגליק וואס קומט אויף מיין פאטער? — פרעגט בתיה — זיין גאַנצע פאַמיליע און

אַלע זיינע לאַנדס־לייט, געפונען זיך אין אַזאַ שרעקליך אומגליק, זאל עס מיך נישט דערצערנען?

— אויך דיין פאטער פרעה וועט בלייבן לעבען — זאגט משה — חאטש ער איז אַ בכור; ער וועט אבער לעבען און דער־צעהלען פאַר אַלעמען, די גרויסקייט פון גאט און די געטליכע קראַפט, וואס ליעגט און פיהרט דאס גאַנצע וועלט־וועזען און אַלע בעשעפעניש.

פרעה אַליין בעט זיך ביי משה׳ן, און פערלאַנגט זיי זאלען פערלאזען דאס לאַנד מצרים וואס שנעלער; זאלען זיי שוין אַרויס געהן מיט זייער גאַנצען פערמעגען און זאלען חאטש בלייבן לעבען די מצרים וואס זענען ביז יעצט געבליבען לעבען.

— מיר קענען אבער נישט אַרויסגעהן פון די שטיבען ביז טאג — ענטפערט משה — אַזוי האבען מיר אַ בעפעהל פון גאט, דאס קיינער זאל זיין הויז נישט פערלאזען ביז עס וועט ווערען טאג.

**דעם ערשטען טאָג פסח**, זעקס שעה אויפ׳ן טאג (מכילתא) האבען די יודען פערלאזט דאס לאַנד מצרים און זענען געקומען צו דער ערשטער סטאַציע סוכות. די יודען האבען מיט זיך גע־פיהרט אַ גרויס פערמעגען, אויך האבען זיי גענומען די אַרונות אין וועלכע עס האבען גערוהט די ביינער פון די פערשטארבענע עלטערען. משה רבינו אַליין, האט געפיהרט דעם ארון מיט יוסף הצדיק׳ס ביינער, וועלכער האט בעשוואוירען די יודען, זיי זאלען נישט אַרויסגעהן פון מצרים אהן זיינע ביינער (זעה אויבען) וועל־כע מ׳זאל פיהרען קיין ארץ ישראל.

אַ מחנה פון 600.000 מאַן עלטער פון 20 יעהריגע מענער, האבען די יודען געצעהלט ביי זייער אַרויסגעהן פון מצרים, אַ חוץ די יונגערע פון 20 יאהר און פרויען. עס זענען מיט די יודען אויך מיטגעגאַנגען אַ סך מצרים, וועלכע האבען זיך אנגעשלאָסען אין דער יודישער מחנה.

**דאָס גאַנצע געבעקס** וואס די יודען נעהמען מיט זיך אויפ'ן וועג, ווערט געבאַקען מצה, ווייל די מצרים לאזען נישט די יודען זיך אויפהאַלטען אין מצרים און זיי האבען נישט קיין זויער-טייג צו באַקען חמץ (אין מצרים איז נאך נישט געווען דער אסור חמץ נור אויף איין טאג, די צייט וואס מען האט געגעסען דעם קרבן פסח, ערשט ביי מתן תורה איז דער איסור חמץ אויף 8 טאג).

**פון מצרים קיין ארץ ישראל,** איז דער נעהנסטער וועג דורכ'ן לאַנד פלישתים, דורכצוגעהן דעם טייך נילוס, וואס געהט די גאַנצע לענג פון מצרים און אויף דער צווייטער זייט איז ארץ ישראל (רש"י מסעי). דאך האט משה רבינו אויף גאט'ס בעפעהל געפיהרט די יודען פון מצרים דורך די מדבר אי-בער'ן ים-סוף (רויטער ים); די יודען זענען נאך נישט געווען אינ-גאַנצען אבגעוואוינט פונ'ם לעבען אין מצרים, און ביי אַ נאהנטען וועג, ווען עס וועט זיך זיי טרעפען אַ שווערע מלחמה, קענען זיי זיך בעשליסען צוריקצוגעהן קיין מצרים.

**דער ערשטער וועג** פון די יודען איז אַלזא געווען פון רעמסס קיין סוכות אין פון דארט קיין איתם ביים עק פון דער מדבר. דארט האט גאט געזאגט צו משה'ן, אַז די יודען זאלען צו-ריקגעהן ביז פי החירות און זיך אבשטעלען פאַר'ן ארט וואו עס גע-פינט זיך די גרעסטע עבודה זרה פון מצרים בעל צפון — דאַמיט זאל פרעה פערפיהרט ווערען אין אַ טעות און רעכענען, אַז די יודען בלאנדזשען אין דער מדבר און ווייסען נישט דעם וועג; צווייטענס, וועט ער רעכענען, אַז די עבודה זרה לאזט נישט די יודען אַנטלויפען פון מצרים, פרעה וועט אַזוי אַרום זיך שטאַרקען דעם מוט און נאכיאגען די יודען אויפ'ן וועג דורכ'ן ים-סוף, וואו זיינע אַלע חיילות ווערען דערטרינקען און פאַר די יודען געשעהט דאס גרויסע נס פון קריאַת ים סוף (זעה ווייטער).

**זיעבען טעג** האט געדויערט זייט יציאַת מצרים ביז

קריעת ים־סוף, די זעלבע זיבעבע טעג אין חודש ניסן, וואָס די־
יודען פייערען ביז׳ן היינטיגען טאָג דעם פסח־יום־טוב. פרעה
דערוויסט זיך, אַז די יודען האָבען זיך אויפ׳ן וועג אָרגאַניזירט
אויפ׳ן בעסטען אופן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גרויס און חשוב פּאָלק,
און עס פערדריסט איהם: פאַרוואָס ער האָט געמוזט בעפרייען אַזאַ
מעכטיג פאָלק וואָס עס איז געווען יאָהרען לאַנג פערשקלאַפט
און אונטערטעניג די מצרישע ממשלה? בעזונדערס האָט ער מורא,
אַז די אַלע פעלקער וואָס זענען ביז דאַן אונטערטעניג די מצרים,
ווי ארם־נהרים, א. א., אַז זיי זאָלען נישט פרובען זיך
אָבצורייסען פון פרעה׳ס ממשלה וועלכע איז אַ סך פעלקער
און אָבגעשוואַכט געוואָרען נאָכ׳ן בעפרייען די יודען — פון הי־
מעל איז עס אויך געווען, פרעה׳ס האַרץ צו שטאַרקען, ער זאָל
פרובען די לעצטע כוחות אויף צו פערפיהרען אַ מלחמה מיט יו־
דען און ער זאָל בעזיעגט ווערען אויף אַ גאַנץ אונערהערטען
און וואונדערליכען אופן, אזוי אַז אַלע פעלקער און מענשען זאָלען
זיך דערוויסען און זעהען, דאָס די וועלט־פיהרונג איז נישט קיין
געצהאונגענע פון דער נאַטור, נור זי ווערט געפיהרט פון גאָט׳ס
וואָרט, וואָס קאָן יעדע רגע לויט זיין ווילען איבעראַנדערשען
דעם גאַנצען נאַטור־גאַנג און די וואונדערליכסטע געשעהענישען
קאָנען פאָרקומען.

**אויפ׳ן דריטען טאָג,** נאָכדעם ווי די יודען האָבען פער־
לאָזט דאָס לאַנד מצרים, איז אַ מחנה מצרים אַוועק צום אָרט
וואו די יודען האָבען גערוהט, און געפאָדערט זיי זאָלען זיך
אומקעהרען קיין מצרים. ווען די יודען ווילען דערפון נישט
הערען, פערפיהרען זיי אַ מלחמה מיט די יודען, בעת וועלכע די
מצרים ליידען אַ מפלה. אויפן זיבעטען טאָג קומט פרעה אַליין
מיט אַ גרויסער אַרמעע וואָס איז בעשטאַנען פון אַ מיליאָן מאַן,
ער האָט מאָביליזירט זיין גאַנץ חיל מיט אַ סך כלי זיין און גע־
וועהר מכשירים, און ער איז אָנגעקומען נאָהנט צו דער יודישער

מחנה מיט אַ שטאַרקען מלחמה-רעש. די יודען דערשרעקען זיך זעהר, זיי האָבען זיך נישט געריכט דערויף, אַז פּרעה זאָל נאָך יעצט האָבען אַזוי פיעל דרייסטקייט צו פערפיהרען אַ מלחמה מיט די יודען, נאָכדעם ווי ער האָט אַזוי פיעל געליטען צוליעב דעם וואָס ער האָט די יודען אויפגעהאַלטען אין מצרים, און די יודען זעהען זיך אין אַ שטאַרקער עת צרה: פון פאָרענט—פערשטעלט זיי דער ים-סוף דעם וועג, פון אונטען די מצרים, פון איין זייט—די מדבר מיט די ווילדע חיות און שלאַנגען און פון דער צווייטער זייט—די ווילדע און הויכע בערג; די לאַגע איז אָהן אַ אויסוועג און די יודען בלייבען פערצווייפעלט.

פיער גרופּעס האָבען זיך געבילדעט אין דער יודישער מחנה מיט פיער מיינונגען, וועלכע האָבען זיך געווענדעט צו משה'ן מיט זייערע פאָרשלאַגען, זיי האָבען אָבער קיין איינע נישט געפיהרט צום ריכטיגען צוועק.

צו דער ערשטער גרופּע האָבען געהערט די יודען פון שבט ראובן, שמעון און יששכר, וועלכע האָבען בעשלאָסען בעסער זיך צו ווארפען אין ים און נישט אַריינפאַלען צוריק צו די מצרים אין האַנד.

משה ענטפערט זיי: שטעהט'ס אין אַ זייט, וועט איהר זעהען די הילף וואָס גאָט וועט אייך שיקען היינטיגען טאָג.

צו דער צווייטער גרופּע געהערען די יודען פון שבט זבולון, בנימין און נפתלי, — זיי ווילען צוריקקעהרען צו די מצרים.

משה בערוהיגט זיי: היינט זעהט איהר די מצרים דאָס לעצטע מאָהל, מעהר וועט איהר זייער פּרצוף נישט אָנזעהען.

צו דער דריטער גרופּע געהערען די יודען פון שבט יהודה, אפרים און מנשה — זיי ווילען געהן אויף אַ מלחמה מיט די מצרים.

משה ערקלערט זיי: היינט איז דער טאָג פון גרעסטע

נסים פאַר יודען, אַלע וועלען איינזעהען אַז גאָט אַליין פיהרט איירע מלחמות און איהר קענט שטעהען פון דערווייטענס.

צו דער פיערטער גרופּע געהערען די יודען פון שבט דן, גד און אשר — זיי ווילען פלוצלונג בעפאַלען די מצרישע מחנות און זיי פערטומלען, אַזוי דאָס זיי זאָלען אין שרעק זיך צו-לויפען.

משה הייסט אויך זיי בלייבען רוהיג אָהן מורא, נור בעטען צו גאָט, וועלכער וועט זיי העלפען אין אַלע ענגשאַפטען.

אין הימעל איז אַ גרויסער קטרוג אויף יודען: פאַרוואָס זאָלען די לעצטע זוכה זיין צו אַזעלכע נסים, ווען אַ גרויסער טייל פון זיי האָט געדיענט די מצרישע געטער, און איז געוועזען אינגאַנצען איינגעטהון אין מצרישען לעבען? פאַרוואָס זאָלען די מצרים געהן פערלוירען און די יודען ווערען געראַטעוועט, בעת די יודען, מינדעסטענס אַ גרויסער טייל פון זיי, האָבען זיך נישט אויסגעצייכענט און זיך נישט דערווייטערט פון מצרישען לעבען און פיהרונג?

און די מלאכי רחמים פערטיידיגען די יודען: די לעצטע האָבען עס נישט געטהאָן פון גוטען ווילען, די שלעכטע לאַגע האָט די יודען אַראָבגעפיהרט פון אמת'ן וועג, אָבער די מצרים זענען געוועזען פריי, פאַרוואָס האָבען זיי אַזוי שלעכט זיך אַרויס-געוויזען?

משה פערנעהמט זיך תפילה טהון, און זאגט: רבונו של עולם! בין איך דען מעהר ווי אַ פאַסטוך וואס זיין בעל הבית האָט איהם איבערגעגעבען אַ סטאַדע צו פיהרען? האָסט מיר געזאגט דעם וועג וואָס איך זאָל ארויספיהרען די יודען פון מצרים, און יעצט האָב איך נישט קיין שום אויסוועג זיי צו ראַטעווען, אויב זיי וועלען נישט געראַטעוועט ווערען דורך אַ גרויס נס.

די יודען מוזען געהן אויף מסירת-נפש, איז געווען

נאַט׳ס ענטפּער. דער קטרוג אויף זיי איז אזוי גרויס, דאָס זיי מוזען ארויסווייזען א העלדענ־טהאַט אַז זיי פערדיענען צו גרויסע נסים: זאָג די יודען זיי זאָלען געהן פאראויס אין ים אריין, מיטן בטחון־געדאַנק, אַז אויב מען הייסט פון הימעל, דאַרף וישט דער מענש איבערטראַכטען וואָס מיט איהם קאָן געשעהן.

און דו משה—בעפעהלט גאָט. דערהויב דיין שטעקען אויף דער שטאַרקייט פון ים און געה אין מיין שליחות, ער מוז זיך שפּאַלטען און מאַכען אַ וועג פאַר די יודען וועלכע זאָלען איהם דורכגעהן ווי אין אַ טרוקעניש—אַזוי האָב איך בעשטימט בעת׳ן בעשאַפען די וועלט מיט אַלע ים׳ען, אַז ער מוז זיך שפּאַלטען, און עס זאָל בעוויזען ווערען דאָס גרויסע נס פאַר יודען און פאַר די גאַנצע וועלט.

דער ערשטער, שפּרינגט אריין אין ים נחשון בן עמינדב און נאָך איהם זיין גאַנץ שבט יהודה. אַלע יודען טהון זיי נאָך און שפּרינגען אין ים, האָטש זיי טרינקען זיך—און אינ׳ם זכות פונ׳ם גרויסען יודישען מסירת נפש, שפּאַלט זיך דער ים אין 12 טיילען, יעדער שבט געהט זיך אויף זיין וועג איבער׳ן ים.

די מצרים יאָגען די יודען, און זיי בעמערקען נישט אַז דאָ איז דער ים וועלכער האָט דורך אַ נס געמאַכט אַ וועג פאַר די יודען, און פון הימעל פיהרט מען זיי דעם געדאַנק, ביז זיי קומען ווייטער אין מיט׳ן ים, ווען די יודען זענען שוין אריבער אויף די צווייטע צייט, דאַן האָט דער ים צוריק אָנגעהויבען שטורמען און דערטרונקען אַלע מצרים ביז׳ן לעצטען, אַחוץ פּרעה וועלכער ווערט ניצול, בכדי ער זאָל שפּעטער דערצעהלען אַלע נסים, וואָס גאָט האָט געטהון פאַר די יודען.

פּרעה קומט דערנאָך קיין נינוה (אַ מלוכהביים טייך פּרת) וואו ער ווערט אויפגענומען פאַר אַ מלך און לעבט אַ לענגערע צייט.

**די אמונה אין גאָט,** ווערט ביי קריעת ים-סוף איינגע־קריצט ביי אַלע יודען אין געדאנק און אין האַרץ (דער ק׳ ענ־סטער פון די יודען, האָט געזעהען דעם כבוד פון גאָט, וואָס האָט זיך דאַן ענטפּלעקט, אַ סך מעהר ווי פיעל נביאים אין שפּע־טערע צייטען), אויך ווערט ביי יודען פעסט דאָס גלויבען אין משה רבינו׳ס נבואה; עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, דאָס אַלע זיינע ווערטער שטימ׳ן פונקטליך מיט׳ן וואָרט און בעפעהל פון גאָט (שכינה מדברת מתוך גרונו — פון משה רבינו׳ס מויל רעדט כסדר דאָס געטליכע וואָרט).

**די שירה,** וואָס די מלאכים זאָגען יעדען טאָג פאַר׳ן אַלערהעכסטען בעשעפער, דעם טאָג פון קריאת ים-סוף האָבען די יודען פערנומען דאָס אָרט פון די מלאכים און געזאָגט די שירה פון אז ישיר, אַ פסוק נאָך אַ פסוק, משה רבינו זאָגט און די יודען ענטפערען. פריהער, ווען עס איז געקומען די צייט, וואָס די מלאכים זאָגען שירה, האָבען זיך די יודען נאָך געפונען אין מיט׳ן ים, איז די שירה פון די מלאכים אָבגע־שטעלט געוואָרען: די יודישע קינדער געפונען זיך אין אַ עת צרה, זיי שטעהען אין ים, און איהר מלאכים ווילט זאָגען שירה — אַזוי איז געווען גאָט׳ס רוף צו די מלאכים. שפּעטער, נאָכ׳ן נס פון קריאת ים-סוף, האָט אויף אַלע יודען גערוהט דער רוח הקודש און זיי זאָגען שירה אַלע מיט׳ן זעלבען נוסח, פריהער פאַר די מלאכים (ילקוט).

**נאָך תחית המתים,** זאָגט משה רבינו, ווען אַלע מענ־שען וועלען צוריקגעשטעלט ווערען צום אייביגען לעבען (סנהדרין צ״א) אויך דאַן זאָלט איהר דערצעהלען די גרויסע נסים פון יציאת מצרים; האָטש דאַן וועלען געשעהען גאַנץ גרויסע נסים, מעגליך נאָך גרעסערע נסים, אָבער ווען נישט די נסים פון יציאת מצרים און קריעת ים-סוף וואָלטען די יודען קיינמאָל נישט געוואָרען קיין פריי פאָלק וואָס זאָל קענען מקבל זיין די־

תורה. משה רבינו לערענט אויך די יודען, אז אין אַלע צייטען, זאָלען זיי דערצעהלען די ווייטערע דורות, וואָס גאָט האָט געטהון מיט די יודען ביי יציאת מצרים (תנחומא).

**נאך קריעת ים־סוף**, זענען די יודען ערשט רעכט רייך געוואָרען,—אַזוי פיעל גאָלד און זילבער האָבען זיי אָבגענומען ביי די מצרים. פרעה האָט געוואָלט פועלען ביי די מצרים, צו געהן אויף די יודען, האָט ער פאַר זיי געעפענט די אוצרות פון גאָלד און זילבער, און אַנדערע טייערע חפצים וואָס זענען אָנגעקומען אין פרעה'ס מלוכה-אוצר בעת יוסף האָט רעגירט און פון די גאַנצע וועלט איינגעזאַמעלט דאָס גאָלד קיין מצרים (זעה אויבען). די מצרים זענען דערטרונקען געוואָרען אין דער ים האָט יעדען טאָג אַרויסגעוואָרפען די טויטע קערפער אויפ'ן ברעג, די יודען האָבען זיך געשטעלט אָבציהען די מצרים און האָבען זיך גאָרנישט געקענט אברייסען פון אָט דעם אָרט. ערשט משה רבינו איילט איבער זיי, און זאָגט אַז זיי דאַרפען שנעלער געהן אויפ'ן וועג צום באַרג סיני, וואו עס איז בעשטימט דאָס אָרט פאַר קבלת התורה צו יודען.

**דער מאַנגעל אין וואַסער.** דריי טעג זענען די יודען געגאַנגען אין דער מדבר, נאָך קריעת ים־סוף, און זיי האָבען נישט קיין וואַסער צו טרינקען. די מדבר שור, ביי וועלכע די יודען זענען געגאַנגען האָט זיך געצויגען 400 מייל אויף 400 מייל און איז געווען פיעל מיט גיפטיגע שלאַנגען און אַנדערע ווילדע חיות (מכילתא). די יודען האָבען געוואוסט אַז אין דער מדבר איז נישטאָ קיין וואַסער, און זיי האָבען מיט זיך אויך געפיהרט וואַסער, דאָך זענען זיי שוין געווען צוגעוואוינט צו נסים, אַז עס האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, דאָס אַזוי דאַרף זיין, עס זאָל געשעהען אַ נס און זיי וועלען בעקומען פריש וואַסער פון אַ קוואַל.

די יודען שטעלען זיך אָב אין מרה, וואו עס איז יאָ דאָ

גוט וואַסער, איז אָבער געשעהן אַ נס פערקעהרט, דאָס וואַסער ווערט שטאַרק ביטער. דאָס האָט מען פון הימעל געוואָלט אויספרובען די יודען. אויף ווי ווייט זיי זענען פעסט אין דער אמונה, און צי זיי וועלען נישט אַראָפּפאַלען ביי זיך, זעהענדיג דאָס זיי בוזען דורכמאַכען אַ זעהר שווערען און פיינליכען וועג (מכילתא).
די יודען האָבען אָבער דעם נסיון נישט אינגאַנצען אויסגעהאַלטען, און אָנשטאָט צו טהון תפילה, זענען זיי געקומען צו משה'ן מיט תרעומת'ן, פאַרוואָס ער בעזאָרגט זיי נישט מיט גוט וואַסער. אויף משה רבינו'ס תפילה, ווייזט מען איהם פון הימעל אויף אַ שטיק האָלץ, אָט דאָס זאָל ער אריינוואַרפען אין וואַסער, וועט עס צוריק זיין גוט צום טרינקען. דאָס איז געווען איינס פון די העלצער מיט'ן ביטערסטען טעם, און פון הימעל האָט מען געוואָלט ווידער ווייזען די יודען, אַז עס קען געשעהן נסים, אינגאַנצען געגענזעצליך צום נאַטור-גאַנג, אָבער אַלץ, ווען דער מענש פערדיענט עס און איז צוגעגרייט צו פערנעהמען אַ נס. קיין טענות אָבער אויף נסים, קען דער מענש נישט האָבען.

דער שטן הויבט אָן מקטרג זיין אויף די יודען ביי זייער אָנקומען קיין מרה (בחיי). משה לערנט דעריבער מיט די יודען, די מצות וואָס גאָט האָט זיי ביז דאַן געגעבען: די 7 מצות וואָס נח האָט נאָך געהאַט אין זיין צייט, די מצות מילה וואָס איז געגעבען געוואָרען צו אברהם'ן; גיד הנשה — צו יעקבן:
שבת, כבוד אב ואם (סדר עולם) און דינים (זהר) ווערט משה'ן איבערגעגעבען אין מרה, גאָט בעפעהלט איהם אָט די מצות, ער זאָל זיי לערנען מיט די יודען, האָטש זיי פערפליכטען ערשט שפּעטער נאָך קבלת התורה (רמב"ן).

אין אלים, שטעלען זיך אָב די יודען, דאָרט זענען פאַראַן 12 קוואַלען פון פריש וואַסער און 70 טייטעל-בוימער. פון דאָרט ציהען זיי אין די מדבר-סין, וואו זיי קומען אָן דעם פינפצענטען אייר. די מצות וואס די יודען האָבען אָנגעבאַקען א"ן

מצרים פאַר'ן אַרויסגעהן, האָבען מעהר נישט געקלעקט ווי ביז'ן-
15=טען, און יודען הויבען אָן שרייען: ברויט! פון וואַנען וועט
מען נעהמען אין דער מדבר צו עסען? זיי האָבען ווייטער זיך-
נישט פערלאָזט אויף גאָט, וועלכער האָט ביז יעצט געטהון
אַזעלכע נסים, אַז ער וועט זיי אויך ווייטער נישט פערלאָזען.
די יודען האָבען טענות צו משה'ן פאַרוואָס ער האָט זיי אַרויס-
גענומען פון מצרים, אויף צו שטאַרבען אין דער מדבר פון
הונגער, און משה וואַרט ביז מען וועט איהם אָנווייזען פון הי-
מעל וואָס ווייטער צו טהון. — די יודען פאָדערען ברויט מיט
רעכט, איז געווען גאָט'ס ענטפער צו משה'ן, און דאָס וועט
זיי אויך געגעבען ווערען אויף אַ וואונדער=אופן.

דאס מן=ברויט, וואָס די יודען האָבען געגעסען די-
גאַנצע צייט פון זייער אויפהאַלטען זיך אין דער מדבר, איז
יעדען פריה=מאָרגען אַראָב פון הימעל ווי אַ טוי. אַזוי האָט
זיך עס איבערגע'חזר'ט טאָג-טעגליך אַ חוץ שבת, ביז די יודען
זענען אָנגעקומען קיין ארץ ישראל (זעה ווייטער). דער מן
איז אייגענטליך אַזאַ ברויט וואָס איז געווען בעשטימט פאַר די-
מענשען צו עסען, איידער אדם הראשון האָט געגעסען פון עץ
הדעת (זעה אויבען). דאָס מן=ברויט איז אָנגעקומען די יודען
אין דער מדבר אָהן אַרבייט און אָהן זוכען, יעדער איז געווען
זיכער אַז ער האָט זיין ברויט וואָס ער דאַרף, נור ער מוז אַרויסגעהן
אויפ'ן פעלד צונויפקלויבען, ער האָט זיך נור דייטליך געזעהען
אינגאַנצען אָבהענגיג פון גאָט'ס האַנד, דען קוים זאָל איין טאָג
נישט געהען דער מן, בלייבען זיי שוין אין אַ וויסטען מדבר אָהן
עסען, וואו זיי קענען ענטגעהן פון הונגער.

דער מן איז געגאַנגען אין אַ גלייכער מאָס פאר יעדען-
מענשען, סיי איינער האָט מעהר צונויפגעקליבען סיי וועניגער, ביי
אַלעמען איז עס אויסגעקומען אין אַ גלייכער מאָס. ווען עס איז-
נעבליבען פון איין טאָג אויפ'ן צווייטען, איז עס באַלד קאַליע גע-

וואָרען און עס האָט שוין מעהר נישט געטויגט צום עסען. מיר פרייטיג האָט יעדער געפונען אַ דאָפעלטע מאָס מן, זיינע אויף פרייטיג און איינע אויף שבת, ווען דער מן איז נישט געפאַלען— דאַמיט איז נאָכאַמאָל געקומען אַ צייכען פון הימעל, אז שבת איז דער בעשטימטער רוה=טאָג פאַר יודען, ווען זיי דאַרפען נישט טהון קיין שום מלאכה, נור אינגאַנצען זיך איבערגעבען די העכערע ענינים וואָס פעראיידלען און דערהויבען דעם מענש צו זיין העכערער אָבשטאַמינג.

(נאָכ׳ן חטא פון אדם הראשון—זעה אויבען—מוז דער מענש שווער אַרבייטען ביז ער האָט פאַרטיג ברויט. אַלץ איז פערמישט אין אָבפאַלעכץ: די ערד מוז שווער בעאַרבייט און בעמיסטיגט ווערען ביז עס וואַקסט די תבואה, וועלכע איז אויך פערדעקט מיט אַ סך איבריגס (פסולת), וואָס עס ווערט אַוועקגענומען ביז מען בעקומט אַ ריין ביסעל מעהל. דאָס מעהל מוז מען באַקען און נאָך אַרבייטען, ביז עס ווערט גוט צום עסען. דאָס עסען פונ׳ם מענש איז דעריבער מעהר גענייגט איהם צו צוציהען צום ערדישען. אַנדערש איז אבער געווען דער מן, דאָס איז געווען אַ פאַרטיגע זאַך פון הימעל, אַ אויסגעאיידעלט מאכל וואָס האָט דעם מענש נישט פערגרעבט, און האָט איהם אויך געשפייזט צו דערהאַלטען זיין לעבען. אַזוי אַרום זענען עס די יודען אויסגעאיידעלט געוואָרען און זיך געפונען אין אַ העכערער מדריגה אין דער צייט פון קבלת התורה און אויך די גאַנצע יאָהרען אין דער מדבר ווען זיי האָבען ערלערנט די תורה ביי משה רבינו).

די ערשטע ברכה פון בענשען, הזן את הכל, האָט משה מתקן געווען נאָכ׳ן מן (יוהסין).

**דאָס שליו=פלייש.** עס פלעגט יעדען אָווענד אָנפליהען לעבעדיגע פויגעל, צוויי איילען הויך זענען זיי געבליבען ליעגען אויף דער ערד, און יעדער האָט זיי גענומען פאַר זיין געברויך צום עסען, אַזוי האָבען זיי געהאַט ברויט און פלייש—דאָס לעצטע אָבער

צוּר אַ חודש צייט, ווייל דאָס האָבען זיי שוין פערלאַנגט אַלס לוקסוס, דען אָהן פלייש האָבען זיי אויך געקענט אויסקומען, בפרט אין דער צייט פון קבלת התורה, ווען די יודען האָבען גע-דאַרפט פיהרען א צוריקגעהאַלטען לעבען און זיך נישט אַריינלאָזען אין די קערפּערליכע פערגעניגענס (זעה ווייטער).

**רפידים**, איז געווען דער פּלאַץ וואָס די יודען האָבען פיעל בעליטען, דאָרט האָבען זיי פערפיהרט אַ קריעג מיט משה'ן, דאָרט איז געשעהען דער ענין פון וואַסער, און דאָרט אויך די בע-וואוסטע מלחמת עמלק. פון מדבר סין ביז רפידים געהען די יו-דען דורך דפקה און אליש וואו זיי שטעלען זיך אָב. אין רפידים ווערען די יודען שוואַכערביים לערנען תורה, וואָס האָט זיך אָנ-געהויבען אין מרה, און זיי הויבען ווידער אָן זוכען טענות צו משה'ן: פאַרוואָס האָבען זיי נישט גענוג וואַסער צום טרינקען? משה פרעגט זיי: אויף ווענען קריעגט איהר? אויף מיר—איך קען אייך גאָרנישט טהון! אויף גאָט—דאכט זיך איהר האָט שוין גענוג נסים געזעהען און איבערגעלעבט, פאַרוואָס זשע זאָלט איהר אַלע מאָל אייך נישט קענען איינהאַלטען און אויפדרינגען די מינוט?

די יודען זענען אָבער דורשטיג און קענען נישט אויסהאַל-טען, און גאָט בעפעהלט משה'ן ער זאָל זיי שאַפען וואַסער וואָס וועט קומען אויף אַ העכסט וואונדערליכען אופן, פון אַ שטיין וואָס האָט קיינמאָל נישט אין זיך קיין וואַסער-קוואַל וועט זיין וואַסער פאַר די יודען. זאָלען זיי שוין אַמאָל זיך איבערצייגען. דאָס אַ מענש קען נישט זיין אויסגערעכענט, אפילו אויפ'ן נויטיגסטען פאַר זיין געברויך, אַלץ קען געשעהען אויף אַ וואונדערליכען אופן. גאָט האָט די וועלט בעשאַפען און בעלעבט איהר, ער טהוט אויך פערשאַפען פאַר די מענשען דאס נויטיגסטע פאַר זייער לעבען.

**די עמלקים** זענען די גרעסטע פיינד פון יודען און יודענ-טום. די איינציגע סיבה פון זייער שנאה, איז דאָס אָבלייקענען די געטליכע פיהרונג פון די וועלט, דאָס וואָס די יודען בעשטעטיגען

אין טהין עס אינטערשטרייכען אויף יעדען שריט פון זייער לעבענס-פיהרונג. נאָך די גרויסע נסים פון יציאת מצרים און קריעת ים-סוף, ווען אַלע פעלקער האָבען דערזעהן די געטליכע וועלט-פיהרונג, האָט עס די עמלקים שטאַרק געקרענקט און זיי האָבען גענומען זוכען עצות, ווי צו פערפיהרען אַ מלחמה און אָבהאַלטען אַ נצחון איבער די יודען דאַמיט אָבצושוואַכען דעם יודישען פרעסטיזש. די עמלקים דערוויסען זיך אויך, אַז אין רפידים זענען די יודען געוואָרען שטוואַס שוואַכער אין זייער גלויבען צו גאָט און צו משה'ן, און צו די עמלקים בעשליסען צו קומען אויף אַ מלחמה מיט די יודען.

די עמלקים זענען אויך געווען גרויסע כשוף-מאַכער און האָבען אויסגעוועהלט פון צווישען זיך אַזעלכע מענשען, אויף וועלכע מ'איז דערגאַנגען אז זיי וועלען דאָס יאָהר נישט שטאַרבען, אויפ'ן מזל פון אָט די מענשען האָבען די עמלקים אויסגערעכענט, אַז זיי וועלען אין דער מלחמה נישט פאַלען. די עמלקים האָבען זיך פערזאַמעלט אויף אַ מלחמה און האָבען זיך אַוועקגעשטעלט אָבגערוקט פון דער יודישער מחנה, און זיי האָבען אָבגעוואַרט די שוואַכערע יודען וואָס זענען אַרויסגעפאַלען פון דער מחנה, אויף זיי האָט עמלק געלויערט און זיי גע'הרג'עט.

אין אַ אָפענער מלחמה האָבען די יודען מורא געהאַט אַרויס-צוטרעטען מיט די עמלקים, וועלכע זענען געווען בעריהמטע מלחמה-העלדען, בעת די יודען אין מצרים האָבען די מלחמה-קונסט נישט געלערענט (רמב"ן). משה רבינו האָט דעריבער גערופען יהושע'ן זיין נאָהענסטער תלמיד און איהם איבערגעגעבען דאָס פיהרען די מלחמה מיט די עמלקים, בעת ער משה וועט זיך שטאַרקען אין תפילה, אַז די יודען זאָלען זיך שטאַרקען איבער די עמלקים.

אַ גאַנצען טאָג האָט די מלחמה געדויערט און די סיטואַ-ציע האָט זיך עטליכע מאָל געענדערט: אַמאָל זענען די יודען פון אויבען און אַמאָל די עמלקים. די יודען זעהען משה'ן וועלכער שטעהט אויף אַ באַרג אין דער הויך און איז מתפלל,

די עמלקים האָבען געקענט אויסרעכענען די שעה'ן ווען זיי וועלען האָבען הצלחה, דאַן פערשטאַרקען זיי די מלחמה. משה'ס תפילות ווערען שטאַרקער ווען די יודען זעהען משה'ן פון דער ווייטענס אויפ'ן באַרג, און זיי בעטען אויך מיט'ן גאַנצען האַרץ אַז משה'ס תפילות זאָלען אָנגענומען ווערען ביי גאָט. צום סוף איז יהשיע מצליח און האָט אָבגעשוואַכט די עמלקים וועלכע אַנטלויפען פאַר מורא פון יהושיע'ס שווערד.

און עס קומט דער בעפעהל פון גאָט, אַז דאָס מוז פערשריבען ווערען ביי יודען און עס קען זיי אויך נישט אַרויס פון זכרון, אַז די עמלקים זענען די גרעסטע שונאים פון יודענטום, און כל זמן עס בלייבט אַ געדעכעניש פון די עמלקים זענען די יודען נישט זיכער, מיט זייער אייביגער עקזיסטענץ. דאָס איז אַ אייביגע מלחמה פון די עמלקים מיט'ן יודענטום. ערשט ווען משיח וועט קומען, דאַן וועט קיין זכר נישט בלייבען, פון אַ שפור אפילו, וואָס די עמלקים האָבען זיך אַלץ יאויסגעקלערט געגען די יודען, ווי זיי אומצוברענגען.

**יתרו קומט אין דער יודישער מחנה,** מיט צפורה משה'ס ווייב און זייערע קינדער נאָכדעם ווי ער הערט די נסים וואָס זענען געשעהן די יודען אויף זייער בעפרייאונג'ס-וועג אין ודישען היים לאנד. די גאַנצע צייט וואָס משה איז געוועזן דאָס לעצטע מאָל אין מצרים, איז זיין ווייב און קינדער געבליבען ביי יתרו'ן. יעצט קומען זיי צו משה'ן, און זיי ווערען אויך אויפגענומען מיט גרויס כבוד. משה מיט אהרנ'ען און אַלע יודען, געהען אַנטקעגען יתרו'ן מיט זיין טאָכטער און אייניקלעך. יתרו בעקענט זיך מיט דער גאַנצער פיהרונג ווי משה בעגעהט זיך מיט די יודען און ער זעהט דעם שווערען עול וואָס ליעגט אויף משה'ן. אַלע יודען קומען איהם פרעגען יעדע קלייניגקייט אין זייער לעבענס-פיהרונג און זייערע בעציהונגען צווישען זיך, קיין דיינים און ריכטער זענען נאָך ביי

יודען דאַן נישט געווען, נור משה איינער אַליין האָט געדאַרפט ענטפערען אויף אַלע יודישע פראַגען, וועלכע דאַרפען רעגולירט ווערען לויט דער תורה און איהר געזעצגעבונג.

**די ערשטע ריכטער** פון דער יודישער געזעצגעבונג, ווערען אָרגאַניזירט אויף יתרו'ס עצה—עס ווערט געשאַפען אַ גאַנצע ריכטער־אָרגאַניזאַציע פון 78600 מאַן מיט משה'ן אין דער שפּיץ פון אַלע: 600 מאַן—איינער איבער יעדע טויזענד יודען; 6000—איינער איבער יעדע הונדערט; 12000 מאַן—איינער איבער יעדע פופציג; 60000 מאַן—איינער איבער יעדע צעהן, אַזוי אַז דאָס גאַנצע יודישע לעבען ווערט פונקטליך איפגעפאסט פון א עלטסטען, וועלכער ענטפערט גלייך אויף אַלע פראַגען וואָס די יודען ווענדען זיך צו איהם. אַ גאַר גרויסע און פרינצ־ציפּעלע פראַגע, דעצידירט משה רבינו ע"ה, משה רבינו זעהט מיט זיין נבואה, און טהוט אָבשאַצען די בעדייטונג פון די מענשען, וועלכע בעשטימט אויף זייערע אַמטען און עס איז איינס פון די חשוב'סטע לעבענס־ווינקלען איבער וועל־כען דאָס יודענטום טהוט זיך אויפבויען—צו טהון גערעכטיגקייט צווישען איין מענש און דעם צווייטען—פרשת הדינים.

די יודישע אויפפאַסונג פון געזעצליכקייט און אייגענטום־רעכט, ווערט דייטליך ערקלערט אינ'ם מאמר חז"ל: „כל הדן דין אמת לאמתו כאלו נעשה שותף להקב"ה במעשה בראשית". גאָט האָט בעשאַפען די וועלט, זי זאָל בלייבען עקזיסטירען פאַר די מענשען, און די וועלכע גזל'ן און בערויבען איינער דעם צווייטען, זיי טהון חרוב מאכען די וועלט. דאָס זעהט מען אויך ביים דור המבול וועלכע זענען אַזוי שווער געשטראָפט גע־וואָרען פאַר זייערע זינד (זעה אויבען), דער סוף פון זייער שווערען אורטייל איז אין ה׳מבול געשטעמפעלט געוואָרען, צוליעב זייער רויב און גזל־סיסטעם. דער ריכטער אַלזאָ וואָס האַנ־דעלט געוויסענהאַפט און קלוג, אַזוי דאָס עס לונגט איהם צו

פערמיידען פון רויבער־טהאַטען, דער העלפט נאָר צום עגזיסטענץ פון דער וועלט, צו דעם צוועק וואָס זי איז בעשאַפען.

אברהם אבינו, וועלכער ווערט אַזוי פיעל געלויבט מיט זיינע אויסגעצייכענטע פיהרונגען אין לעבען, ווערט בעזונדער געריהמט דערפאַר, וואָס ער בעפעהלט זיינע קינדער, די עלטערען פון יודישען פאָלק, אַז זייערע אַלע דורות מוזען דערויף אויפמערקזאם זיין, און איינפיהרען ביי זיך דאָס שטרענגסטע געזעץ פון עהרליכקייט און גערעכטיגקייט. משה רבינו דער עלטסטער פון די נביאים, פערנעהמט יתרו׳ס עצה, וועגען גוט אוועקשטעלען די געזעצגעבערישע אָרגאַניזאַציע ביי יודען. יהושע און אַלע שופטים נאָך איהם, געהען אויפ׳ן זעלבען וועג און זייער ערשטע זאָרג איז צו נאָרמירען דאָס לעבען ביי יודען אויף דעם שטרענגען געזעץ; דוד המלך, שלמה א. א. האָבען אויך שטרענג אָבגעהיטען דאָס געזעץ אינ׳ם יודישען לעבען. שפּעטער איז ירושלים חרוב געוואָרען און די יודען זענען געגאַנגען אין גלות, ווערט אויך פערצייכענט זייער חטא, דאָס די עהרליכע געזעצגעבונג איז אָבגעשאַפט געוואָרען, און קיינער האָט מעהר נישט געפאָדערט די רעכט פונ׳ם עלענדען און געדריקטען. אינ׳ם זכות פון צוריקשטעלען די אמת׳ע יודישע געזעצגעבונג לויט דער תורה, האָפען די יודען ערלעזט צו ווערען פון גלות און צוריקקומען, דאָס גאַנצע יודישע פאָלק, אין זיין היים־לאַנד.

צווישען די צעהן תקנות וואָס עזרא האָט איינגעפיהרט, ווען די יודען זענען אויפגעגאַנגען פון בבל קיין ארץ ישראל ביים בית המקדש שני איז געווען איינס, אַז יעדען מאָנטאָג און דאָנערשטאָג מוז זיצען אַ שטענדיגער בית דין אין יעדער יודישער קהלה, וואו עס מוז זיין דער פלאַץ פאַר יעדען וואָס קומט פאָדערען גערעכטיגקייט פון זיינע אונטערדריקער — טוח״מ)

יתרו פערלאָזט די יודישע מחנה, און געהט אַהיים

מגייר זיין די פאַמיליע. זיינע קינדער, די בני קני (זעה ווייטער) וואוינען שפעטער אין שכנות מיט די פעלקער וואָס האָבען געוואונט אין ארץ ישראל, איידער די יודען זענען אהין געקומען. זיי בעקומען אָבער אַ פּלאַץ צו וואוינען און פיהרען אַ מנוחה׳דיג לעבען אין לאַנד, און ווען די יודען פיהרען מלחמות מיט די כנענים-פעלקער, בלייבען זיי שטענדיג אין די בעסטע בעציהונגען מיט די בני קני.

זכר יציאת מצרים, ווערט בעטאָנט אינ׳ם גרויסען טייל מצות און אינ׳ם לעבענס-שטייגער וואָס די יודען פיהרען אַלס פאָלק און אַלס יחידים אין אַלע צייטען. דאָס דערמאָנט אונז שטענדיג אין דער געטרייער אויפזיכט פון גאָט איבער וועלט און מענשען וואָס עס האָט זיך קלאָר און דייטליך ארויסגעשטעלט ביי יציאת מצרים—און, ווייל נישט אין יעדען דור געשעהען נסים, אַז דער נאַטור גאַנג זאָל זיך ענדערען, האָבען די יודען בעקומען אַ בעפעהל, די יידען וואָס זענען אַרויס פון מצרים וועלכע האָבען די נסים אַליין געזעהען, זיי דאַרפען עס איבערגעבען דעם צווייטען דור, און אַזוי ווייטער אַ דור נאָך אַ דור, אַלע זאָלען דערין געדענקען, אַז עס זאָל ביי יודען נישט פערגעסען ווערען די אמונה אין גאָט (רמב״ן בא).

דאָס טחוט אינם יודישען פאָלק אויך איינפלאַנצען דאָס רחמנות-געפיהל צו פרעמדע און אונטערדריקטע גרים און פערשקלאפטע מענשען, אלמנות און יתומים. און בכלל דאַרף דער יוד תמיד געדענקען, אַז דאָס גאַנצע יודישע פאָלק איז אַרויס פון אונטער׳ן דריק, מען האָט זיי געוואָלט פערניכטען און רואינירען. זאָלען די יודען אַלזאָ דערפון לערנען, אַז קיין מאכט ביי מענשען דאַרף נישט אויסגענוצט ווערען דעם צווייטען אונטערצואָרדגען נור צו העלפען און שטיצען איהם. אויסער ווען יענע האָבען געזהאַט אַ ספעציעלע נייגונג און אַ אינערליכען בעהאַלטענעם ווילען, אונטערצוגראָבען דעם עקזיסטענץ פון יודישען פאָלק.

# דער גרויסער מאמענט פון מתן תורה

## (ו סיון ב. תמ״ז)

די גרויסע נסים, וואָס האָבען אַרויסגערופען אַזעלכע וואונדער אינ׳ם נאַטור-גאַנג פון די וועלט, וועלכע האָט זיך אינגאַנצען געענדערט ספעציעל פאַר יודען — דאָס האָט די לעצטע געעפענט די אויגען און זיי געוויזען, אַז נאָכדעם ווי די גאַנצע מענשהייט ווערט געפיהרט לויט גאָט׳ס וואָרט און בעשטימונג, זייט דער וועלט-בעשאַפונג, האָבען די יודען אַ בעזונדערע אויפגאַבע, פאַר וועלכע די גאַנצע וועלט-בריאה איז גרייט צו מאַכען אַ וועג, און מוז אויך אָבטרעטען פון איהר סדר, ווען דער מאָמענט פאָדערט עס (מהר״ל).

פריהער זענען געוועזען בלויז מענשען-יחידים, וואָס האָבען דערקענט דעם ענדע-ציעל פונ׳ם מענש׳ס-אויפגאַבע, זיין מדריגה-הויכקייט, צו וועלכער ער קען דערהויבען ווערען. עס האָט אָבער געמוזט קומען אַ גאַנץ פאָלק, ויאָס זאָל מיט זיין לעבענס-שטייגער, אַראָבציהען אויף דער וועלט די העכערע הימלישע הייליגקייט — אַ גאַנץ פאָלק וואָס זענען דאַצו צוגעגרייט, מאַכט אַ אָרט פאַר׳ן כבוד השכינה, און דאָס איז געשעהען נאָך יציאת

מצרים, נאָכדעם ווי די יודען האָבען זיך דערצו געגרייט דריי חדשים, נאָכדעם ווי זיי זענען געלייטערט געוואָרען אין מצרים און האָבען בעקומען דעם כח מבטל צו זיין, זיך און אַלע זייערע ערדישע פערלאַנגען; נאָכדעם ווי זיי זענען דורך די גרויסע נסים איבערצייגט געוואָרען, אַז אַלץ איז פערבינדען מיט דער אייגערלייכער גייסטיגקייט און הייליגקייט פון דער וועלט בריאה, קומען זיי ראש חודש סיון אין דער מדבר סיני, (זעה ווייטער) דאָרט ווערען די הערצער פון אַלע יודען פעראייניגט ווי קיינמאָל נאָך נישט, אַלע האָבען איין שטרעבונג, און עס ווערט בעשטימט דער מאָמענט, וועלכער איז דער פאַסענדסטער פאַר קבלת התורה.

אויף צעהן ערטער האָבען זיך די יודען אָבגעשטעלט, ביז זיי האָבען גערוהט אין דער מדבר סיני: א) סוכות (דער ערשטער רוה-פונקט נאָכ'ן ארויסגעהן פון מצרים), ב) אתם, ג) מגדול, ד) מרה, ה) אלים, ו) ים-סוף, ז) מדבר סין, ח) דפקה, ט) אלוש און י) רפידים.

אין מדבר סין (די מדבר סין ציהט זיך ביז'ן באַרג סיני. די רוה-פונקטען: דפקה, אלוש און רפידים, זענען אין דער מדבר סין; נאָהנט פון באַרג, רופט זי זיך מדבר סיני – רמב"ן) – זענען זיי געקומען דאָס ערשטע מאָל, דעם פונפצענטען אייר. דאָרט האָבען זיי געהאַט דעם מן, אויף דער נאַכט דעם שליו. דעם 23 אייר זענען זיי געקומען קיין רפידים, וואו עס איז אויך געווען די מלחמה מיט די עמלקים (זעה אויבען). אין רפידים זענען די יודען צו-ערשט אויך אַראָבגעפאַלען פון זייער מדריגה און ערשט נאָך דער מלחמת עמלק, האָבען זיי זיך צוריק געשטאַרקט. דאָרט אין רפידים האָבען זיי אויך נישט קיין וואַסער, דאָס אָרט איז אָבער נישט ראוי פאַר אַ נס, דעריבער מוזען זיי געהן נאָך וואַסער קיין חורב, וואו עס ווערט זיי ענטפלעקט אַ ברונען. די יודישע מחנה בלייבט איין רפידים, און מ'ברענגט וואַסער

פון חורב. משה רבינו אָבער, ער האָט זיין רוה-אָרט אין חורב, אויך ווען די יודען זענען אין רפידים.

דעם זעלבען טאָג וואָס זיי זענען ארויס פון רפידים, זע־נען זיי אָנגעקומען אין דער מדבר סיני. דאָרט האָט זיך די יו־דישע מחנה צוויי מאָל אָבגעשטעלט, רפידים איז פון מערב־זייט צו דער מדבר סיני, דאָרט איז אויך געווען דער ציר (שטיין) פון וועלכען די יודען האָבען גענומען וואַסער. צום ערשטען זענען די יודען געקומען אויף מערב־זייט פון באַרג סיני, נאַכהער האָבען זיי ווייטער געצויגען און זיך אָבגעשטעלט צו מזרח-זייט פון באַרג, די יודען דערפיהלען דאָס הייליגקייט פון אָרט, וואו עס איז אויך פאָרגעקומען דער אַקט פון מתן תורה.

(דער באַרג סיני און באַרג חורב, זענען איינער אַ קיצגען צווייטען און דער קוואַל איז געגאַנגען פון באַרג סיני. דאָרטען איז אויך פערהאַן אַ קליין בערגיל, וואו משה רבינו האָט צובראָ־כען די ערשטע לוחות (זעה ווייטער). די שטיינער וואָס געפינען זיך אינ׳ם באַרג, איז פערהאַן אין יעדען שטיין אַ צורה פון אַ דאָרן־בוים. — ווען מ׳צובראַכט דעם שטיין אויף שטיקלעך, בע־ווייזט זיך אין יעדען שטיקעל פונ׳ם שטיין די צורה פון אַ דאָרן בוים (שבילי ארץ הקדושה). אויפ׳ן באַרג חורב, האָט אויך משה דערזעהען דאָס ערשטע מאָל די התגלות השכינה, אינ׳ם געשטאַלט פון אַ פייער וואָס נעהמט אַרום דעם דאָרן־בוים און דער בוים ווערט נישט פערברענט — זעה אויבען).

די תורה ווערט געגעבען יודען אין מדבר, אין אַ הפקר-אָרט און נישט אין ארץ ישראל—די פעלקער זאָלען נישט האָבען קיין אויסרייד און זאָגען, אַז דערפאַר זענען זיי געבלי־בען ווייט פון דער תורה, ווייל זי איז געגעבען געוואָרען אין א״י, הייסט עס אַז זי איז נור פאַר יודען, אבעווייז דאָס זי ווערט געגעבען אינ׳ם יודישען היים-לאַנד — דעריבער ווערט די תורה געגעבען אין אַ אָרט וואו אַלע מענשען און פעלקער

האָבען אַ פרייען צוגאַנג, דערמיט ווערט אויף שטענדיג בעטאָנט, אַז נור די יודען זענען געווען דאָס איינציגע פאָלק וואָס איז איינגעגאַנגען, זיך אונטערצוואַרפען די שטרענגע לעבענס-געזעצען פון דער תורה (מכילתא).

ביי מתן תורה, ווען די גאַנצע וועלט איז דערציטערט געוואָרען פון די שרעקליכע קולות וברקים, דאָס פייער, די אונבאַטירליכע דינערען און בליצען און פונ'ם גרויסען רעש, וואָס די וועלט האָט קיינמאָל אַזעלכעס נישט געזעהן, האָבען די נישט-יודישע פעלקער זיך געווענדעט צו זייער נביא בלעם (זעה אויבען) און איהם געפרעגט, צי איז נישט אַמאָל געקומען אַ צייט, ווען די וועלט זאָל חרוב ווערען, פונקט ווי עס איז געשעהן ביים דור המבול; דאַן איז עס געווען אַ מבול פון וואַסער, יעצט זעהט מען ווי עס רוקט זיך אָן אויף דער וועלט אַ מבול פון פייער. בלעם בערוהיגט זיי אָבער, אַז דאָס מיינט מען נישט די פעלקער, דאָס איז נור דער פייער-אַקט פון מתן תורה, און אַז דאָס האָט ניר אַ שייכות מיט'ן יודישען פאָלק (ילקוט).

די פעלקער וואָס זענען פערוואַנדעט מיט אברהמ'ן זענען אָבער דאָך אויפגעפאָדערט געוואָרען, זיי זאָלען פערנעהמען די תורה, און אָבהיטען איהרע לעבענס-געזעצען — דאָס איז געטהון געוואָרען פונ'ם זעלבען שטאַנדטפונקט, זיי זאָלען שפעטער נישט טענה'ן, אַז די יודען האָבען נישט בעוויזען אַזאַ כח מיטן מקבל זיין די תורה: ווען זיי די פעלקער ווערען דערצו אויפגעפאָדערט, וואָלטען זיי פיליכט אויך אויפגענומען און אָבגעהיטען די תורה:

די בני עשו ענטפערען, אַז די תורה טהוט שטרענג פעראורטיילען רציחה און בלוט-פערגיסונג, די אייגענשאַפט פון זייערע מענשען און פאָלק לאָזט זיך אַלזאָ נישט בינדען מיט אַ געזעץ וואָס טהוט אַזוי שטרענג פערבאָטען רציחה; די פעלקער פון עמון און מואב ענטפערען, אַז פון זייער נאַטור, קענען זיי

נישט אויפנעהמען די שטרענגע געזעצען פון פאַמיליען־ריינקייט, ווי די תורה נאָרמירט דאָס פאַמיליען־לעבען; די בני ישמעאל ענטפערען, אַז פון זייער נאַטור, האָבען זיי אַ נייגונג צו גנבה, דאָס וואָס ס׳ווערט אין דער תורה אַזוי שטרענג פערבאָטען.

די יודען אָבער, זיי האָבען אויסגעדריקט דעם ווילען צו פערנעהמען און היטען די תורה, ווי שווער דאָס זאָל זיך נישט אָבּרופען אויף זייער לעבענס-שטייגער, זיי זענען איינגעגאַנגען אויך אויף די שטרענגסטע געזעצען, און זיך פערלאָזט, אַז די תורה וואָס ווערט געגעבען פון גאָט דעם אַלערהעכסטען וועלט־בעשעפער, וואָס טהוט בעלעבען אַלעמען, אַלע ברואים און די מענשען אויפ׳ן ערשטען פלאַץ, זיינע תורה געזעצען גיבען גע־וויס די מעגליכקייט זיך צו דערהאַלטען און עקזיסטירען אויף דער וועלט; העכסטענס, דאַרף מען זיך נור אָבזאָגען פון געוויי־סע לוקסוס־בעדינגונגען און מאָמענטאַלע פערלאַנגען פונ׳ם לעבען, דערצו זענען די יודען געוועזען אויסגעאַרבייט און צוגעגרייט, פון זייער פריהערדיגען לעבענס-שטייגער (ילקוט).

נעשה פאַר נשמע — איז געוועזען דער ענטפער פון אַלע יודען, ווען מ׳האָט זיי פאָרגעלעגט, אַז עס איז געקומען דער מאָמענט פון קבלת התורה; די יודען זענען גרייט צו ערפיעלען די פליכטען פון דער תורה, נאָך איידער זיי הערען: וואָס, און מיט וועלכע שוועריגקייטען עס איז אָפט פערבונדען.

ווען די יודען האָבען געזאָגט נעשה פאַר נשמע, זענען אַראָב פון הימעל 600,000 מלאכים, יעדער מיט צוויי הימלישע ציהרונגען פאַר יעדען יוד בעזונדער: איינס אין זכות פון נעשה און איינס אין זכות פון נשמע. ווען די יודען האָבען מיט אַ קורצע צייט שפּעטער, זיך דערקענט צום דינסט פון עגל (זצה וויטער) זענען אַראָב 120,000 מלאכי חבלה, יעדער האָט אַראָב־געריסען די קרוין פון יעדען יוד. די דאָזיגע הימלישע ציהרונגען

וועלען צוריקגעגעבען ווערען די יודען, ווען משיח וועט קומען און זיי וועלען אויף שטענדיג פריי בלייבען (שבת פ"ח).

פאַר מתן תורה זענען אַלע יודען געהיילט געוואָרען פון די פריהערדיגע פעהלערען און קראַנקהייטען: בלינדע זענען געוואָרען זעהעוודיג, הינקענדע — געהענדיג, שטימע — רעדעוודיג, טויבע — הערעוודיג, א. אַ. וו. אַלע יודען זענען געשטאַנען אויף די פיס, געזעהען און געהערט, געזונד אויף אַלע חושים — גרייט צו קבלת התורה (מדרש). ביים באַרג סיני איז אויך אַראָב אַ וואָלקען פון הימעל, וואָס האָט אַרומגענומען די גאַנצע יודישע מחנה, אַזוי האָט עס געדויערט די גאַנצע פיערציג יאָהר וואָס די יודען זענען געוועזען אין מדבר (זעה ווייטער), דער וואָלקען איז מיט זיי געגאַנגען און מיט זיי גערוהט.

**די ערשטע שליחות פאַר קבלת התורה,** ווענדעט זיך משה אין גאָט'ס נאָמען צו די יודען — ער האָט אַ בעפעהל צו רעדען צו יעדען קלאַס מענשען ווי זיי קענען פערנעהמען: די פאָלקס-מאַסען און די פרויען, זיי מוזען הערען אויף אַ פשוטען פערשטענדליכען אופן; די מענשען מיט העכערע השגות, זיי קענען שוין פערנעהמען די טיעפערע שטעלען און אויך די סודות פון דער תורה:

„אַלע יודען אָהן אויסנאַהם! איהר האָט געזעהען מיט אייערע אייגענע אויגען, וואָס די מצרים האָבען געליטען אַ זעהר שווערע שטראָף, און אויך די נסים וואָס זענען געשעהען פאַר אייך יודען; ווי איהר ווערט געפּרובט און דערנעהנטערט צום צוועק צו זיין אַ אייגענאַרטיג יודיש פאָלק, אייער עקזיסטענץ זאָל אויך זיין העכער פונ'ם נאַטירליכען און נאָרמאַלען לעבענס-גאַנג".

„יעצט איז געקומען דער מאָמענט, ווען די יודען דאַרפען זיך גרייטען צו קבלת התורה, צו זיין אַ אויסגעצייכענט פאָלק, זיך אויסצייכנען מיט זייער לעבענס-אַרט און פיהרען אַ לעבען געראַהמט אין די תורה-געזעצען".

די העכערע מענשען אין יודענטום, זיי דארפען עס פער-
שטעהן, אז די יודען זענען בעשטימט צו זיין א כהנים-פאלק, ספעציעל די דינער פון דער מענשהייט פאר גאט, און זיי מו-
זען אויך זוכען צו זיין א הייליג פאלק; דורך די אויסגעצייכענ-
טע טהאטען און העכערע קדושה, קענען זיי נעהנטער ווערען צו דער מדריגה וואס פיהרט דעם מענש צו די ציעלען וואס גאט האט איהם בעשטימט, דאמיט וועלען זיי דערגרייכען א חוץ עולם הזה אויך עולם הבא (רמב"ן). די יודען דארפען אויך זיין די כהנים-
לעהרער פאר דער גאנצער מענשהייט, אלע זאלען רופען און אנער-
קענען גאט'ס נאמען, דאס וואס עס וועט אייגענטליך פערווירקליכט ווערען ערשט אין די שפעטערע יאהרען, ווען משיח וועט קומען (ספורנו), דאן וועלען אויך די מענשען האבען א אייביגען עקזיס-
טענץ אין לעבען (ספורנו), די הייליגקייט ברענגט דאס אייביגע לעבען (סנהדרין). (די תורה-געזעצען נארמירען צום ערשט דאס לעבען פונ'ם יוד, ער זאל נישט לעבען ווי א בהמה וואס גע-
ניסט פון דער וועלט אהן שום דעת; אלץ וואס די אויגען זעהען, כאטש א סך זאכען ברענגען איהר שאדען און אפטמאל אויך דעם טויט — דערויף קומען אלע אזהרות און פערבאטען אין דער תורה, וועלכע ערלויבען דעם יוד צו געניסען פון לע-
בען, אזוי פיעל אז עס זאל נישט ערנידריגען זיין גייסטיגען מצב און פערטעמפען אין איהם דאס נשמה'שע. די אבער וואס ווילען קומען צו א העכערע מדריגה אין יודענטום, די מוזען פיהרען א צוריקגעהאלטען לעבען, און אויך פון דעם וואס איז נישט פערבאטען דעם דורכשניטליכען יוד, קענען זיי נור געני-
סען אין נויטיגסטען פאל, אבער נישט צו ערפילען די נידריגסטע תאוה פונ'ם ערדישען טייל אינ'ם מענש, דערויף קומט די אל-
געמיינע אזהרה צו יודען: קדושים תהיו! איהר דארפט פיהרען א הייליג לעבען — רמב"ן).

**די מדריגות ביי יודען.** משה רבינו האט איבערגערעדט

מיט די יודען, דאָס וואָס גאָט האָט צו זיי בעפוילען. מיט'ן המון יודען איז איהם אויסגעקומען ווענ'גער און פשוטער צו־רעדען, און מיט די העכערע מענשען האָט ער מעהר און אויס־פיהרליכער גערעדט. דערויף איז די יודישע מאַסע נישט איינ־געגאַנגען: זיי האָבען אַלע געוואָלט זיין אין איין מדריגה (מלבים) און אַלע האָבען זיך אַרויסגעזאָגט דערפאַר, אַז דאָס גאַנצע יו־דישע פאָלק זאָל קומען צו דער מדריגה פון אַ הייליג פאָלק, אַלע זאָלען הערען גלייך די ווערטער פון גאָט און אַלע זאָלען דערהויבען ווערען צו אַ הויכער מדריגה.

דערויף האָט משה בעקומען אַ ענטפער פון גאָט, אַז בכדי אַלע יודען זאָלען גלויבען, אַליין הערען און זיין איבערצייגט, אַז משה רבינו'ס נביאה איז אמת און אַז אַלע זיינע בעפעהלען הערט ער פון גאָט, וועט די נביאה יעצט קומען צו אַלע יודען, עס ווערט ספּעציעל געגעבען אַ מעגליכקייט, אַז אויך די דורכ־שניטליכע יודען זאָלען קענען פערנעהמען און הערען גאָט'ס וואָרט.

די יודען גרייטען זיך דריי טעג פאַר קבלת התורה און הייליגען זיך, לויט די אָנווייזונגען, וואָס משה רבינו זאָגט זיי.

**שבת פריה,** דעם זעקסטען סיון, האָט זיך די וועלט־נאַטור אָבגעשטעלט אין איהר סדר. אויפ'ן באַרג סיני האָט גאָט אַראָבגענידערט דעם הימעל און אַ טייל מלאכים. דער גאַנצער באַרג איז אַ פלאַם־פייער, פון הימלישען פייער, וואָס וואַרימט און פערברענט נישט; דער רויך און די וואָלקענס זעהען זיך גאַנץ ווייט, די דינערען און בליצען — טרייסלען אַלעמען. אַ קול פון שופר בלאָזט אָהן אויפהער און דערהויבט זיך העכער און הע־כער; די גאַנצע נאַטור אַרום, ווערט פערשטילט, קיין שום לעבעדיגע בריאה אויף דער וועלט ריהרט נישט פון אָרט און לאָזט נישט אַרויס קיין קול; עס הערשט אַ טויט שטילקייט אויף דער גאַנצער וועלט, און עס הערען זיך גאָט'ס ווערטער צו די יודען, די עשרת

הדברות וועלכע ווערען שפעטער אויסגעקריצט אויף צוויי לוחות, נוז פייער, געשריבען מיט שוואַרץ אויף ווייס פייער.

דער באַרג סיני האָט זיך פון אָרט געריהרט, די יודען שטעהען אונטען. זיי דערשרעקען זיך און פאַלען אַלע אין חלשות. עס קומען מלאכים פון הימעל און מונטערען זיי אָב. דערווייל האָבען זיי געהערט גאָט'ס ווערטער וועלכע זענען געקומען צו יעדען בעזונדער אין דער פאָרם וואָס ער האָט געקענט פערנעהמען. די יודען, זיי זעהען אַ קול און הערען אַ זעהונג, אַזוי בשותפות האָבען געאַרבייט די חושים, כאָטש אין אַ אַנדערע צייט זעהט מען קיין קול נישט נור מען הערט עס, אַ זעהונג קען מען נישט הערען נור זעהען — דאָ איז אַלץ געווען העכער פון דער נאַטור.

די יודען זעהען אָבער, אַז זיי קענען עס מעהר נישט איבערהאַלטען, זיי קענען נישט בלייבען לעבען אין זייערע גופים און קערפער'ס אויב זיי וועלען ווייטער הערען אַזאַ נביאה. זיי בעטען דעריבער משה רבינו, אַז זיי האָבען זיך שוין געניג איבערצייגט, אין דער אמת'קייט פון זיין נביאה, אויף ווייטער זאָל ער אַלזאָ אַליין איבערנעהמען די נביאה פון גאָט און עס איבערגעבען צו יודען. משה רבינו בערוהיגט די יודען, אַז אַזוי איינענטליך דאַרף עס זיין, ווייל די יודען זענען נישט בכח אויפצונעהמען די תורה דירעקט פון גאָט, נור עס מוז זיין אַ פערמיטלער, דאָך האָט זיי גאָט געגעבען כח, זיי זאָלען הערען די ערשטע דברות און בלייבען לעבען, דאָמיט זאָלען זיי אייביג גלויבען אין דער אמת'קייט פון די תורה.

די יודען זענען נאָך קבלת התורה. אוועק יעדער צו זיין מדריגה, און נאָר משה רבינו בלייבט אויפ'ן אָנגעוויזענעם אָרט פון גאָט, ער איז איינגאַנצען דערהויבט געוואָרען צו דער העכסטער מדריגה פון אַ מלאך, ער זאָל קענען פערנעהמען די תורה, און איהר איבערגעבען די יודען.

# די עשרת הדברות

(א) יעדער יוד מוז עס שטענדיג וויסען און גלויבען, אַז גאָט איז דער אַלערהעכסטער בעשעפער פון די וועלט און מענשען; אַז אַלץ וואָס געפונט זיך אין לעבען, איז נור פון זיין ווילען און השפעה; אַז די מענשען געפונען זיך שטענדיג אונטער די גענויע אויפזיכט פון זיין מאכט; זאַ ער טהוט לייטזעליגען אָדער בעשטראָפען די וואָס טהון גוט׳ס אָדער שלעכט׳ס: ביים בעפרייען די יודען פון מצרים, האָט זיך עס קלאָר אַרויסגעשטעלט די געטליכע קראַפט און ווירקונג איבער וועלט און מענשען; זייט בריאת העולם איז די וועלט־נאַטור זעלטען ווען געענדע־ט געוואָרען, און דאָ—איז אַלץ דער גאַנצער סדר עולם, געבליבען אָבהענגינג ווי משה האָט גביאות געזאָגט אין גאָט׳ס נאָמען.

דער יוד איז מקיים אַ מצות עשה דאַמיט וואָס ער גלויבט אין גאָט, און ער איז עובר אויף א לא־תעשה ווען ער פערגעטערט אַ וועלכען עס איז בילד אָדער צורה, אונאָבהענגיג דערפון, ווי חשוב יענע צורה זאָל נישט זיין, און ווי נוצליך און שטאַרק יענע צורה איז אין דער וועלט־בריאה.

גאָט צערנט בעזונדער אויף יודען ווען זיי דיענען עבודה זרה, ווייל די יודען זענען זיין געליעבט פאָלק, וועלכע זענען ספּעציעל בעשטימט צו זיין דיענסט און צו היטען די תורה (רמב״ן); פאַר שלעכטע מעשים, קען געדולדעט ווערען העכסטענס ביז׳ן פיערטען דור, פאַר גוטע מעשים אָבער, בעשטעהט דער זכות ביז טויזענדער דורות.

(ב) גאָט׳ס נאָמען טאָר נישט פערשוועכט ווערען: אַז מען שווערט פאַלש ביי גאָט׳ס נאָמען איז עס פון די העכסטע פערברעכענס; זיין נאָמען איז אמת אין דעריבער מוז אַלץ וואָס ווערט דערמאָנט אין גאָט׳ס נאָמען, זיין בלויז אמת (אבן עזרא).

(ג) מען מוז געדענקען, און אין לעבען בעווייזען, דאָס אָנ־דענקען־פון שבת וואָס עס איז א עדות און אַ צייכען, דאָס גאָט האָט בעשאַפען די גאַנצע וועלט אין פערלויף פון 6 טאָג און דעם זיעבעטען טאָג גערוהט; פון דאַן אָן, פיהרט זיך די וועלט לויט איהר סדר, קיין שום נייע בריאה ווערט נישט בעשאַפען, די גאַנצע וועלט געהט מיט איהר נאַטור־גאַנג, אַחוץ ביי יציאת מצרים, אָדער ביי עהנליכע געשעהענישען, ווען עס איז דער ווילען פון גאָט צו בעווייזען, אַז אויך די וועלט־נאַטור מוז זיך יעדע רגע ענדערען, ווען עס איז נור דער געטליכער פערלאַנג צו בעווייזען די מענשען, דעם אינערליכען קראַפט פון די וועלט, אַז אַלץ איז אָבהענגיג פון גאָט'ס וואָרט.

ביז'ן היינטיגען טאָג און אין אַלע דורות, מוז דער יוד רוהען אינ'ם שבת־טאָג, און ער טאָר נישט טהון קיין שום מלאכה.

(ד) פאָטער און מוטער, וועלכע האָבען דעם מענש גע־בוירען, זיי מוז ער עהרען און פאָלגען, דאַמיט פערדינט ער צו לאַנגע לעבענס־טעג.

(ה) די מענשען צווישען זיך מוזען לעבען אין ג ריעדען און געזעצליכקייט: מ'טאָר נישט מאָרדען;

(ו) מ'טאָרנישט פערמישען דאָס פאַמיליען־לעבען

(ז) מ'טאָר נישט גנב'ענען;

(ח) מ'טאָר נישט פאַלש עדות זאָגען;

(ט) מ'טאָר נישט גלוסטען און טראַכטען אַוועקצונעהמען יע־נעמ'ס הויז;

(י) מ'טאָר נישט גלוסטען צו בערויבען יענעמ'ס פרוי, זיין קנעכט און דיענסט, זיין אָקס און פיה, און אין אַלגעמיין יענעמ'ס אייגענטום.



דער מלאך מט"ט איז געווען דער שליח צו דערהויבן משה רבינו אין הימל. ער האָט געהאַט אַ בעפעהל פון גאָט צו פערוואַנדלען דעם גוף פון משה רבינו אין אַ פלאַם פייער.

— איך בין חנוך וואָס האָט זוכה געווען צו ווערען אַ מלאך (זעה אויבען) זאָגט מט"ט צו משה'ן, יעצט איז געקומען דיין רייהע, פון די מענשען וואָס האָבען זוכה געווען צו דער העכסטער מדרגה אין הימל.

ווי משה רבינו קומט אין ערשטען הימעל, זעהט ער די וואַסערען שטעהען שורות-ווייז, און דער הימעל איז פיעל מיט פענסטער, ביי יעדען פענעטער שטעהען מלאכים.

דאָס זענען די פענסטער פון תפילות — ערקלערט מט"ט משה'ן — פענסטער פון געבעט, פענסטער פון געויין, פענסטער פון שמחה, פענסטער פון זעטיגקייט, פענסטער פון הונגער, פענסטער פון אָרימקייט, פענסטער פון רייכקייט, פענסטער פון מלחמה, פענסטער פון שלום, פענסטער פון טראָגען און געבוירען ווערען, פענסטער פון רעגען, פענסטער פון טוי, פענסטער פון זינד, פענסטער פון תשובה, פענסטער פון גרויסקייט, פענסטער פון טויט, פענסטער פון לעבען, פענסטער פון מגפות, פענסטער פון רפואות, פענסטער פון קראַנקהייטען, פענסטער פון געזונד, — דורך אָט די פענסטער ווערען געשיקט און פערנומען פון הימעל, די אַלע זאַכען וואָס זענען דאָ אויסגערעכענט.

דער מלאך מט"ט פיהרט משה'ן איבער אַלע זיבען הימלען, און משה רבינו זעהט אָהן אַ שיעור פון די גרעסטע מלאכים. אַטייל פון זיי פרובען פערפיהרען אַ וכוח מיט משה'ן און ווילען נישט דערלאָזען, ער זאָל אַראָבנידערען די תורה צו די יודען, ווייל די תורה — זאָגען זיי — איז העכער פון די השגה פון די ערדישע מענשען, זיי וועלען נישט דערגרייכען איהר טיעפקייט און הויכקייט. משה רבינו בעווייזט זיי אָבער,

אז די תורה און די מצות זענען אין אזא פארם אוועקגעשטעלט, אז אויך דער פשוטער מענש זאל זיי קענען לערנען און טהון, אויך דער מענש קען דורך די תורה דערהויבען ווערען צו דער העכסטער מדרגה.

**פערציג טאג** איז משה געווען אויפ'ן הימעל, וואו ער איז דערהויבען געווארען, זייט דעם זיעבעטען סיון. אזא צייט האט ער, פערברענגט ביז עס איז פון איהם אראב זיין גאנצער קערפערליכער טייל און ער איז געבליבען בלויז גייסט ווי א מלאך, קיין עסען און טרינקען האט ער אויך מעהר נישט גע־דארפט, זיין השגה האט זיך געשטארקט מדרגות־ווייז, און ערשט צום סוף פון די 40 טעג, האט ער געקענט בעגרייפען די תורה, מיט אלע איהרע סודות, און מ'האט איהם פון הימעל געגעבען צוויי לוחות אויף וועלכע עס זענען געווען אויסגעקריצט די עשרת הדברות, די דאזיגע לוחות זאלען זיין א עדות ביי די יודען פאר'ן מאמענט פון קבלת התורה.

**דאס עגל.** משה רבינו האט פריהער געזאגט די יודען, אז ער וועט זיין אין הימעל פערציג טאג. ווען עס איז געקו־מען דער 16־טער תמוז האבען די יודען אויסגערעכענט אז די 40 טעג האבען זיך שוין געענדיגט, (זיי האבען נישט געוואוסט אז משה רבינו רעכענט 40 מעת־לעת, טאג און נעכט, וועלכע ענדיגען זיך יעצט דעם 17־טען תמוז), זיי רעכענען אויך אז משה וועט שוין מעהר נישט קומען צו די יודען אין געשטאלט פון א מענש, ווייל ער איז דערהויבען געווארען צו די מדרגה ווי א מלאך, ווי: חנוך (זעה אויבען), און אליהו (זעה ווייטער). די יודען האבען דעריבער פערלאנגט א נייעם פערמיטלער צווישען גאט און די יודען אויפ'ן ארט פון משה רבינו און זיי זענען געקומען צו אהרנ'ען, משה רבינו'ס ברודער, ער זאל זיי ארויסהעלפען. (דא האט זיך אויך אריינגעמישט דער שטן וועלכער האט זיי געווי־זען א געשטאלט פון משה רבינו, וועלכער ווערט געטראגען

אין חלל פון דער וועלט — רש"י).

חור, מרים'ס זוהן, האָט זיך געפּרובט געגענשטעלען און אָבּפיהרען די יודען פון זייער פערלאַנג, וועלכער איז אָבּער געוועזען אַזוי שטרענג און קאַטעגאָריש, אַז ער, חור איז גע'הרג'עט געוואָרען, ווייל ער האָט געפּרובט שטערען דעם פערלאַנג פון די יודען. אהרן הכהן האָט עס געזעהען און איבערגערעכנט אַז אין אַ צייט פון איפּרעגונג, ווען ער וועט אויך זיין אַזוי שטרענג ווי חור און קאַטעגאָריש אָבּוואַרפען זייער פערלאַנג, וועט ער אויך גע־הרג'עט ווערען, דאַן וועט זיין ווי די תּורה זאָגט: אַז די יודען הרג'ענען אין איין טאָג זייער כּהן און נביא אויף וואָס עס אַז, שווער צו טהון תּשובה, דעריבּער האָט אהרן בּעשלאָסען צו האַנדלען מיט זיי אין גוטען, פּרובען דורכקומען מיט זיי, חאָטש דאַמיט האָט ער אויף זיך גענומען אַ טייל פון זייערע זינד מיט'ן פערלאַנגען דאָס עגל. ווי משה רבינו צערענט שפּעטער אויף אהרנ'ען (מדרש רבה)

אהרן זוכט פערשיעדענע עצות ווי אָבּצופיהרען די יודען פון דאָס זייעריגע, ווייל אויך צווישען זיי האָבען נישט אַלע גע־האַט אַ גלייכע כּונה. אַטייל פונ'ם ערב־רב, פון די מצרים וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין דער יודישער מחנה, זיי האָ־בּען ווירקליך פערלאַנגט אַ עבודה זרה, אַ געשטאַלט פון אַ בּריאה, וואָס זאָל פערגעטערט ווערען. אַ גרויסער טייל יודען אָבּער, האָבען זיך געלאָזט אָבּנאַרען, און זיי האָבען גערעכענט, אַז אהרן וועט זיי נור שטעלען אַ בּריאה וואָס וועט זיין אַ פערמיטלער צווישען גאָט און די יודען.

אהרן ווייס, אַז צומאָרגענס קומט משה צוריק אין דער מחנה און זיין כּונה איז נאָר געווען, זיי אָבּצושלעפּען אַ טאָג. דעריבּער פאָדערט אהרן מ'זאָל איהם בּרענגען דאָס ציהרונג וואָס די יודישע פרויען טראָגען און אויסגערעכענט האָט ער אויך דערויף, אַז די פרויען וועלען אַזוי שנעל נישט אָבּגעבּען

וייער ציהרונג, וועט זיך דערווייל די זאַך פערשלעפּען. די יודישע פרויען האָבען ווירקליך דאָס ציהרונג נישט געוואָלט געבען, נור די יודען האָבען געברענגט זייער אייגען ציהרונג. גאָלד און זילבער. אהרן נעמט דאָס גאָלד און וואַרפט עס אין פייער. צווישען די מצרים פון ערב־רב, זעזען געווען מכשפים וועלכע האָבען געווירקט מיט כשפים אז פונ׳ם פייער איז אַרויס אַ גאָלדען קאלב. דאָ האָבען די מצרים פון ערב־רב אָנגעהויבען איינרעדען די יודען, אַז אָט דאָס האָט אַ געטליכע קראַפט. אהרן זעהט אַז עס איז שלעכט און ער איז זיך מיישב, אויב זיי וועלען זיך אַליין נעהמען צו דער אַרבייט וועט שנעל אויפגעבויט ווערען אַ מזבח און זיי וועלען שוין דיענען עבודה זרה. ער ערקלערט זיי דעריבער, דאָס ער אליין וועט שטעלען אַ מזבח און מאָרגען ערשט וועט מען מאַכען אַ חג־טאָג. אהרן האָט אַלץ גערעכענט, אַז אַזוי אַרום וועט ער זיי אָבשלעפּען אויף צומאָרגענס, ביז משה רבינו וועט אָנקומען.

דער שטן אָבער, וואָס זוכט כסדר די יודען צו שטרויכלען אין זינד, האָט דאָ געפונען אַ געלעגענהייט; ער וועקט די יודען פריה, זיי זאָלען אויפשטעהן ברענגען קרבנות פאַר׳ן עגל.

אין דער זעלבער צייט, ווערט משה רבינו׳ס לאַגע אין הימעל זעהר שווער. גאָט זאָגט איהם וועגען דער גאַנצער זאַך: די יודען זענען אַ שווער פאָלק, נאָך אַזוי פיעל אָפּענבאַרעניסים זאָלען זיי זיך לאָזען איבעררעדען פונ׳ם ערב רב? און משה דערוויסט זיך, אַז גאָט וויל די יודען בעשטראָפען, זיי זאָלען אומקומען, און פון משה׳ס קינדער זאָל זיך בילדען אַ נייע דור, פון וועלכע עס זאָל ענטשטעהן דאָס יודישע פאלק. משה רבינו נעהמט שטאַרק בעטען פאַר די יודען, ער פערופט זיך אויף די דרייצען מדות מיט וועלכע מען לויבט גאָט׳ס נאָמען; ער האָט רחמנות, סיי אויף צדיקים און סיי אויף רשעים;

צר פעררופט זיך אויך אויפ׳ן זכות פון די אבות: אברהם, יצחק און יעקב, וועלכע האָבען בעקומען די פערזיכערונג פון גאָט, אַז זייערע קינדער וועלען זיין אַ גרויס יודיש פאָלק. צום סוף האָט ער אויסגעפועל׳ט רחמנות אויף יודען.

**שבעה עשר בתמוז** קומט משה אין דער יודישער מחנה מיט די תורה-לוחות אין האַנד. דעם ערשטען בעגעגענט ער, זיין תלמיד יהושע, וועלכער האָט אָבגעוואַרט זיין רבי׳ן. זיי דערנעהנטערן זיך צו דער יודישער מחנה און זעהען דאָס עגל און דעם עבודה-זרה-טאַנץ פון א גרופע יודען אַרום דעם עגל. די לוחות ווערען איהם שווער אין האַנד, די אותיות און דאָס כתב פון די לוחות איז פערשווינדען, און ער לאָזט אַרויס די לוחות-טאָוולען פון זיין האַנד וועלכע ווערען צובראָכען.

משה רבינו נעהמט זיך מבטל זיין די עבודה זרה פון יודען, דאַביי צאָרענט ער אויף אהרנ׳ען פאַרוואָס ער האָט מיט-געהאָלפען צום עגל? אהרן פערענטפערט זיך, אז עס איז נישט זיין שולד, ער האָט נאָר געוואָלט אָבצעגערען, אָבער דאָס עגל איז געמאַכט געוואָרען אָהן איהם. משה רבינו צורייבט דאָס עגל און שטעלט זיך אַוועק ביים עק פון דער מחנה און רופט: ווער עס דיענט עבודה זרה איז פעראורטיילט צום טויט. די בני לוי פערזאַמלען זיך באלד און בעוואָפנען זיך, זיי געהען דורך די גאַנצע יודישע מחנה און הרגענען דעם זעלבען טאָג 3000 מאַן, די וואָס האָבען געדיענט עבודה זרה.

(שבעה עשר בתמוז—פינף גרויסע צרות איז געשעהען דעם יודישען פאָלק אין אָט דעם טאָג: די ערשטע תורה-לוחות זענען צובראָכען געוואָרען; שבעה עשר בתמוז איז אָבגעשטעלט געוואָרען דער קרבן תמיד וואָס יודען פלעגען מקריב זיין אין בית המקדש טאָג טעגליך, פאַר׳ן חורבן בית ראשון האָט דאָס מלכות דאָן אַרויסגעגעבען אַ גזירה אַז מעהר זאָל מען דעם קרבן תמיד נישט מקריב זיין, שבעה עשר בתמוז איז די שטאָדט-

מויער אייגעבראָכען געוואָרען דורך די פיינדליכע חיילות וואָס האָבען בעלאגערט ירושלים ביים חורבן בית שני (ביים חורבן בית ראשון איז די שטאָדט-מויער אויפגעבראָכען געוואָרען דעם 9-טען תמוז); דער היפט-מאַן אפוסטמוס האָט פערברענט די תורה אין שבעה עשר בתמוז; אַ צלם איז אַריינגעשטעלט געוואָרען אין היכל פון בית המקדש דורכ'ן זעלבען אַפוסטמוס אין שבעה עשר בתמוז, וועלכער איז ביז'ן היינטיגען טאָג ביי יודען אַ תענית-טאָג—גמרא תענית).

**פיערציג טאָג,** האָט ווידער משה פערברענגט אין תפילה געטהון, אַז גאָט זאָל די יודען מוחל זיין דעם חטא פון עגל, און ער זאָל זיי ווידער געבען די תורה-לוחות. ער האָט אַזוי לאַנג געבעטען אַז ער פועל'ט אין דעם ערשטען אלול ווערט משה ווידער דערהויבען אין הימעל, וואו ער בעקומט די צווייטע לוחות פאַר יודען. די גאַנצע 40 טאָג האָבען די יודען אַליין אויך תשובה געטהון, געפאַסט און געבעטען גאָט זיי מוחל זיין דעם חטא פון עגל.

**ראש חודש אלול—יום כפור,** דאָס זענען די רחמים-טעג, די פיערציג טאָג וואָס משה רבינו האָט פערברענגט אין הימעל פאַר'ן בעקומען די צווייטע לוחות (ביז'ן היינטיגען טאָג הויבט מען אָן ראש חודש אלול בלאָזען שופר ווייל דאָס זענען די 40 רחמים-טעג ביז יום כיפור).

**דעם צעהנטען תשרי** איז משה רבינו צוריקגעקומען אין דער יודישער מחנה מיט די צווייטע לוחות, מיט דער גאַנצע תורה וואָס ער האָט פערנומען אין הימעל. זיין פנים לויכט פון רוח הקודש, אַז די יודען קענען נישט קוקען אינ'ם פנים פון משה רבינו ביז ער פערדעקט עס. משה רבינו לערענט די תורה מיט די יודען במשך די גאַנצע צייט וואָס זיי זענען געווען אין מדבר (זעה ווייטער) און אַזוי איז געווען דער סדר פון לערנען (עירבון):

משה רבינו איז אַריינגעקומען אין זיין בית־המדרש, צום ערשט קומט אַריין אַהרן און משה לערענט מיט איהם יעדע מצוה וואָס גאָט האָט איהם בעפוילען און ער ערקלערט איהם אויך די בעדייטונג דערפון. נאָכהער זעצט זיך אהרן צו רעכט'ס פון משה'ן און עס קומט אריין אליעזר מיט איתמר'ן, אהרנ'ס זיהן—משה לערענט מיט זיי דאָס זעלבע וואָס פריהער מיט אהרנ'ען, זיי זעצען זיך אויך אַוועק איינער צו לינק'ס פון משה'ן און דער צווייטער צו רעכט'ס פון אהרנ'ען; נאָכהער קומען אַריין די 70 זקנים, די עלטסטע ביי יודען און זיי לערנען אויך פון משה'ן, פונקט ווי פריהער אהרן מיט זיינע קינדער; נאָכהער קומען אַריין אַלע יודען און משה לערענט ווידער אַמאָל פאַר אַלעמען. ביז דאַן אַלזאָ, האָט אהרון 4 מאָל געהערט פון משה'ן די תורה; אהרונ'ס קינדער—3 מאָל די זקנים—2 מאָל און די יודען בלויז 1 מאָל.

משה רבינו געהט אַוועק און אהרן טהוט איבערחזר'ן פאַר אַלע יודען די תורה וואָס ער האָט געלערענט און געהערט פון משה'ן 4 מאָל; אהרן געהט דאַן אויך און אליעזר מיט איתמר'ן טהון איבערחזר'ן פאַר אַלעמען דאָס וואָס זיי האָבען געלערענט; נאָכהער האָבען די זקנים איבערגע'חזר'ט די תורה פאַר אַלע יודען, אַזוי דאָס די יודען האָבען אויך געהערט די תורה 4 מאָל: 1 מאָל פון משה, 1—פון אהרון, 1 פון אלעזר מיט איתמר, און 1 פון די זקנים; די זקנים 2 מאָל פון משה'ן 1 מאָל פון אהרון, און 1 מאָל פון אלעזר מיט אתמר'ן; די לעצטע—זיי האָבען געהערט 3 מאָל פון משה'ן און 1 מאָל פון אהרנען.

נאָכדעם ווי די יודען האָבען געלערענט די תורה אין משה רבינו'ס בית המדרש 4 מאָל, זענען זיי זיך פונאַנדערגעגאַנגען, איינער מיט'ן צווייטען האָט געלערענט און זיך פערטיעפט איז לערנען די תורה, זיי פלעגען אויך אויפשרייבען

אין מגילות, דאָס וואָס זיי האָבן געהערט פון משה רבינו. די מצות האָבן זיי אויפגעשריבן, און די פרושים וואָס זיי האָבן מקבל געווען פון משה, האָבן זיי געלערנט פון אויס־ווייניג.

**ראָש חודש שבט**, דעם פירציגסטען יאָהר פון יציאת מצרים, האָט משה רבינו פערזאַמעלט אַלע יודען און זיי געזאָגט: עס איז געקומען די צייט ווען איך וועל פערלאָזען און אויך די וועלט. ווער עס האָט פון מיר עפּעס געלערענט און פערגעסען קען עס יעצט איבערפרעגען און איך וועל עס איהם ערקלערען. אויך, ווען איינער האָט עפּעס צו פרעגען וועל איך אַלעמען ענטפערען.

דאָ האָבען די יודען איבערגעחזרט פון משה רבינו, זיין קלאָרשטעלונג פון די הלכות און האָבען אויך געלערענט די ער־קלערונג און בעדייטונג פון יעדען ענין. דאָס האָט געדויערט פון ראש חודש שבט ביז'ן זיבעטען אדר, פאַר משה רבינו'ס פּטירה. דאַן האָט משה רבינו אויך געשריעבען אויף פאַרמיט דרייצעהן ספרי תורות, אין יעדער די גאַנצע תורה אָנהויבענדיג פון דער בית פון בראשית ביז די למד פון לעיני כל ישראל (בבא בתרא) און ער האָט געגעבען יעדען שבט איין ספר תורה, און די דרייצענטע ספר תורה האָט ער געגעבען די לוים (רמב"ם).

(דריי מדרגות זענען פאַרהאַן ביים ערלערנען די תורה וועלכע איז געגעבען געוואָרען אין אַ פאָרם, דאָס די מענשען, אין זייער ערדישען געשטאַלט זאָלען איהר לערנען און בעגרייפען. פּונקט ווי מיר זעהען דעם מענש וואָס בעשטעהט פון דריי טיילען: אַ גוף אַ לבוש, וואָס אויפ'ן גוף און א נשמה וואָס אינ'ם גוף, אַזוי אויך די תורה. דער דורכשניטליכער יוד בעגרייפט דאָס פּשטות פון דער תורה, וואָס איז ווי אַ לבוש צום

גוף; די לוים אין לומדים, זיי האָבען ערלערענט די בעדייטונג פון דער תורה, אין די געצעהלטע מענשען וואָסער לערנען די סודות התורה.

**תורה שבכתב,** משה רבינו האָט אויפגעשריבען די גאַנצע תורה, ווי ער האָט זי געהערט פון גאָט'ס מויל, אויך די ערטער וואו עס רעדט זיך וועגען איהם אַליין, האָט ער עס געשריבען ווי אַ דריטער מענש, ווי אַ סופר וואָס שרייבט איבער אַ ספר תורה. אַלע הלכות און די סודות פון דער תורה, דער סוד פון די גאַנצע בריאה, דער גאַנצער גאַנג פון די וועלט, אַלץ האָט משה ערלערענט און עס געלערענט מיט די יודען. אַ טייל נאָר וואָס ער האָט געשריבען אין דער ספר תורה, דייטליך אָדער אין אַ רמז, אַטייל אָבער, האָט ער געלערענט פון אויסענווענינ און עס איבערגעגעבען בקבלה, אַ דור נאָך אַ דור, וועלכע לערנען עס מיט די תלמידים.

די תורה שבכתב, אַחוץ וואָס מיר לערנען איהר, אין דעם זינען ווי זי איז געשריבען פאר'ן דורכשניטליכען יוד, ער זאָל קענען פערשטעהן די תורה און וויסען צו היטען די מצות. האָבען מיר בקבלה, אַז די גאַנצע תורה, ווערט דורך איהרע אותיות צוזאַמענגעשטעלט אויך אויף אַנדערע אופנים; אַזעלכע וואָס זענען נישט פערשטענדליך, נאָר פאַר מענשען מיט העכערע השגות און בעגריפען, אַ חוץ וואָס מען רופט צירופים און גמטריאות, אויך די תגין אין דער ספר תורה, דאָס אַלץ זעגען נור בעוואוסט די געצעהלטע מענשען וואָס זענען דערצו זוכה. די תורה איז אַלזאָ געגעבען געוואָרען בכתב, ווי מיר זעהען זי געשריבען און בקבלה, די אַלע רמזים און סודות פון דער תורה (רמב"ן).

**תרי"ג מצות.** די תורה שבכתב ענטהאַלט 613 מצות: 248 מצות עשה, פליכטען וואָס דער יוד דאַרף זיי טהון און 365 לא תעשה'ס, דאָס וואָס דער יוד דאַרף נישט טהון. דאָס זענען מצות ספעציעל פאַר יודען, די איבעריגע פעלקער ווען זיי ווערען אונטערטעניג יודען, קען מען פון זיי פערלאַנגען

העניסטענס, זיי זאָלען היטען די 7 מצות וואָס זענען געגעבען געוואָרען צו די בני נח (זעה אויבען).

די דערמאָנטע מצות נעהמען אַרום דאָס גאַנצע יודישע לעבען, סיי אין בעצוג פון איין מענש צום צווייטען, סיי אין בעצוג פונ׳ם יחיד צום כלל, סיי אין בעצוג פון די פליכטען פונ׳ם מענש וואָס ער האָט צו דערהויבען זיינע מעשים וואָס זענען בעשטימט לויט׳ן העכערען צוועק פונ׳ם מענש׳ס אויפגאַבע (מצות שבין אדם למקום).

**נביאים,** יהושע, שופטים, שמואל, מלכים, ירמיה, יחזקאל ישעיה און תרי עשר—אַזוי איז דער סדר פון די ספרי נביאים, וועלכע זענען געשריבען געוואָרען לויט די נביאה וואָס האָט זיך בעוויזען צו יעדען פון די דערמאָנטע נביאים;

**כתובים,** רות, תהלים, איוב, משלי, קהלת, שיר השירים, איכה, דניאל, אסתר. עזרא און דברי הימים — אַזוי איז דער סדר פון כתובים, וועלכע זענען אייך געשריבען מיט רוח הקודש, יעדעס דורך אַ נביא וואָס האָט דעם ספר געשריבען.

יהושע בן נון האָט געשריבען דעם ספר יהושע; שמואל הנביא — די ספרים: שמואל, שופטים און רות; דוד — דעם ספר תהלים; ירמיה — די ספרים: ירמיה, מלכים און איכה; חזקיהו — די ספרים: ישעיה, משלי, שיר השירים און קהלת; די אנשי כנסת הגדולה — די ספרים: יחזקאל, תרי עשר, דניאל און אסתר; עזרא—די ספרים: עזרא און דברי הימים ביז זיין יחוס, פערענדיגט איז דברי הימים געוואָרען דורך נחמיה בן חכליה (בבא בתרא).

**אַכט און פיערציג נביאים און זיעבען נביאות** זענען געווען ביי יודען, וואָס זייערע נבואה־רייד זענען פערשריבען געוואָרען, ווייל עס האָט געהאַט אַ בעדייטונג פאַר שפּעטערע דורות. די איבעריגע נביאים האָט יעדער זיינע רייד געזאָגט בלויז פאַר זיין דור, וואָס עס איז נישט פערשריבען געוואָרען. די 48 נביאים זענען: א) אוריהו, ב) אחיהו, ג) איתן, ד) אליהו,

ה) אליעזר, ו) אלישע, ז) אלקנה, ח) אמוץ, ט) אסף י. י״א י״ב) קרח׳ס דריי זיהן, י״ג) ברוך, י״ר) גד, ט״ו) דוד, ט״ז) דניאל י״ז) הושע, י״ח) הימן, י״ט) זכריה, כ) זכריה בן יהוידע, כ״א) חבקוק, כ״ב) חגי, כ״ג) חנניא, כ״ד) ידותין, כ״ה) יהוא, כ״ו) יהושע כ״ז) יואל, כ״ח) יונה, כ״ט) יחזיאל, ל) יחזקאל, ל״א) ירמיהו, ל״ב) ישעיהו, ל״ג) מיכה המרשתי, ל״ד) מיכיהו בן ימלה, ל״ה) מלאכי, ל״ו) מרדכי, ל״ז) נחום, ל״ח) נתן, ל״ט) עבדיה, מ) עדד, מ״א) עדו, מ״ב) עזריה, מ״ג) עמוס, מ״ר) פנחס, מ״ה) צפניה, מ״ו) שמואל, מ״ז) שמעיה, מ״ח) שריה.

א) שרה, ב) מרים, ג) דבורה, ד) חנה, ה) אביגיל, ו) חלדה, ז) אסתר.

(די צייט ווען אָט די אַלע האָבען געלעבט און געווירקט — געפונט זיך יעדער ביי זיין תקופה. אחוץ די אויבענדערמאָנטע איז אין יעדען דור געווען ביי יודען נביאים, וואָס זייערע רייד זענען אָבער נישט געשריבען געוואָרען.)

**דאס כתב און לשון פון דער תורה,** איז געגעבען געוואָרען צו משה רבינו מיט די זעלבע אותיות וואָס מיר האָבען איהר היינט. מען רופט עס כתב אשורית, ווייל די יודען האָבען עס געבראַכט פון לאַנד אַשור, וואו עס איז געווען בקבלה און מ׳האָט עס געהאַלטען פאַר אַ ספּעציעל הייליגע שריפט (שלשלת הקבלה). מען רופט עס אויך אשורית, ווייל דאָס כתב איז געוואָרען „בעשטעטיגט" (בעדייטונג פון „אשור"), אַז מיט אָט די שפּראַך ווערט געגעבען די תורה (תוספות סנהדרין). דער המון אָבער האָט זיך בענוצט אין זייער שפּראַך, מיט אַנדערע אותיות וואָס מ׳האָט גערופען עברית, און אויך די תורה וואָס יעדער פאַר זיך האָט געשריבען, איז נור געווען ערלויבט צו שרייבען מיט עברית און נישט מיט אשורית וועלכע איז געווען אַ ספּעציעל הייליגע שפּראַך. ערשט אין עזרא׳ס צייט, נאָך גלות בבל האָט מען ערלויבט צו שרייבען די תורה אין די אותיות

זוי זי איז געגעבען געוואָרען, אין אשורית, בכדי די תורה זאָל נישט פערגעסען ווערען (שלשלת הקבלה).

פון אדם הראשון ביז'ן דור הפלגה, איז געווען די אויס־שפראַך פון אַלע מענשען לשון הקודש, שפעטער איז עס געבליבען ביי אברהם אבינו מיט זיינע קינדער (בעל הטורים).

די תורה שבעל פה וואָס משה רבינו האָט געלערענט פון אויסווענדיג און נישט אויפגעשריעבען, דאָס אַלץ איז איבער־געגאַנגען בקבלה פון דור צו דור, יעדער עלטסטער ביי יודען לערענט עס צו זיין נאָכפאָלגער: משה צו יהושע בן נון; יהושען צו די זקנים אין זיין דור, וועלכע האָבען געלעבט אַ לאַנגע, צייט נאָך יהושע'ן; די זקנים, צו די נביאים; די נביאים האָ־בען געלערענט איינער ביים צווייטען און עס איז נישט געווען קיין צייט, וואָס מ'האָט זיך נישט פערטיעפט אין די תורה און ענט־דעקט נייע ענינים. אַלע אָבער האָבען זיך געשטעלט אויפ'ן עיקר פרינציפ און זיי האָבען ערלערענט פון פרי־הערדיגען דור, ביז עס איז געקומען די צייט פון די אנשי כנסת הגדולה (זעה ווייטער): חגי, זכריה, מלאכי, דניאל, חנניה מישאל, עזרא, נחמיה בן חכליה, מרדכי, זרובבל בן שאלתיאל און צוזאַמען מיט זיי, די 120 עלטערע לייט פון די חשובסטע חכמים.

די אנשי כנסת הגדולה, וועלכע זענען אויך געווען ביים גלות בבל, פון זיי האָט איבערגענומען און געלערענט שמעון הצדיק וועלכער איז געווען אויך אַ לאַנגע צייט כהן גדול, פאר'ן בית שני (זעה ווייטער). ביי איהם האָט איבערגענומען די קבלה—אנטיגנוס; נאַכהער — יוסי בן יועזר און יוסי בן יוחנן איש ירושלים; פון זיי האָט איבערגענומען—יהושע בן פרחיה און נתאי הארבלי וועלכע גיעבען איבער יהודה בן טבאי און שמעון בן שטח; ווייטער געהט איבער די קבלה צו שמעיה ואבטליון, שפעטער צו שמאי והלל.

פון די געהט איבער די קבלה צו רבי יוחנן בן זכאי, רבי אליעזר ורבי יהושע ורבי גמליאל ורבי אליעזר בן ערך ורבי יוסי הכהן ורבי שמעון בן נתנאל.

פון זיי געהט איבער די קבלה צו רבי עקיבא ורבי אלעזר בן עזריה ורבי טרפון ורבי שמעון בן גמליאל.

פון זיי געהט איבער די קבלה צו רבי מאיר ורבי יהודה ורבי יוסי ורבי שמעון ורבי יהודה הנשיא, וועמען מען רופט רבינו הקדוש אָדער סתם רבי. אַלע דורות פון משה רבינו ביז רבי, קיינער האָט נישט אויפגעשריעבען קיין ספר אין תורה שבעל פה וואָס מען זאָל עס לערנען פון אינווייניג מיט א רבים יודען, ווייל די ווערטער וואָס זענען איבערגעגעבען געוואָרען צו משה רבינו בעל פה זענען נישט געווען ערלויבט צו לערנען פון א ספר (גטין). די חכמים האָבען זיך נור מסדר געווען, יעדער זיין משנה, וואָס זיי האָבען געלערענט יעדער אין זיין ישיבה, און די משניות האָבען זיך גערופען אויפ'ן נאָמען פון די ראשי ישיבות. די תלמידים, זיי האָבען זיך אָבער פערשריעבען, יעדער פאַר זיין אייגען געברויך, צו געדענקען די הלכות וואָס יעדער הערט פון זיין רבי'ן, אָבער לערנען מיט תלמידים האָט מען געמוזט פון אויסווענינג. אַזוי האָט זיך עס געפיהרט ביז רבי'ן, וועלכער איז געווען דער לעצטער פון די דורות וואָס האָבען געלערענט משניות פון אויסוועניג.

**משניות.** רבי איז געווען אין זיין צייט פון די גרעסטע יודען אין חכמה און אין גדולה (זעה ווייטער) ער איז געווען גאַנץ רייך און געהאַט די מעגליכקייט צו פערזאַמלען אַלע גרעסטע לומדים און אַלע פערוואָרפענע משניות'ן, זיי צוזאַמענגעשטעלט און מסדר געווען ווי מען האָט געהאַט בקבלה—איין משניות—דאָס וואָס מיר האָבען ביז'ן היינטיגען טאָג. ער האָט געזעהן דאָס די צרות אויף יודען פערגרעסערען זיך פון טאָג צו טאָג, צוליעב וועלכען עס איז זיי שווער צו געדענקען און לערנען פון אויס-

ווענינ; רבי האָט עס געטהון, כדי די תורה זאָל נישט פערגע־
סען ווערען פון יודען, און ער האָט ערלויבט צו שרייבען
משניות'ן און לערנען זיי פון א ספר.

(אין די פריהערדיגע צייטען, זענען געוועזען א סך מעהר
משניות און מעהר סדרים; ביז 600—700 סדרי משניות זענען פרי־
הער געוועזען (חגיגה). אָבער נאָך די נביאים, האָט דער רוח
הקודש ביי יידען אָנגעהויבען צו ווערען ווייניגער און ווייניגער
און א סך משניות זענען אויך פערגעסען געוואָרען).

**גמרא.** די משניות זענען אויך געשטעלט געוואָ־
רען בקיצור, אזוי אז א סך ברייתות זענען שפּעטער געשטעלט
געוואָרען אויף משנה (זעה ווייטער) וועלכע אָבער מען האָט
נור געלערענט פון אויסווענינ, פונקט ווי די משניות פאַר
רבי. די משניות האָט מען געלערענט אין אַלע ישיבות פון
בבל און ארץ ישראל, די ווייטערע הלכות זענען נסדר געוואָ־
רען דורך פערשיעדענע אמוראים. א שטייגער רב, האָט מסדר
געווען דעם ספרי און ספרא; רבי חייא—די תוספתא א. א. וו.
און אזוי האָט מען געלערענט ביז 400 יאָהר נאָכ'ן חורבן בית
שני, ווען עס איז געקומען רב אשי וועלכער איז געווען פון
די גרעסטע מענשען אין זיין צייט מיט חכמה וגדולה, און ער
האָט געזעהן אַז אין זיין צייט ווערט דאָס גלות שטאַרקער און
די יודען ווערען וואָס אַמאָהל מעהר אונטערדריקט צווישען
פרעמדע פעלקער, די תלמידים האָבען אויך נישט די מעגליכקייט
אַלע זיך צונויפזאַמלען אין די גרויסע ישיבות, האָט ער צוזאַמען
מיט רבינא און נאָך די ראשי ישיבות פון זיין דור, זיי האָבען
צוזאַמענגענומען אַלע מימרות, הלכות, דקדוקים און מדרשות,
זיי האָבען עס אויך לויט דער קבלה וואָס זיי האָבען געהאַט
א דור נאָך א דור ביז משה רבינו, פעסטגעשטעלט און מסדר
געווען דעם תלמוד בבלי, וועלכער ווערט געלערענט און איז
הייליג ביי אַלע יודען ביז'ן היינטיגען טאָג.

תלמוד ירושלמי, איז שפעטער געשלאָסען געוואָרען אין א״י (זעה ווייטער). נאָך חתימת התלמוד, האָבען די גאונים און תלמודי חכמים פון יעדען דור, מחבר געווען זייערע ספרים לויט זייערע שיטות אין לערנען און די קבלה וואָס זיי האָבען געהאַט פון די רבי׳ס (זעה ווייטער).

---

# דאס משכן.

## (ב. תמ״ט — ב. תתקכ״ח)

נאָך קבלת התורה, האָבען די יודען זוכה געווען צו השראת השכינה — אין דער יודישער מחנה ווערט בעשטימט אַ אָרט וואָס איז געהייליגט און געאייגנעט אויפצונעהמען דעם גרעסטען חלק פון דער געטליכקייט אין דער בריאה (רמב״ן), פונקט ווי ביי אַ מענש וואָס זיין לעבענס־קראַפט ווערכער קומט פון די נשמה, געפונט זיך עס אין אַ טייל אברים מעהר ווי אין אַנדערע, און דער גרעסטער טייל חיות ליגט אינ׳ם האַרץ, אַזוי אויך די וועלט־בריאה, וואָס בעשטעהט אינגאַנצען פון גאָט׳ס וואָרט און קראַפט, ווערט אָבער אָט דאָס בעזונדער׳ס בעמערקט אין בע־שטימטע פלעצער, און דאַצו איז אויך בעשטימט געוואָרען דאָס משכן אין דער יודישער מחנה און שפעטער דאָס בית המקדש אין ירושלים (אבן עזרא). די איינצעלהייטען אָבער פון משכן, ווי ער איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען און דאָס בית המקדש — די בעדייטונג דערפון איז נור בעקאַנט די מענשען מיט אַ העכערען פערשטאַנד, וועלכע קענען בעגרייפען די סודות, וואָס זענען אָנגעמערקט געוואָרען צו משה רבינו ביי מתן תורה (רמב״ן).

אויפ'ן באַרג סיני, האָט משה רבינו בעקומען די אָנווייזונגען פון גאָט, ער זאָל מאַכען דעם משכן, לויט'ן געשטאַלט פונ'ם משכן וואָס געפינט זיך אין הימעל. משה רבינו ווערט דערשראָקען פון אַזאַ בעפעהל: ווי קען מען עס אַזעלכעס אויפשטעלען אויף דער ערד? גאָט בערוהיגט איהם, אַז נור די צורה פון משכן דאַרף זיין גלייך מיט'ן הימלישען משכן, די מאָס און פאָרם אָבער, ווערט בעשטימט לויט דער מעגליכקייט פון די יודען (פסיקתא). די אַרבייטען פון משכן, ווערען אויסגעפיהרט דורך בצלאל בן אורי בן חור (מרים'ס זוהן), בצלאל וויים די צירופי אותיות ווי זיי זענען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען ביי בריאת עולם (מדרש).

יום הכפור צו מנחה, ווען משה רבינו איז געקומען אין דער יודישער מחנה מיט די צווייטע לוחות (זעה אויבען) האָט ער גלאַלד איבערגעגעבען גאָט'ס בעפעהל וועגען שטעלען דעם משכן, און צומאָרגענס דעם עלפטען תשרי, האָט ער גענוי צו־קלערט ווי די אַרבייט פאַר'ן משכן דאַרף דורכגעפיהרט ווערען (סד"ע). דעם 28-טען כסליו, ווערט פערטיגט די אַרבייט, דאָך איז ער אויפגעשטעלט געוואָרען ערשט ראש חודש ניסן, דעם חודש וואָס יצחק אבינו איז געבוירען געוואָרען (ילקוט חדש). דעם 23־טען אדר נעהמט משה רבינו שטעלען דעם משכן, יעדען טאָג האָט ער איהם אויפגעשטעלט און צוריק פונאַנדערגענומען. ערשט ראש חודש ניסן איז דער משכן געבליבען שטעהן. די דאָזיגע 7 טאָג רופען זיך: שבעת ימי המלואים, ווען משה רבינו האָט אַליין געטהון אין משכן, די עבודות וואָס האָבען שפּעטער געהערט צו די כהנים. ערשט ראש חודש ניסן, נעהמען איבער די כהנים, אהרן מיט זיינע קינדער, די עבודות אין משכן און ביים ברענגען די קרבנות (זעה ווייטער).

479 יאָהר איז געשטאַנען דאָס משכן, ביז שלמה המלך האָט גענומען בויען דאַס בית המקדש (זעה ווייטער): 39 יאָהר,

האָס מען דאָס משכן איבערגעטראָגען פון אָרט צו אָרט, איך דער מדבר וואו די יודען האָבען גערוהט (זעה וויטער); 14 יאָהר איז דאָס משכן געשטאַנען אין גלגל וואו מ'האָט עס אויפגעשטעלט זייט די יודען זענען געקומען קיין ארץ ישראל ביז צום סוף ווען זיי האָבען פערטיילט דאָס לאַנד צווישען די שבטים (זבחים); פון דאָרט האָט מען דאָס משכן איבערגעטראָגען קיין שילה, וואו מ'האָט געמאַכט אַ שטיינערנע מויער און מיט יריעות פון אויסווענינ—369 יאָהר איז דאָס משכן געשטאַנען אין שילה; אין יאָהר 2471 ווען עס שטאַרבט עלי הכהן (זעה וויטער) ווערט דאָס משכן איבערגעטראָגען קיין נוב און דאָרט בלייבט עס 13 יאָהר; אין יאָהר 2484 ווערט נוב חרוב (זעה וויטער) און דאָס משכן ווערט אויפגעשטעלט אין גבעון, וואו עס געפונט זיך 44 יאָהר, ביז'ן 4-טען יאָהר פונ'ם קעניגען פון שלמה המלך, ווען ער נעהמט דאַן בויען דאָס בית המקדש (זבחים קי"ח).

**נדבות צום משכן,** האָט מען גענומען נור ביי יודען וואָס האָבען עס געגעבען מיט'ן אייגענעם ווילען און מ'האָט קיינעם נישט געצוואונגען. אויך האָט מען נור גענומען די זאַכען וואָס פון זיי איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען דאָס משכן און אַלע כלים, אָבער נישט קיין שום ווערט-זאַך וואָס האָט געקענט פערקויפט אָדער פערטוישט ווערען; 15 מינים, האָט מען גענומען צום משכן, צווישען וועלכע עס האָט זיך נישט געפונען קיין איין זאַך פון אַ דבר טמא. דריי תרומות זענען בעשטימט געוואָרען: א) צום משכן, וואָס יעדער האָט געקענט געבען וואָס זיין האַרץ גלוסט מעהר אָדער ווייניגער—אָהן אַ בעשטימטען סכום; ב) תרומת שקלים—וואָס יעדער יוד האָט געמוזט געבען אַ האַלבען שקל, אָרים און רייך האָט עס געמוזט געבען און אַזוי אַרום האָט מען איבערגעצעהלט די יודען (די דאָזיגע תרומה האָבען יודען געגעבען, ווען משה רבינו האָט געוואָלט נאָכ'ן עגל אויפנעהמען די צאָהל יודען, נאָכדעם ווי ער האָט

פון זייער צאָהל געהאַט אויפגענומען ביים אַרויסגעהן פון מצרים. ער האָט געוואָלט וויסען וויפיעל יודען עס זענען אומגעקומען ביי דער מגפה פון עגל), פון אָט די שקלים, האָט מען געמאַכט די זילבער־שוועלען צום משכן; ג) דאָס דריטע מאָהל האָט מען די יודען געצעהלט דורך האלבע שקלים, דעם ערשטען אייר אויפ׳ן צווייטען יאָהר נאָך יציאת מצרים, ווען דאָס משכן איז אויפגעשטעלט געוואָרען. די שקלים זענען פערוועגדעט געוואָרען אויף צו נעהמען קרבנות פאַר׳ן צבור. ביי דער דריטער צעהלונג, האָט דערגרייכט די צאָהל יודען־מענער עלטער פון 20 יאָהר — 603.550 מאַן.




דאָס משכן, איז אויפגעשטעלט געוואָרען ווי אַ געביידע צוזאַמענגעשטעלט פון ברעטער אויס טענענ-האָלץ (עצי שטים — יעקב אבינו האָט געזעהען דורך רוח הקודש, אז די יודען וועלען דאַרפען שטעלען דאָס משכן אין דער מדבר, האָט ער מיטגענומען קיין מצרים, די ברעטער פון טענענ-האָלץ, וועלכע די יודען האָבען מיט זיך געפיהרט בעת זיי זענען אַרויס פון מצרים, אָט פון די ברעטער האָט מען עס געשטעלט דעם משכן—מדרש). אויף די צוזאַמענגעשטעלטע ברעטער האָט מען אויסגעשפרייט ספעציעל געוועבטע יריעות, וועלכע האָבען געדיענט אַלס צו-דעק פאר׳ן אָפענעם הלל, און גלייכצייטיג האָבען זיי פערדעקט

די ווענד וואָס זענען געווען פון ברעטער. אַרום די געביידע פון משכן איז געווען אַ גרויסער הויף — 100 איילען לאַנג פון צפון צו דרום און 50 איילען ברייט פון מזרח צו מערב. דער חצר המשכן איז געווען אַרומגענומען מיט פאָרהאַנגען, 5 איילען הויך, וועלכע האָבען געהאָנגען אויף די זיילען וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אַרום די גרענעצען פון חצר המשכן, יעדע 5 איילען איז געשטאַנען אַ זייל פון טענען־האָלץ איינגעפאַסט אין אַ קיפּערנעם שוועל.

אויף מערב זייט פון חצר זענען געשטאַנען 10 אַזעלכע זיילען און די פאָרהאַנגען זענען געגאַנגען פון זייל צו זייל יעדע פאָרהאַנג האָט געהאַלטען 5 איילען און איז געווען מיט העקעלעך ביי די עקען, אַז מען זאָל זיי אָנהענגען. אין די זיילען אויך ביי די זוימען זענען זיי פערהעקעלט, אַז דער ווינד זאָל זיי נישט אויפהויבען, אויפ'ן זעלבען אופן האָבען די פאָרהאַנגען געהאָנגען פון צפון און דרום זייט. צו מזרח זייט אָבער, זע־נען נור געשטאַנען 6 אַזעלכע זיילען; דריי אין צפון-מזרח זייט, און דריי אין דרום־מזרח־זייט, פון ביידע זייטען זענען גע־ווען צו דריי פאָרהאַנגען 5 איילען ברייט, אַזוי אַז 30 איילען זענען געווען פערהאָנגען און אין דער מיט איז געבליבען אָפען 20 איילען, דאָס האָט געדיענט פאַר'ן ארייננאַנג. פאַר אָט דעם ארייננאַנג, איז געווען אַ ספּעציעלע פאָרהאַנג וואָס האָט געהאָנ־גען אויף 4 זיילען.

דאָס משכן איז געשטאַנען אין חצר און האָט געהאַט 30 איילען לאַנג, 10 איילען ברייט און 10 איילען הויך, אַזוי אַז דער חצר האָט אַרומגענומען דעם משכן פון צפון, מערב און דרום־זייט צו צוואַנציג איילען פון יעדע זייט, ביים ארייגגאַנג און פאַר'ן משכן צו מזרח־זייט איז דער חצר געווען 50 איילען.

ווען משה רבינו האָט אויפגעשטעלט דאָס משכן, האָט ער צום ערשט אוועקגעלייגט זילבערנע שוועלען צו 40 אויף דרום־אין

צפון-זייט, 16 אויף מערב זייט און 4 אויף מזרח זייט—צוזאמען 100 זילבערנע שוועלן. אין די דאָזיגע שוועלן זענען איינגע-פּאַסט געוואָרען די ברעטער, אויפגעשטעלטערהייד, יעדעס ברעט אין 2 שוועלן. די לענג פון יעדען ברעט איז געווען 10 איילען, וואָס עס איז געווען די הויך פון משכּן; די ברייט פון יעדען ברעט, 1 מיט א האַלבע אייל. יעדעס ברעט האָט גע-האַט ביים עק צוויי צאַפּענס, וועלכע זענען איינגעפּאַסט געוואָ-רען אין די שוועלן. צו 20 ברעטער זענען געווען פון צפון און דרום-זייט (20 x 1½ = 30), 6 ברעטער צו מערב זייט (6 x 1½ = 9), 2 ברעטער זענען געשטעלט געוואָרען אין די ווינקלען (2 x 1½ = 3)—צוויי איילען צו פערדעקען די קאַנט פון די ברעטער וועלכע האָבען געבילדעט די וואַנד פון צפון און דרום-זייט, און 1 אייל צו ערגענצען די 10 איילען ברייט פון משכּן. די ברעטער זענען געווען אַ אייל דיק, אזוי אז דאָס משכּן פון מערב זייט האָט געהאַט 12 איילען פון אויסענווייניג, האָטש פון אינווייניג, איז עס נור געווען 10 איילען פון צפון צו דרום. אין יעדען ברעט זענען געווען איינגעפּאַסט 2 גאָלדענע רינגען, איינס אין דער הויך און איינס נידעריג. אין אָט די רינגען, זענען אריינגעקומען ריגלען וואָס האָבען צוזאַמענגעהאַלטען די אויפגעשטעלטע ברעטער אלס וואַנד. אין יעדער וואַנד זענען געווען 4 אַזעלכע ריגלען, צוויי אין דער הויך און צוויי אונטען, יעדער ריגעל, האָט צוזאַמענגעהאַלטען אַ האַלבע וואַנד. אחוץ דעם איז געווען א מיטעלסטער ריגעל וואָס איז דורכגעגאַנגען די גאַנצע וואַנד און איז דורכגעריקט געווען אין א ספּעציעלען חלל, וואָס איז געמאַכט געוואָרען צו דעם צוועק, אויסגעהוילט אין די ברע-טער זעלבסט.

די שוועלען זענען געווען פון זילבער, און א אייל הויך יעדע שוועל, די ברעטער זענען געווען בעדעקט מיט גאָלד.

די ערשטע יריעות וואָס האַבען פערדעקט דעם משכּן זענען גע-

וען 10, יעדע יריעה האָט געהאַט 28 איילען לאַנג און 4 איי־
לען ברייט און יעדע 5 יריעות זענען צוזאַמענגענייט געוואָרע־
ביי די קאַנטען, אזוי אז יעדער טייל פון יריעות האָט געהאַט 28
איילען אויף 20 איילען. ביי די קאַנטען פוןביידע טיילען זענען
בעזונדער געווען צו 50 העקעלעך, וועלכע זענען אזוי אַרום ביים
אויפשטעלען דאָס משכן בעהעפט געוואָרען אין איין גרויסע יריעה
וועלכע האָט געהאַט 28 איילען ברייט און 40 איילען לאַנג. אז
מ'האָט ארויפגעלעגט די יריעות אין דער ברייט אויף די ברייט
פון משכן, האָט דער חלל אין דער היך, וואו די יריעות האָבען
געדיענט אַלס דאַך, פערנומען 10 איילען, זענען נאָך געבליבען
אַראָבהענגען אויף די זייטען צו פערדעקען די ברעטער—9 איילען
פון יעדער זייט. די לענג פון די יריעות 40 איילען, זענען
אויפ'ן זעלבען אויפן געווען איבער די לענג פון משכן. 30 איי־
לען איבער'ן חלל, און אין מערב־זייט 10 איילען אויף דער
וואַנד.

א צווייטער קאָמפּלעט יריעות איז געמאַכט געוואָרען
(יריעות עזים) וואָס האָבען געהאַט די לענג צו 30 איילען און
4 איילען ברייט. אזעלכע יריעות זענען געווען 11 און אויך
אין 2 טייל: איינע 5 און די צווייטע פון 6 יריעות וועלכע
זענען געווען צוזאַמענגענייט ביי די קאַנטען. די ביידע טיילען
זענען ווידער געוואָרען בעהעפט דורך העקעלעך (קופּערנע)
אַזוי אַז זיי האָבען געבילדעט איין גרויסע יריעה פון 30 איי־
לען ברייט און 44 איילען לאַנג. אַז מ'האָט אויסגעשפּרייט אָט
די יריעות, האָבען זיי דערגרייכט אויף די וואַנד פון צפון און
דרום, צו 10 איילען אויף יעדע זייט, מיט אַ אייל לענגער ווי
די ערשטע יריעות. ווידער די לענג פון די יריעות, האָבען
פערנומען 40 איילען פונקט ווי די ערשטע יריעות, און די איבע־
ריגע 4 איילען האָבען 2 איילען פערדעקט די זיילען איבער די
טהיר אויף מזרח־זייט, און 2 איילען האָבען זיך נאָכגעשלעפּט

לענגער פון דער וואַנד אויף מערב-זייט.

בכדי צו בעשיצען אויפ׳ן פאַל פון רעגען, זענען געווען ספּע-ציעלע יריעות פון פעל (עורות תחשים) וואָס האָט געדיענט, אַלס שוץ-דאַך פון אויבען.

**דאָס קדשי קדשים,** איז געווען 10 איילען אויף 10 איילען צו מערב זייט פון משכן, און אַ פאָרהאַנג (פּרוכת) האָט אָבגעטיילט דאָס קדשי קדשים פון משכן, און האָט געהאָנגען אויף 4 זיילען פון טענענ-האָלץ בעדעקט מיט גאָלד, וועלכע זע-נען געווען איינגעפּאַסט אין 4 זילבערנע שוועלען. אינוועניג אין קדשי קדשים האָבען זיך געפינען דער ארון מיט די צוויי כרובים. דאָרט איז געווען דער הייליגסטער פּלאַץ אין משכן, אַז נור דער כהן גדול אין יום הכפור האָט געקענט אַריינקומען, אַ אַנדערש מאָל האָט קיין שום מענש נישט געקענט קומען. דער כהן גדול, האָט זיך געמוזט דאַן דערהויבען צו די העכס-טע מדרגה, און ער האָט אויך געמוזט זוכען אַ סך זכותים, ער זאָל קאָנען אַריינקומען און ארויסגעהן בשלום. אין די שפּע-טערע צייטען, ווען נישט אַלע כהנים גדולים זענען געשטאַנען אויף דער העכסטער מדרגה, האָט אַ סך מאָל געטראָפען אַז דער כהן גדול האָט נישט אויסגעלעבט דאָס יאָהר. ווען דער כהן גדול איז אַריין אין קדשי קדשים, האָט קיין שום מענש, אַפילו די חשוב׳סטע כהנים, נישט געקענט בלייבען זאָגאַר פון יענער זייט משכן, נור אַלע האָבען געמוזט פערלאָזען דאָס משכן, און שפּעטער דאָס בית המקדש.

**דער ארון,** וואָס איז געווען אין קדשי קדשים, איז גע-מאַכט געוואָרען פון טענענ-האָלץ, בעדעקט פון אינווענדיג און אויסווענדיג מיט גאָלד (דריי קאסטענס האָט בצלאל געמאַכט, איינעם פון טענענ-האָלץ און צוויי פון גאָלד. דעם הילצערנעם האָט מען אַריינגעגעבען אין אַ גאָלדענעם און שפּעטער אַ גאָל-דענעם אינ׳ם הילצערנעם, אַזוי אַז דער ארון איז געווען פון

אינוועניג און פון אויסוועניג מיט גאָלד — יומא). $2\frac{1}{2}$ איילען לאַנג $1\frac{1}{2}$ איילען ברייט און $1\frac{1}{2}$ איילען הויך, אַזוי איז געווען די מאָס פון ארון. 4 גאָלדענע רינגען זענען געווען ביי אַלע 4 עקען פון ארון, אין וועלכע עס זענען געווען צוויי שטאַנגען פון טענענ-האָלץ בעדעקט מיט גאָלד — מיט אָט די שטאַנגען האָט מען איבערגעטראָגען דעם ארון פון איין אָרט צום צווייטען ווען מ׳האָט דאָס משכן איבערגעשטעלט. אינוועניג אין ארון זענען געווען די לוחות וואָס משה רבינו האָט געבראַכט די יודען פון הימעל אויפגעשריבען די עשרת הדברות. א צווייטער ארון איז געווען, אין וועלכען עס זענען געלעגען די צובראָכע־נע ערשטע לוחות (סוטה — זעה אויבען) דער ערשטער ארון איז שטענדיג געווען אין אהל־מועד, און דעם צווייטען ארון האָבען די יודען געפיהרט מיט זיך אין מלחמות (שקלים).

אויפ׳ן ארון איז געווען א צו-דעק פון גאָלד, אַ מענשען־פויסט די דיק און אויף דער צו־דעק איז געווען אַ געשטאַלט פון צוויי כרובים, דאָס איז אַ צורה פון העכערע מלאכים וואָס האָבען נישט קיין בעשטימטע פאָרם, נאָר מען זעהט זיי אַמאָל אין אזא, אמאָל אין אַ אַנדער געשטאַלט (בראשית רבה). ווען משה רבינו פלעגט קומען אין אהל־מועד, האָט ער געהערט דאָס קול פון הימעל וואָס איז געקומען דורך די כרובים (ספרי).

ווען די יודישע מחנה פלעגט ציהען אין דער מדבר פון איין רוה־פונקט אינ׳ם צווייטען, האָבען די לוים פון די בני קהת (זעה ווייטער) פאַראויס געטראָגען אויף די אַקסלען דעם ארון ביי די שטאַנגען. דריי מאָל נור, האָבען די כהנים געטראָגען דעם ארון: 1) ווען די יודען זענען אריבער דעם ירדן און דאָס וואַסער איז צוריקגעגאַנגען (זעה ווייטער) 2) ווען מ׳איז מיט׳ן ארון אַרומגעגאַנגען דאָס פעסטונג יריחו (אין יהושיע׳ס צייטען — זעה ווייטער) און 3) ווען מ׳האָט דעם ארון אריינגעשטעלט אין בית המקדש, נאָכדעם ווי ער איז אויפגעבויט געוואָרען אין שלמה המלך׳ס צייטען (זעה ווייטער).


מִזְבַּח הָעוֹלָה


כֹּהֵן


מִזְבַּח הַקְּטֹרֶת

אינ'ם היכל פון בית המקדש, האָט דער ארון זיך געפונען ביז אין די צייטען פון יאשיהו המלך (ג. רפ"ה—שט"ז) וועלכער האָט געזעהען בנבואה, אַז דאָס בית המקדש וועט חרוב ווערען און אויף זיין בעפעהל, איז דער ארון בעהאַלטען געוואָרען אין אַ ספּעציעלע הייל צוזאַמען מיט די כלי המקדש וואָס זענען נישט געווען אין בית שני (ירושלמי שקלים). אויפ'ן אָרט פון אָרון איז אין בית המקדש שני געווען דער אבן שתיה, אויף וועלכען דער כהן גדול האָט אין יום כיפור אַרויפגעשטעלט די מחתה מיט קטורת (יומא).

ביים אויפבויען דאָס ערשטע בית המקדש דורך שלמה המלך, איז פאַרבעהאַלטען געוואָרען דאָס משכן. דער אהל מועד מיט אַלע איינריכטונגען, אין ספּעציעלע היילען אונטער'ן היכל (סוטה).

משה רבינו האָט בעקומען אויפ'ן בארג סיני אַ ספּעציעלע מגילה ווי דאָס בית המקדש אין א"י זאָל געשטעלט ווערען. פון משה איז אָט די מגילה איבערגעגאַנגען צו יהושע'ן, צו די זקנים, צו די נביאים וועלכע האָבען עס איבערגעגעבען צו דוד המלך און ער האָט עס איבערגעגעבען זיין זוהן שלמה המלך וועלכער האָט געבויט דאָס בית המקדש (מדרש שמואל).

די כלי שרת וואָס זענען געווען אין משכן און שפּעטער אין בית המקדש. צווישען זיי האָבען זיך געפונען דער שלחן, די מזבחות, צנצנת המן, אַ קריגעל מיט שמן המשחה, די מנורה און איהרע כלים, דער כיור א. א. די דאָזיגע כלים זענען פון משכן איבערגעגאַנגען אין בית המקדש, וועלכע זענען אָבער שפּעטער טיילווייז בעהאַלטען געוואָרען און זענען מעהר אין בית שני נישט געווען. נבוזראדן, וועלכער האָט נאָכ'ן ערשטען חורבן בית המק"ש פערטריבען די יודען אין גלות בבל, האָט ער אַהין געפיהרט אויך די כלי המקדש. דער בעקאַנטער כורש, דער מלך פון פרס, וועלכער האָט ערלויבט די יודען

צוריק צו געהן קיין א״י און אויפבויען דאָס בית המקדש, פר האָט זיי אויך אַרויסגעגעבען די איבערגעבליבענע כלי בית המקדש, וועלכע זענען שפּעטער פערנומען געוואָרען ביים צווייטען חורבן דורך טיטוס׳ן וואָס האָט די כלי בית המקדש געפיהרט קיין רוים.

די כהונה. אהרן, דער ברודער פון משה רבינו, און זיינע קינדער אויך אַלע שפּעטערע דורות, זענען אויסדערוועהלט געוואָרען און בעשטימט צו זיין כהנים, וועלכע דאַרפען אויספיהרען די עבודות (דיענסטען) אין משכן און שפּעטער אין בית המקדש. אהרן אליין ווערט בעשטימט אַלס כהן-גדול, און נאָך איהם זאָל אַלע מאָל איינער פון די עלטסטע און חשוב׳סטע כהנים, פערנעהמען דעם אמט פון כהן-גדול אין יעדען דור, לויט דער בעשטימונג פון די סנהדרין (זעה ווייטער).

די כהנים האָבען געהאט א ספּעציעלע קליידונג אין וועלכע זיי האָבען געטהון די עבודה. א געוועהנליכער כהן טראָגט 4 קליידער: א) א הזמד, ב) הויזען, ג) א הוט, ד) א גאַרטעל, (אין דער זעלבער קליידונג געהט דער כהן גדול יום כיפור אין קדשי קדשים). פאַר׳ן כהן-גדול ווערט צוגעגעבען נאָך 4 קליידער: ה) א אויבער העמד, ו) אפוד, ז) חשן, ח) ציץ (די קליידער זענען געמאַכט געוואָרען לויט די ספּעציעלע בעשטימונגען). זיי, די כהנים, האָבען אויך ספּעציעלע פאָרשריפטען אין לעבען לויט דער תורה, ווי זיי דאַרפען זיך פיהרען, אין אונטערשיעד פון אַלע אַנדערע יודען. זיי בעקומען אויך פון די יודען, די אַזוי בעשטימטע מתנות כהונה, פון וועלכען זיי זענען זיך מפרנס, און זיי זענען פריי, זיך צו פערנעהמען בלויז מיט די געטליכע עבודות׳ן. אַחוץ, דעם זענען די יודען בעפוילען אָבצוגעבען די כהנים א בעזונדערען כבוד, וואָס זאָל אַרויסשטעלען זייער הייליגקייט פאַר צלעמען.

די כהנים ווערען אויך בעשטימט צו זיין די שלוחים פון די יודען צו ברענגען זייערע קרבנות אויפ׳ן מזבח, אָנשטאָט

וואָס פריהער האָבען די בכורים אויפגעבראַכט די קרבנות, דאָס האָבען די כהנים בעקומען אַ פערגיטיגונג, נאָכדעם ווי דער שבט לוי האָט זיך אַרויסגעוויזען אַזוי שטייף און צוגעבונדען צו דער געטליכער אמונה, אין דאָס לעצטע האָבען זיי בעוויזען ביים עגל, ווען קיין איינער פון זיי האָט זיך נישט טועה געווען אינ׳ם עגל.

**די לוים.** אַ חוץ אהרן מיט זיינע קינדער, וועלכע ווע-רען אויסגעטיילט אַלס כהנים, ווערט דער גאַנצער שבט לוי בעשטימט, נאָך די כהנים, צו האָבען די אויפזיכט און אויס-פיהרען אַלע געטליכע עבודות׳ן אין יודענטום, ביים משכן און אין בית המקדש. זיי בעקומען נישט קיין נחלה אין א״י, נור אַ בעשטימטען „מעשר״ וואָס אַלע יודען געבען פאַר די לוים, וועלכע זענען זיך דערפון מפרנס, און בלייבען פריי צו קענען ערפילען זייער אויפגאַבע. די לויים ווערען אויך נישט געצעהלט צווישען די יודען, נור גאַנץ בעזונדער. ביי דער ערשטער צעהלונג זענען דאָ העכער 22 טויזענד לויים, וועלכע בילדען דריי הויפט-משפחות: א) די בני גרשום — 7500; ב) די בני קהת — 8600 און ג) די בני מררי — 6200. די לוים ווערען ווידער געצעהלט לויט די יאָהרען פון 30 ביז 50 אין דער צייט וואָס זיי קענען טהון די עבודות אַרום דעם משכן און בית המקדש: א) די בני קהת — 2750; ב) די בני גרשון — 2630 און ג) די בני מררי — 3200.

**אורים ותומים.** דער כהן גדול האָט געטראָגען אויפ׳ן הארץ דעם אורים ותומים, דאָס איז אַ אויפשריפט פון שם המפורש וועלכער איז געלעגען אינווענינג אינ׳ם חשן, וואָס דער כהן גדול האָט געטראָגען אויף זיינע מלבושים. דאָס איז אַ סוד וועלכער איז געגעבען געוואָרען צו משה רבינו פון הימעל, נאָך וועלכען ער האָט געמאַכט דעם אורים ותומים (רמב״ן). דער אורים ותומים האָט געגעבען אַ ענטפער, ווען

מ'האָט אָנגעפרעגט ביי די יודען, צי זיי זאָלען גיין אין אַ מלחמה און נאָך אַזעלכע פראַגען. דאָס פרעגען א? פאָרגעקומען לויט אָט דעם סדר: דער פרעגער שטעהט מיט'ן פנים צום כהן גדול וועלכער טראָגט דעם אורים ותומים און דער כהן גדול שטעהט מיט'ן פנים צו מערב (צום אָרט פון השראת השכינה); דער פרעגער זאָגט מיט'ן מויל זיין פראַגע און אויב'ן כהן גדול ריהט דער רוח הקודש, אַזוי אַז אַ טייל אותיות וואָס האָבען זיך געפונען אויפ'ן חשן האָבען אָנגעהויבען בלישטשען און זיך אויסגעשטעלט אין ווערטער פון וועלכע מ'האָט אַרויס־געלייענט אַ ענטפער אויף די געשטעלטע פראַגע (יומא). אויפ'ן חשן האָבען זיך געפונען אַלע אותיות פון אלף בית, ווייל דאָרט האָבען זיך אַלע מאָל געפונען אָט די אויפשריפטען:

אברהם, יצחק, יעקב; ראובן, שמעון, לוי; יהודה, דן, נפתלי; גד, אשר, יששכר; זבולון, יוסף, בנימין—שבטי ישראל.

משה רבנו אליין האט דעם אורים ותומים נישט בעדאַרפט נוצען, נאָר יהושע ערשט, האָט אָנגעהויבען פרעגען אין אורים ותומים ביי אַלע זאַכען, אלעזר'ן, אהרונ'ס זוהן, וועלכער איז געווען כהן גדול פאַר יהושע'ן. דאָס פערטיילען א"י לויט די גרענעצען פאַר יעדען שבט, איז פאָרגעקומען נאָכ'ן פרעגען אין אורים ותומים, און אזוי שטענדיג פרעגט מען נור אין אורים ותומים ביי א כהן גדול וואָס האָט רוח־הקודש און פאַר א מלך, נביא, בית הדין הגדול אָדער אַנדערען וואָס דער ציבור נויטיגט זיך אין איהם (יומא).

נאָכ'ן חורבן פון ערשטען בית המקדש, איז דער אורים ותומים מעהר נישט געווען און עס האָט זיך אָבגעשטעלט די נבואה, נאָך חגי זכריה און מלאכי. (דער אורים ותומים איז אויך פערבעהאַלטען געוואָרען פאַר'ן חורבן, צוזאַמען מיט'ן ארון און די אַנדערע כלי המקדש — זעה אויבען).

קרבנות וואס די יודען האָבען געבראַכט, איז געווען

דאָס וואָס דער מענש האָט זיך דערנענטערט צו גאָט. דער דריטער טייל פון תורת משה, איז ספּעציעל געווידמעט די דינים פון קרבנות און ווערט גערופען: תורת כהנים, אין ווע כען עס ווערען אָנגעוויזען גענוי אַלע איינצעלהייטען פון די קרבנות.

פאַר'ן חורבן בית שני, האָבען די אנשי כנסת הגדולה שוין אָנגעהויבען איינפיהרען דאָס תפילה טהון אויפ'ן אָרט פון אַ קרבן (ברכות י"ז). דאָס זעלבע האָט גאָט געזאָגט צו אברהם אבינו, אז ווען דאָס בית המקדש וועט נישט זיין, וועלען די יודען קענען לערנען דעם סדר הקרבנות וואָס עס וועט פאַר זיי גילטען ווי אַ קרבן. אין אַ עהנליכען זין געפונען מיר אין פיעל ערטער, וועגען די זאַכען וואָס קענען פאר דעם מענש ווירקען, אַנשטאָט די קרבנות, וואָס מען קען נישט ברענגען ווען דאָס בית המקדש איז חרוב.

**די משמורת'ן ארום משכן** זענען געווען לויט אָט דעם סדר: צו מזרח זייט, האָבען געוואוינט משה מיט אהרנ'ען און זיינע קינדער די כהנים; צו דרום-זייט — די בני קהת וועל־כע זענען געווען געזעצט איבער'ן ארון, שלחן, מזבחות, מנורה, די כלי הקדש און דער מסך (במדבר ג׳); צו מערב זייט — די בני גרשון וועלכע זענען געווען געזעצט איבער אַלע כלי המשכן און די יריעות; צו צפון זייט — די בני מררי וועל־כע זענען געווען געזעצט איבער די העקלעך, די ברעטער און ריגלען, די זיילען און שוועלען פון משכן.

משה רבינו האָט איינגעטיילט די כהנים אין 8 משמורת'ן יעדע זאָל האָבען איהר צייט ווען זיי מוזען זיין שטענדיג, גרייט צו דער עבודה: 4 משמורת'ן פון אלעזר הכהנ'ס קינדער אין 4 משמורת'ן פון איתמר'ס קינדער; שמואל הנביא האָט עס שפּעטער אָרגאַניזירט די כהנים אין 16 משמורת'ן, און דוד המלך אין 24 משמורת'ן (תענית כ"ז).

**מעמדות.** צוזאַמען מיט די משמורת'ן, זענען אויך אָר־גאַניזירט געוואָרען מעמדות פון לוים און ישראלים, וועלכע האָבען יעדע אין דער בעשטימטער צייט געמוזט קומען צום אָרט פון משכן און מקדש, בייצוּוואוינען די עבודות וואָס זענען דאָרט אויסגעפיהרט געוואָרען.

**דעם ערשטען ניסן,** (ב.תמ"ט), אויפ'ן צווייטען יאָהר נאָך יציאת מצרים, דאָס איז געווען אין אַ זונטאָג (ס"ע), האָט משה רבינו גערופען אהרו'נ'ען מיט זיינע קינדער: נדב, אביהו, אלעזר און איתמר, און ער האָט פאַר זיי מסדר געווען די דינים פון קרבנות און די איבריגע עבודות אין משכן, וואָס די כהנים נעהמען איבער אָט דעם טאָג. דעם זעלבען טאָג, האָבען אָנ־געהויבען ברענגען קרבנות, די נשיאים, יעדער נשיא האָט פאַר זיין שבט געברענגט אַ קרבן, דער צווייטער נשיא אויף צומאָר־גענס, דער דריטער נשיא אויף איבערמאָרגען, און אַזוי האָט געדויערט 12 טאָג, ביז די נשיאים פון אַלע שבטים האָבען געברענגט קרבנות יעדער אין אַ בעזונדער טאָג. דעם זעלבען טאָג, איז פערבאָטען געוואָרען דאָס ברענגען אַ קרבן חוץ אין משכן. דעם זעלבען טאָג איז אַראָב פייער פון הימעל אויפ'ן מזבח. אויף די קרבנות, און דאָס פייער איז קיינמאָל נישט אַוועק ביז פאַר'ן חורבן (ביים צווייטען בית המקדש איז נישט אַראָב קיין פייער פון הימעל, און דאָס איז איינס פון די זאַכען וואָס האָבען געפעהלט ביים בית שני). דעם זעלבען טאָג, זע־נען נדב ואביהו געשטאָרבען, ווייל זיי האָבען געפרובט ברענגען קרבנות אויף פרעמד פייער, נישט פונ'ם פייער וואָס איז אַראָב פון הימעל אויפ'ן מזבח.

אויף צומאָרגענס דעם צווייטען ניסן, האָט אלעזר הכהן פערברענט די פרה־אדומה, וואָס פון איהר אַש נעמט מען מטהר צו זיין די טמאי מתים. דעם 14־טען טאָג, ברענגען די יודען דעם קרבן פסח—דאָס איז געווען דער איינציגער קרבן פסח

װאָס די יודען האָבען געברענגט אין דער מדבר, ווייל די גאַנצע צייט, האָט נישט געבלאָזען קיין צפון-ווינט און עס איז געוועזען אַ סכנה מל צו זיין די ניי-געבוירענע קינדער, און אַזוי איז דער דין ביים קרבן פסח, אַז מ׳האָט אונגע׳מל׳טע קינדער קען מען דעם קרבן פסח נישט ברענגען; ערשט דעם ערשטען פסח ווען יהושע פיהרט אַריבער די יודען איבער׳ן ירדן קיין ארץ ישראל (זעה ווייטער) ווען זיי שטעלען זיך אָב אין גלגל, דאָרט האָבען אַלע מל געוועזען זייערע קינדער און ברענגען דעם קרבן פסח.

אין דער זעלבער צייט בעפעהלט גאָט צו משה׳ן אַז אויב אַ טייל יודען זענען טמא און קענען דעם קרבן פסח נישט ברענגען אין זיין צייט, קענען זיי ברענגען אַ קרבן פסח שני דעם 14-טען אייר, וועלכער האָט די זעלבע דינים וואָס דער פסח ראשון. און טאַקי דאָס זעלבע יאָהר דעם 14-טען אייר ברענגען אַ טייל יודען דעם צוועטען, קרבן פסח שני.

דעם ערשטען אייר בעקומט משה אַ בעפעהל אויפצונעהמען די צאָהל יודען און דעם 20-טען אייר, האָט די יודישע מחנה געריהרט פון אָרט, און איז אַוועק פון דער מדבר סיני, וואו זיי האָבען גערוהט אַ יאָהר אָהן 10 טאָג, פון ראש חודש סיון ב.תמ״ח ביז׳ן 20 אייר אויפ׳ן צווייטען יאָהר



# דער דור המדבר

## (ב. תמ"ח - ב. תפ"ה)



### די מרגלים

פיערציג יאָהר, האָט די יודישע מחנה זיך אויפגעהאַלטען אויפ'ן וועג פון מצרים ביז זיי האָבען פערנומען דאָס לאַנד ארץ ישראל. דאָס איז געשעהען צוליעב דעם, וואָס זיי האָבען זיך נישט דערהאַלטען ביי דער מדרגה צו גלויבען, אַז פונקט ווי עס זענען געשעהען די גרעסטע וואונדער זייט יציאת מצרים און שפּעטער, אזוי וועט קיין שום שוועריגקייט נישט אָבהאַלטען דאָס אַריינפיהרען די יודען קיין ארץ ישראל, אַלס זייער היים-לאַנד. די יודען האָבען זיך אָבער פיעל מאָל אָבגעשטעלט און נעזוכט איינצופּאַסען זייער לעבענס-וועג אינ'ם נאַטור-גאַנג פון דער וועלט און לענדער, מענשען און פעלקער — דערפאַר האָט זיי אויסגעזעהען ווי אונמעגליך דאָס פערנעהמען ארץ ישראל, וואָס איז דאַן געווען אונטער דער הערשאַפט פון די כנען-קעניגטומ'ס, וועלכע האָבען זיך גערעכענט צו די שטאַרקסטע און אונבעשטרייטבארסטע פעלקער. די יודען אַלזאָ, האָבען זיך נישט אַלע מאָל געוואָלט פערלאָזען, אויף משה רבינו'ס פיהרונג, וועלכע איז שריט ביי שריט געווען נאָך די געטליכע אָנווייזונגען, און זיי האָבען אַרויסגעשיקט מענשען-שפּיאָנען, אויסצוזעהן דאָס לאַנד. די

דאָזיגע שפּיאָנען (מרגלים) האָבען געברענגט א זעהר שיוערען גרוס, אז מיט אייגענע מענשליכע כּוחות וועט מען עס נישט קע-נען פערנעהמען (זעה ווייטער) אין רעזולטאַט דערפון, איז ארויס דער בעפעהל פון גאָט וואָס בעשטראָפט דעם גאַנצען דור, אז זיי וועלען טאַקי נישט זוכה זיין צו נסים ביים פער-נעהמען ארץ ישראל נור ערשט זייערע קינדער. דאָס צווייטע דור, אַזעלכע וואָס זענען נישט אלט געוועזען קיין פולע צוואַנציג יאָהר (מינדער-יעהריגע) בעת'ן ארויסגעהן פון מצרים, זיי וועלען עס אויסוואַקסען און בילדען דאָס דור וואָס וועט קענען ארייג-קומען און זיך בעזעצען אינ'ם יודישען היים-לאַנד. דאָס געגענ-ווירטיגע דור אָבער, זיי וועלען דאָ זיך אויפהאַלטען אין דער מדבר 40 יאָהר זייט'ן פערלאָזען מצרים, ביז זיי וועלען אַלע אויסשטאַרבען.

אופ'ן צווייטען יאָהר, נאָך יציאת מצרים, דעם 20-טען אייר איז די יודישע מחנה אַוועק פון מדבר סיני (זעה אויבען), און זענען געקומען קיין קברות התאוה, וואו זיי זענען געבלי-בען ביז 30 טאָג — 20 סיון (דער וועג פון מדבר סיני ביז קברות התאוה האָט געדויערט 3 טעג — תענית כ"ט). קברות התאוה איז אויך געוועזען אין מדבר פארן. אין חצרות זענען זיי געבליבען 7 טעג — 27-טען סיון. דעם 28-טען סיון זענען זיי אָנגעקומען קיין רתמה, פון וואַנען זיי האָבען אויף צו מאָרגענס דעם 29-טען סיון געשיקט מרגלים, אויסזעהן דאָס לאַנד ארץ ישראל (זעה ווייטער). צום סוף פון 40 טעג, ערב תשעה באב זענען די מרגלים צוריקגעקומען און אויף צו מאָרגענס, תשעה באב, איז אַרויס די גזירה אויפ'ן דור המדבר, אַז זיי וועלען נישט אַריינקומען אין ארץ ישראל (זעה ווייטער). נאָך די גע-שיכטע פון די מרגלים, איז געוועזען די מחלוקה פון קרח'ס קאָמפּאַניע אויף משה רבינו (זעה ווייטער). ניינצעהן יאָהר האָבען זיי פערברענגט אין די ערטער פון רתמה ביז קדש און נייג-

צעהן יאָהר זענען זיי פערבליבען אין קדש. די לעצטע נסיעות פון הר ההר ביז דער גרעניץ פון ארץ ישראל, האָבען זיי דורכגעמאַכט שוין אויפ'ן פערציגסטען יאָהר פון יציאת מצרים (סדר עולם רבא).

**די רוה־פונקטען,** וואו די יודען האָבען זיך אָבגעשטעלט אויפ'ן וועג פון מצרים קיין א"י, זענען: א) סוכות, ב) איתם (ביים עק מדבר), ג) מגדול ד) מרה (דאָס איז דער ערשטער רוה־פונקט נאָכדעם ווי די יודען זענען אריבער דעם ים), ה) אילים, ו) ביים באָרטען פון ים־סוף, ז) מדבר־סין, ח) דפקה, ט) אלוש, י) רפידים, י"א) מדבר-סיני, י"ב) קברות התאוה, י"ג) חצרות, י"ד) רתמה, (מדבר פארן), ט"ו) רמון־פרץ, ט"ז) לבנה, י"ז) ריסה, י"ח) קהלתה, י"ט) הר־שפר, כ) חרדה, כ"א) מקהלות, כ"ב) תחת, כ"ג) תרח, כ"ד) מתקה, כ"ה) חשמונה, כ"ו) מוסרות, כ"ז) בני יעקן, כ"ח) חור־הגדגד, כ"ט) יטבתה, ל) עברונה, ל"א) עציון-גבר, ל"ב) מדבר־צין (קדש), ל"ג) הר־ההר, ל"ד) צלמונה, ל"ה) פינון, ל"ו) אובות, ל"ז) עיי העברים (ביי דער גרענעץ פון מואב), ל"ח) דיבון־גד. ל"ט) עלמון דבלתימה, מ) הרי העברים (ביים באַרג נבו), מ"א) ערבות מואב (ביים ירדן יריחו) מ"ב) ערבות השטים.

**צוויי זילבערנע טראמייטען,** זענען געווען צו געבען די בעשטימטע צייכענס, ווען די יודען אָדער בלויז די עלטסטע דאַרפען זיך פערזאַמלען און ווערען גערופען צו משה רבינו, אָדער זיי דאַרפען זיך גרייטען אין ווייטערען וועג אַריין. אַז מ'האָט געבלאָזען פוןביידע טראָמייטען, האָבען זיך אַלע יודען בעדאַרפט פערזאַמלען פאַר'ן אהל מועד. ווען מ'האָט געבלאָזען פון איין טראָמייט, האָבען זיך פערזאַמעלט בלויז די עלטסטע.

ווען עס איז געקומען די צייט, אַז די יודישע מחנה זאָל ריהרען פון אָרט, האָט מען געבלאָזען אַ תקיעה, תרועה,

תקיעה — דאן האָט געריהרט פון אָרט די מחנה וואָס האָט גערוהט אויף מזרח־זייט פון משכן (דגל מחנה יהודה מיט די שבטים יהודה, יששכר און זבולון). דערווייל זענען די כהנים אריין אין משכן, האָבען פונאַנדערגענומען דאָס פרוכת צווישען קדשי קדשים און אהל מועד, און האָבען דאַמיט פערדעקט דעם ארון.

דאָס צווייטע מאָל נאָכ'ן בלאָזען אַ תקיעה, תרועה, תקיעה — האָט געריהרט פון אָרט די מחנה וואָס רוהט צו דרום־זייט פון משכן (דגל מחנה ראובן מיט די שבטים ראובן, שמעון און גד). דערווייל זענען אריין די לויים, די בני גרשון, און בני מררי (זעה אויבען), האָבען פונאַנדערגענומען דאָס משכן, און האָבען אַלץ אַרויפגעלעגט אויף וועגען, וועלכע זענען געפיהרט געוואָרען ביז צום אָרט, וואו דאָס משכן איז ווי־דער אויפגעשטעלט; זיי האָבען עס געמאַכט אַזוי שנעל, פאַר'ן אָנקומען פון די לוים, די בני קהת, וועלכע האָבען געטראָגען די הייליגע זאַכען, דעם ארון א. א. (זעה אויבען), אַזוי אַז די בני קהת זענען אָנגעקומען און גלייך אַלץ אַריינגעשטעלט אויף זייערע בעשטימטע ערטער אין משכן, וואָס איז שוין געווען אויפגעשטעלט (די בני קהת, האָבען אַלץ געטראָגען אויף די אַקסלען, און זענען דעריבער געגאַנגען לאַנגזאַמער, ווי די בני גרשון און בני מררי).

דאָס דריטע מאָל, האָט מען געבלאָזען אַ תקיעה, תרועה, תקיעה, און עס האָט געריהרט פון אָרט די מחנה וואָס האָט גערוהט צו מערב־זייט פון משכן (דגל מחנה אפרים מיט די שבטים, אפרים, מנשה און בנימין). צום לעצט האָט געריהרט פון אָרט די מחנה וואָס האָט גערוהט אויף צפון־זייט פון משכן (דגל מחנה דן מיט די שבטים דן, אשר און נפתלי) — ברייתא דמלאכת המשכן).

קברות התאוה, איז געווען דער פּלאַץ וואו מ'האָט בע־גראָבען די וואָס זענען געפאַלען אין דער מגפה ביים חטא פון

שליו (זעה וויטער). דער טייל פון פאָלק, וואָס האָבען געשטאַמט פון די מצרים, וועלכע האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין דער יודי־שער מחנה, ביי זייער אַרויסגעהן פון מצרים, דער אַזוי גערו־פענער ערב רב, זיי האָבען אַלע מאָל געזוכט טענ׳ת אַרויסצורופען אונצופר־עדענהייטען צווישען יודישען פאָלק אויף דער הנהגה. צווישען אַנדערע האָבען זיי אַרויסגעשטעלט א טענה, אַז זיי ווילען פלייש און קענען זיך נישט בעגנוגענען בלויז מיט׳ן מן. משה רבינו האָט זיך דערשראָקען, פוו וואנען וועט ער נעהמען פלייש אין דער מדבר פאר אַזאַ גרויסע מאַסע? גאָט האָט איהם אָבער בערוהיגט, אַז ער וועט זיי שיקען פלייש אויף אַ וואונדער־ליכען אופן, עס וועלען יעדען אָוועגד קומען צופליהען גאַנצע מחנות פייגעל (שליו). עס וועט אָבער לאַנג נישט דויערען, ביז אַ חורש צייט, נאָך וועלכען עס וועלען פאַלען די יעניגע וואָס זוכען כסדר צו קומען מיט טענות געגען דער געטליכער הנהגה. צו־ליעב׳ן גרויסען בית הקברות וואָס די יודען האָבען דאָרט אי־בערגעלאָזט, ווערט דאָס אָרט גערופען קברות התאוה.

**זיעבעציג זקנים.** דאָרט אין קברות התאוה האָט משה רבינו אויך בעקומען אַ בעפעהל, אויסצוּוועהלען פון צווישען די יודען, 70 פון די עלטסטע לייט, אַזעלכע וואָס זענען איהם בעקאנט, אַז זיי זענען ראוי צו זיין נביאים. די דאָזיגע זקנים זאָלען צוזאַמען מיט משה רבינו זיך שטעלען פאַר׳ן אהל־מועד, וואו עס וועט אויף זיי רוהען די נביאה, און זיי וועלען אויף זיך שפעטער טראָגען אַ טייל פון די פליכטען וואָס משה רבינו האָט צו טהון פאַר דער פיהרונג פון יודישען פאָלק.

משה רבינו האָט אויסגעקליבען צו 6 מאַן פון יעדען שבט, אזוי אַז צוזאמען זענען זיי געווען 72 מאַן (12 x 6 = 72). נאָכהער האָט ער גענומען 72 קאַרטען, אויף 70 איז געווען דער אויפשריפט „זקן" און 2 זענען געווען לעדיגע. יעדער פון די 72 מאַן האָבען אַרויסגעצויגען פון גורל, אַ קאַרט, און די 2

וואָס עס איז זיי אָנגעקומען די לײדיגע קאַרטען די זענען אַרויסגעפאַלען פונ׳ם קאָמפּלעט פון די 70 זקנים (סנהדרין י״ז). פון אָט די זקנים, האָט זיך עס געצויגען ווייטער אין יעדען דור, דאָס בעשטימען און וועהלען סנהדרין (זעה ווייטער).

**אלדד און מידד**— אַזוי האָבען געהייסען די 2 וואָס זענען אַרויסגעפאַלען פונ׳ם קאָמפּלעט זקנים אין משה רבינו׳ס צייטען. דעם ע־שטען טאָג האָט אויך אויף זיי גערוהט דער רוח נבואה (ספ״י) און זיי האָבען אָנגעהויבען זאָגען נבואה איבער אַלע פיהרער וואָס וועלען זיין פון משה רבינו ביז משיח וועט קומען אין די צייטען פון מלחמת גוג ומגוג. זיי האָבען שוין דאַן געזאָגט נבואות, אַז משה רבינו וועט נישט אַריינפיהרען די יודען אין א״י, נור יהושע וועט זיין דער פיהרער פון יודען נאָכ׳ן טויט פון משה רבינו. יהושע האָט געהערט די נבואה און ער איז געלאָפען צו משה רבינו זיך קלאָגען אויף אלדד ומידד, אַז מען דאַרף זיי פערשפּארען ערגעץ אין תפיסה, ווייל זיי זאָגען זיכער פאַלשע נבואה, אָדער—משה רבינו זאָל ביי זיי אַוועקנעהמען דעם רוח נבואה. אויב זיי זאָגען אמת. (רמב״ן). משה רבינו האָט אבער יהושע׳ן בערוהיגט, און איהם אויך געלערנט, אַז ער דאַרף זיך נישט אָננעהמען די קנאה פון משה רבינו, נור מען דאַרף זיין צופריעדען, וואָס מעהר נביאים עס וועלען ביי יודען זיין.

**חצרות**—דאָרט האָבען די יודען זיך אויפגעהאַלטען ביז משה רבינו׳ס שוועסטער, מרים איז אויסגעהיילט געוואָרען, נאָך די שטראָף וואָס זי האָט בעקומען פאַר רעדען אויף משה רבינו. מרים מיט אהרונ׳ען זענען דאַן נישט איינשטימיג געווען מיט משה רבינו, וועלכער האָט זיך אין גאַנצען אָבגעזונדערט פון מענשען, פון זיין פאַמיליע און פון אַלע אַרומיגע. זיי, אהרן מיט מרים זענען אויך געווען נביאים, און זיי האָבען דאָך נישט אינגאַנצען בעגרייפט משה רבינו׳ס גרויסקייט. פלוצלונג איז געקומען די

נבואה פון גאָט צו אהר׳ן מיט מרים׳ן, און זיי בעקומען א בע־
פעהל ארויסצוגעהן פון דער מחנה, זיי האָבען זיך דערשראָקען
אין דאָ זאָגט זיי גאָט: פאַרוואָס האָט איהר נישט קיין מורא
צו רעדען אויף משה׳ן, וועלכער איז צו יעדער צייט גרייט צו
פערנעהמען די נבואה, דאָס וואָס קיינער האָט נישט דערגרייכט צו
אזא מדרגה, און דעריבער איז ער אויך אַ אויסנאַהם צווישען
אַלע מענשען.

מרים איז אויפ׳ן אָרט בעשטראָפט געוואָרען, און אהרן
פערלאַנגט פון משה רבינו, ער זאָל בעטען פאַר זייער שוועס־
טער מרים. ערשט נאָך 7 טאָג, ווערט מרים אינגאַנצען צוריק־
געשטעלט ווי פריהער, און די יודען פערלאָזען חצרות.

**די מרגלים.** משה רבינו האָט גערעכענט צו שיקען עטליכע
מענשען, וועלכע זאָלען אויסזעהן די וועגען וואָס פיהרען אין
לאַנד כנען (ארץ ישראל), פון וועלכע זייט עס איז לייכטער צו
פערנעהמען. וויסענדיג אָבער, אַז די מרגלים וועלען זיך דער־
שרעקען פאַר די גבורות פון די כנענים און זיי וועלען אָנ־
ווארפען אַ מורא, די יודען, אַז עס איז אוממעגליך צו בעזיעגען
אַזעלכע שטאַרקע פעלקער, איז געווען דער בעפעהל פון גאָט,
אַז משה רבינו זאָל אויסוועהלען 12 מאַן, פון יעדען שבט איי־
נעם, פון די אָנגעזעהענסטע מענשען. און אַזוי זענען זיי אַוועק
12 מאַן, דעם צווייטען טאָג, ווען זיי זענען אָנגעקומען אין
רתמה (מדבר פארן) — דעם 2 אב, און זיי זענען געווען אין
וועג 40 טעג (די זעלבע צאָהל יאָהרען וואָס די יודען האָבען
געמוזט בלייבען אין דער מדבר פאר׳ן חטא פון די מרגלים).
ווען די מרגלים זענען צוריקגעקומען און געוויזען די יודען, די
פרוכטען וואָס זיי האָבען געברענגט פון ארץ ישראל וועלכע
זענען אַ אויסנאַהם פון אַלע פירות אויף דער וועלט, האָבען זיי
דאַביי אָבער אויך געזאָגט, פונקט ווי די פירות פון לאַנד
זענען אַ אויסנאַהם, אַזוי זענען אויך די מענשען אַ אויסנאַהם

מיט זייער גבורה, און קיין שום פאָלק וועט די כנענים נישט קענען בעזיגען (סוטה).

די מרגלים דערצעהלען וועגען די פעלקער, וואָס זענען בעפעסטיגט אויפ'ן לאַנד, אויך די עמלקים, וועלכע פערנעהמען דאָס לאַנד צו דרום פון א"י. פאַר די עמלקים האָבען די יודען זיך בעזונדערס געשראָקען נאָך די ערשטע מלחמות וואָס די יודען האָבען געמוזט פיהרען מיט די עמלקים (רמב"ן).

די יודען ווערען ענטמוטיגט פון די רייד וואָס די מרגלים זאָגען, אַז מיט'ן נאַטירליכען וועג איז אוממעגליך צו פערנעהמען דאָס לאַנד. (די מרגלים זענען אויך געווען בעלי רוח הקודש און געזעהן, אַז זייער דור וועט קיין א"י נישט קומען. זיי האָבען אָבער נישט געזעהען אַז דאָס וועט געשעהן בלויז צוליעב אָט דעם חטא, וואָס זיי האָבען זיך נישט געקענט דערהויבען, צו גלויבען אין דער העכערער געטליכער וועלט-פיהרונג, וואָס אין זיין מאַכט ליעגט צו ענדערען דעם גאַנצען נאַטור-גאַנג פון די וועלט פונקט ווי עס איז געשעהן ביי יציאת מצרים אין קריעת ים-סוף).

יהושע מיט כלב'ן, זענען געווען צוויי פון די 12 מרגלים.

יהושע איז געווען אַ זוהן פון נון (יהושע בן נון) און אַ אייניקעל פון אלישמע פון שבט אפרים. משה רבינו האָט מתפלל געווען און איהם מיטגעגעבען אַ ברכה, ער זאָל נישט אריינפאַלען אין דער עצה פון די מרגלים.

כלב איז געווען אַ זוהן פון יפונה (כלב בן יפונה) פון שבט יהודה. ער האָט געהאַט פאַר אַ ווייב מרים'ן, משה'ס שוועסטער, נאָכדעם ווי איהר ערשטער מאַן, חצרון איז געשטאָרבען (שמות רבה) הור, וועלכער איז געהרג'עט געוואָרען ביים עגל (זעה אויבען) איז געווען זייער זוהן. כלב איז אַלט געווען 40 יאָהר ווען ער איז געגאַנגען צוזאַמען מיט די מרגלים.

בעת זיי זענען אָנגעקומען קיין חברון, איז כלב אַוועק אין דער מערת המכפלה, וואו עס זענען די קברים פון די אבות, ז. ב. א״ם, יצחק און יעקב (זעה אויבען) דאָרט האָט ער געבעטען ער זאָל ניצול ווערען פון דער עצה פון די מרגלים (סוטה).

זיי ביידע, יהושע מיט כלב'ן, האָבען זיך געשטעלט געגען אַלע מרגלים, און ערקלערט פאַר די יודען, אז מען וועט יאָ קענען איינעהמען דאָס לאַנד, ווייל אַזוי איז דער ווילען פון גאָט, אריינצובּרענגען די יודען קיין ארץ ישראל, און דאַביי בעוויזען די גרעסטע וואונדער.

כלב האָט זיך אויפ'ן גאַנצען וועג נישט אַרויסגעוויזען, אַז ער איז נישט אין איין עצה מיט די מרגלים, און זיי האָבען זיך אויך נישט געריכט, אַז ער וועט זאָגען אַנדערש ווי זיי. ווען די מרגלים זענען צוריקגעקומען, האָט מען יהושע'ן נישט געוואָלט הערען—אַזאַ טומעל האָבען די מרגלים אויפגעהויבען געגען איהם. נור כלב'ן האָבען זיי געלאָזט רעדען, רעכענדיג אַז ער געהט זאָגען דאָס זעלבע וואָס זיי האָבען געזאָגט. כלב האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט און אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, דאָס די יודען קענען זיין זיכער, אַז זיי וועלען יאָ קענען אַריינקומען קיין א״י (תנחומא).

אַ קאָנפליקט האָט כלב אויך געהאַט מיט די איבריגע מרגלים, פריהער ווען זיי האָבען נישט געוואָלט נעהמען די פירות פון א״י (די יודען זאָלען נישט דערזעהען די אונגעוועהנליכע מעלות פון לאַנד). דאָ האָט כלב זיך איינגעשטעלט מיט דער שווערד אין האַנד און קאַטעגאָריש ערקלערט: אָדער איך אָדער איהר ווערט געהרגעט, ווען איהר וועט פון די פירות נישט נעהמען (במדבר רבה).

**תשעה באב ביינאַכט**, האָבען די מרגלים אַרויסגערופען אַ קלאָג-נאַכט אין דער גאַנצער יודישער מחנה. זיי האָבען זיך פונאַנדערגעשפרייט און אַרומגעגאַנגען, יעדער איבער זיין שבט

און געשריגן און געוויינט. די יודישע מאַסען האָבען זיך דער־שראָקען און געפרעגט די סיבה, פאַרוואָס זיי וויינען? דערויף האָבען די מרגלים געענטפערט, אַז דאָס האַרץ ענטגעהט זיי פאַר צער און וועהטאָג, ווען זיי דערמאָנען זיך און זעהען דאָס בילד, ווי די אמוריים און כנענים וועלען דערשטעכען די יודישע קינ־דער ווען זיי וועלען קומען אין אַ מלחמה מיט די כנען־פעלקער. דאָס געוויין איז איבערגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב, און יעדע פאַמיליע האָט זיך געזעצט וויינען, אַזוי דאָס דער אָוועגד איז גע־ווען אַ קלאָג־אָוועגד אין דער גאַנצער יודישער מחנה (מדרש ילמדנו). דעם זעלבען אָוועגד איז אַרויס די גזירה פון הימעל אויף די יודען: איהר וויינט היינט אומזיסט און עס וועט אייך ווירקליך טרעפען אַ צרה, וואָס איהר וועט אויף דורות לאַנג וויינען אין אָט דעם טאָג (תשעה באב); היינטיגען טאָג קומט די גזירה אויף יודען, אַז דער דור המדבר זאָל קיין א״י נישט אַריינקומען; און אויך די שפּעטערע דורות אין א״י, ווען זיי וועלען זינדיגען און נישט געהן אין׳ם וועג וואָס די תורה ווייזט זיי, וועלען זיי פערטריבען ווערען אין גלות צווישען פרעמדע פעלקער, און דאָס בית המקדש וועט אויך חרוב ווע־רען אין אָט דעם זעלבען טאָג תשעה באב (תענית).

די גזירה, וואָס משה רבינו האָט אנגעזאָגט די יודען אין נאָמען פון גאָט, אז דאָס גאַנצע דור וועט נישט אַריינקו־מען קיין ארץ ישראל, נור זייערע קינדער, א חוץ יהושע מיט כלב׳ן און דער שבט לוי, וועלכע זענען נישט געווען אין דער עצה מיט די מרגלים — דאָס האָט די יודען אויסגעניכטערט, און זיי האָבען געזעהען דעם פעהלער וואָס זיי זענען בגאַנ־גען. זיי האבען דעריבער געזוכט אַ וועג ווי צוריקצושטעלען זייער פריהערדיגע אמונה אין גאָט, און זיי האָבען בעשלאָסען יאָ צוגעהען אין אַ מלחמה אויף די כנענים. משה רבינו הייסט אבער נישט; ער זאָגט אַז עס איז נישט איצט דער ווי־

ליען פון גאָט! אויב זיי וועלען גיהען אין אַ מלחמה, וועלען די יודען זיך זיעגען! די יודען פאָלגען נישט משה רבינו און גיהען אין דער מלחמה. משה רבינו אָבער און זיינע טרייגעבליבענע ריהרען נישט פון דער מחנה.

**די עמלקים אין כנענים,** האָבען זיך דערוויסט אַז די יודען גרייטען זיך צו גיהען פערנעהמען א״י, זענען זיי אַרויס אויפ׳ן וועג און פערפיהרט אַ מלחמה מיט די יודען וועלכע האָבען געליטען א שטאַרקע מפלה. שפּעטער האָבען זיך די יודען ווידער אַמאָל איבערצייגט אין משה רבינו׳ס ווערטער, ווי זיי ווערען פונקטליך אויסגעפיהרט.

**קרח׳ס מחלוקה** אויף משה רבינו איז געוועזען נאָך די געשיכטע מיט די מרגלים. קרח איז געוועזען אַ זוהן פון יצהר, דאָס דריטע דור פון לוי (קרח, יצהר, קהת, לוי). ער האָט זיך פריהער גערעכענט צו די חשוב׳ע מענשען און האָט געזעהען מיט רוח הקודש, אַז פון זיינע קינדער וועט אַרויסקומען שמואל הנביא, וועלכער האָט זיך גערעכענט אין א געוויסער מדרגה גלייך ווי משה מיט אהרנ׳ען, דאָס האָט איהם געגעבען מוט צו פערפיהרען אַ מחלוקה מיט משה רבינו. קרח האָט אבער נישט געזעהען, אַז זיינע קינדער וועלען טהון תשובה און ניצול ווע־רען, אָבער ער אַליין וועט פערלוירען געהען (תנחומא).

קרח האָט זיך מקנא געווען אין אליצפן בן עוזיאל, זיין פאָטער׳ס ברודער־זוהן, וועלכער איז געוואָרען בעשטימט אַלס נשיא איבער די לוים פון די בני קהת. קרח האָט געשטעלט אָט די פראַגע: 4 ברודער זענען געוועזען די ראשי משפחות פון די בני קהת: עמרם, יצהר, חברון און עוזיאל. ער נעהמט דעריבער פאַר ריכטיג, וואָס עמרם׳ס זיהן, משה מיט אהרן, האָבען ביידע זוכה געוועזען צו נשיאות, ווייל עמרם איז א בכור דער עלטסטער ברודער וועלכער נעהמט אַלע מאָל צוויי חלקים אין יעדע ירושה, נאָך וועלכער מ׳קומט אין זכות פון עלטערען,

נאָכהער אָבער, דאָס נשיאות איבער די בני קהת, קומט דאָך זיכער איהם, קרחן, וועלכער איז אַ זוהן פון יצהר׳ן און נישט אליצפן, וועלכער קומט ערשט אין נאָמען פון יונגסטען זוהן, עוזיאל. דאָ האָט קרח אויפגעהערט צו גלויבען, אַז אַלץ וואָס משה רבינו טהוט, איז לויט די געטליכע אָנווייזונגען פון גאָט.

קרח האָט געוויסט, אַז מיט אייגענע כוחות וועט ער ווע־ניג אויפטהון געגען משה רבינו, און ער האָט געזוכט צו אָר־גאַניזירען א גאַנצע קאָמפּאַניע, וועלכע ער האָט אויפגעזוכט צווישען די בני ראובן, וואָס האָבען געוואוהנט אין שכנות מיט די בני קהת (ביידע האָבען געוואוהנט צו דרום־זייט פון משכן). פון די בני ראובן, האָבען זיך באַלד אָבגערופען דתן ואבירם, די בעוואוסטע מחלוקת־פיהרער געגען משה רבינו, נאָך אין גלות מצרים (זעה אויבען), זיי האָבען קיינמאָל נישט אַדורכגעלאָזט די מינדיסטע געלעגענהייט צו טהון פערקעהרט ווי משה רבינו האָט געזאָגט:

זיי האָבען עס איבערגעלאָזט פון מן, פון איין טאָג אויפ׳ן צווייטען, ווען משה רבינו האָט געזאָגט אַז מען דאַרף נישט איבערלאָזען (זעה אויבען); זיי האָבען עס יעדעס מאָל אויפגע־רייצט די יודען, אַז מען זאָל אַוועקשטעלען אַ נייעם פיהרער ביי יודען, און מען זאָל זיך אומקעהרען קיין מצרים; זיי האָבען עס יעדעס מאָל אויפגערייצט די יודען, אַז זיי זאָלען ווידער־שפעניגען אין גאָט׳ס בעפעהלען (שמות רבה).

דתן ואבירם האָבען זיך אַ לאָז געטהון איבער׳ן גאַנצען שבט ראובן, און אַגיטירט פאַר קרח׳ס לאָזונגען, אַז ער וויל אַלע יודען גלייכשטעלען אַלס קדושים און הייליגע, און מ׳זאָל נישט דאַרפען טראָגען דעם עול פון די כהנים און לויים, וועלכע בע־קומען די מתנות כהונה און מעשר. עס איז זיי געלונגען אַריינ־צוציהען אין דער מחלוקת־קאָמפּאַניע, אַ טייל פון די אָנגעזעהענסטע

לייט אין שבט ראובן, 250 מאן וועלכע זענען געווען ראשי בית־מט־מס צו ווערען אין די סנהדרין — א גטער די אָנפיהרונג פון ז׳ל־צור בן שדיאור (דער נשיא פון שבט ראובן) און און בן פלת.

דער לעצטער, האָט זיך צבער אין די לעצטע מינוט צוריקגעצויגען פון די מחלוקה, זויף דער עצה פון זיין פרוי, וועלכע האָט איהם אויפגעקלערט. אַז סיי ווען אהרן וועט זיין כהן גדול, סיי קרח, וועט ער זיין נישט מעהר ווי אַ ישראל, א געוועהנליכער יוד, און נאָך וואָס זאָל ער זיך איינשטעלען אין אַ מחלוקה געגען משה רבינו? און בן פלת איז אָבער שוין געווען געבינדען אויפן וואָרט מיט קרח׳ס קאָמפּאַניע, און דעריבער, האָט זיין פרוי זיך געשטעלט אויפ׳ן וועג, ווען קרח׳ס שלוחים זענען געקומען נאָך איהר מאַן, און זיי נישט געלאָזט אריינקומען צו איהר אין הויז.

**דער וועג פון שלום.** משה רבינו האָט געזעהן, אז עס זענען פאַראַן ווייניג אויסזיכטען, מיט גוטען צו ווירקען ביי די קאָמפּאַניע, וואָס איז שוין אַזוי ווייט פאַרטהון אין דער מחלוקה; דאָך האָט ער בּשלאָסען נישט דורכצולאָזען דעם מינדעסטען פּרוב, צו בעטען די מענשען, זיי זאָלען אָבזיצען און זיך בערעכענען די קאָנסעקווענצען צו וועלכען זייערע מעשים קענען פיהרען. משה רבינו איז אַליין געגאַנגען בעטען דתן ואבירם, זיי זאָלען אָבזיצען (במדבר רבה). עס האָט אָבער אַלץ נישט געווירקט. זיי האָבען געפיהרט אַ שטארקע קאָמפּאַניע, און קאָנצענטרירט א סך צָנהענגער ארום קרח׳ן, וועלכער איז געווען זעהר רייך (ער האָט געפונען אַ טייל פון די אוצרות וואָס יוסף האָט אָנגעזאמעלט אין מצרים — זעה אויבען), און די קאָמפּאַניע געגען משה רבינו מיט אהרנ׳ען איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער.

**קטורת אַלס פּרוב-מיטעל.** משה רבינו זאָגט צו קרח׳ס אָנהענגער: אנדערע פעלקער האָבען אַ סך געטער, אַ סך גלחים

און אַ סך דינענכטען (עבודה זרות). ידען אָבער, האָבען נור איין גאָט, איין ארון, איין תורה, איין מזבח און איין כהן גדול — יעצט זענט איהר געקומען 250 עלטסטע און פערלאַנגט די כהונה גדולה, איך וועל דערויף איינגעהן, אויב איהר וועט נעהמען דאָס ליעבסטע־עבודות פון כהן גדול, דאָס קטורת, וואָס איהר מוזט אָבער געדענקען, אַז דורך דעם זענען שוין גע־שטאָרבען נדב און אביהוא, אהרנ׳ס זיהן, וועלכע זענען געגאַנגען מקריב זיין קטורת נישט ווי די תורה האָט געהייסען, אויב איהר ווילט אויך געהן אויף אָט דעם געפעהרליכען וועג, איז עס ביי אייך די ברירה, און איהר וועט זעהען, צי איהר וועט ארויס פון אָט די עבודה גאַנץ. דאַבּיי, האָט זיי משה רבינו מתרה געווען און געוואָרענט, אַז נאָכ׳ן מקריב זיין דאָס קטורת, וועט נאָר איינער בלייבען לעבען, דער וואָס איז בעשטימט צו זיין דער כהן גדול, און די איבריגע וועלען אַלע פאַלען טויטע.

קרח איז נישט אָבגעשטאַנען, און ער האָט פערזאַ־מעלט זיין גאַנצע עדה, זיי זאָלען שטעהן ביים ברענגען דאָס קטורת. אַ בעפעהל איז געקומען פון גאָט, צו וואָרענען די מענשען אַז זיי זאָלען שנעל פערלאָזען דעם פלאַץ וואו קרח מיט זיין קאָמפּאַניע געפונען זיך, ווייל אַלע וועלען געהן צו גרונד פערלוירען. משה מיט אהרנ׳ען פאַלען אויפ׳ן פּנים און בעטען גאָט, ער זאָל נור שטראָפען די שולדיגע, און נישט די וואָס זענען אונשולדיג אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער מחלוקה.

משה רבינו וואָרענט די מענשען, זיי זאָלען שנעל פאַר־לאָזען די פּלעצער אַרום קרח׳ן מיט זיין קאָמפּאַניע. דתן און אבירם, בלייבען אָבער שטעהן שטייף, אַ שטייגער ווי זיי שרע־קען זיך נישט פאַר די שטראָף, וואָס משה רבינו וואָרנט זיי.

משה רבינו זאָגט דאַן: אויב די מענשען וועלען אומקומען מיט אַ טויט ווי אַלע מענשען שטאַרבען, קענט איהר אויך זאָגען, אַז

איך טהו אַלץ פון מיין אייגענעם געדאַנק. אויב אָבער עס וועט קומען אַ אומגליק אויף די מענשען, וואָס איז נאָך קיינמאָל נישט געווען און קאָן נישט געוועהנליכען אויסרעכנונג אויך נישט טרעפען, דאַן וועט איהר אַלע זיך איבערצייגען, אַז קיין איינציגע זאַך, טהו איך נישט פון זיך זעלבסט, נור אַלץ באַפעהלט מיר גאָט, וואָס צו טהון.

ווי נור משה רבינו פערענדיגט זיינע ווערטער, און די ערד שפּאַלט זיך אונטער קרח'ן מיט דתן ואבירם; זיי, מיט אַלע קינדער און דאָס גאַנצע פערמעגען, ווערט איינגעזינקען אין דער ערד, אַחוץ די בני קרח וואָס האָבען געטהון תשובה, זענען ניצול געוואָרען (זעה אויבען). די ערד האָט זיך באַלד צוריק אויסגעגלייכט און פערדעקט אַלץ, אַזוי אַז קיין זכר איז נישט געבליבען פון אַלע קרח'ס לייט.

און אַ פייער איז אַראָב פון הימעל, וואָס עס האָט פערברענט די 250 עלטסטע, וואָס האָבען זיך גענומען צו ברענגען קטורת.

דאָס קופּער פון די 250 מחתות, זענען שפּעטער פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ צו־דעק אויפ'ן מזבח, עס זאָל בלייבען א אָנדענקען ביי יודען, וואָס'ער סוף עס האָבען געהאַט די מענשען, וואָס האָבען געפיהרט אַ מחלוקה איף די כהונה גדולה.

**די מגפה.** די תרעומות אויף משה מיט אהרן, האָט זיך אָבער ביי די בני ראובן, קרח'ס קאָמפּאַניע, נישט אינגאַנצען איינגעשטילט. זיי האָבען געהאַט טענות, פאַרוואָס משה רבינו האָט זיי געגעבען אַ עצה צו ברענגען קטורת (רמב"ן).

משה רבינו דערוויסט זיך, אַז עס איז אַרויס א גזירה, דאָס אַ גרויסער טייל יודען זאָלען אומקומען אין אַ מגפה. ער בעפעהלט אהרנ'ען, ער זאָל שנעל נעהמען ברענגען קטורת, וואָס עס איז אַ סגולה אָבצושטעלען די מגפה.

(בשעת משה רבינו איז צרויף אין הימעל ביי קבלת

התורה, און די מלאכים האָבען געזעהען זיין גרויסקייט, האָבען אַלע מלאכים מיט איהם געלערענט און איהם איבערגעגעבען סודות. אויך דער מלאך המות, האָט געזאָגט משה רבינו, אַז עס איז פאַראַן איין זאַך, וואָס עס מאַכט איהם אונטעטיג; אין אַ צייט פון אַ מגפה, בעקומט דער מלאך המות די ערלויבניש צו טויטען, ווער עס קומט איהם נור אונטער די האַנד, אָהן אַ ספּעציעלע אָנווייזונג, וועלכער מענש עס בעדארף שטארבען; און דאָס איינציגע מיטעל וואָס מ'קען זיך שטעלען געגען דעם מלאך המות, איז דאָס ברענגען קטורת—שבת).

אהרן הכהן האָט מיט'ן קטורת זיך געשטעלט צווישען די טויטע און לעבעדיגע, און ער האָט אָבגעשטעלט דעם מלאך המות, וועלכער האָט גענומען פיהרען אַ וכוח מיט אהרן הכהן, אַז ער גייט אויספיהרען דעם בעפעהל פון גאָט, וועלכער האָט די גזירה פון אַ מגפה ארויסגעגעבען.

דער מלאך המות זאָגט צו אהרנ'ען: איך בין אַ שליח פון גאָט, און די ביזט נור אַ שליח פון משה רבינו!

דעריוף ענטפערט איהם אהרון: משה זאָגט נישט איין זאַך, נור וואָס ער ווערט בעפוילען פון גאָט (מכילתא).

**מטה אהרן.** בכדי צו מאַכען אַ סוף מיט די מחלוקת'ן וואָס קאָנען אַמאָל זיין געגען אהרן און דעם שבט לוי, האָט גאָט בעפוילען, מען זאָל נעהמען גלייכע שטעקענס, יעדער נשיא זיינס אַ שטעקען און דער נאָמען פון יעדען שבט זאָל שטעהן אויפגעשריבען, און אהרנ'ס שטעקען פאַר'ן שבט לוי. די אַלע שטעקענס זאָל מען צוזאַמען אריינלעגען אין אהל מועד.

אויף צומאָרגענס, האָט מען געזעהן, ווי אויף אהרנ'ס שטעקען איז ארויס בליהעכץ און עס זענען געוואַקסען מאַנדלען. אַלע נשיאים האָבען זיך גענומען יעדער זיין שטעקען, און נאָר דער מטה אהר'ן, איז געבליבען אין משכן, צום אָנדענקען פונ'ם נס וואָס עס איז געשעהן, איבערצוצייגען די

יודען, אַז אהרון מיט זיין שבט, זענען עס די אויסדערוועהלטע צו טהון די עבודות אין בית-המקדש.

נאָך קרח׳ס מחלוקה, האָבען די יודען וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים נאָך פערבּרענגט 38 יאָהר אין דער מדבר, 19 יאָהר זענען זיי געגאַנגען פון אָרט צו אָרט און זיי זענען געקומען קיין קדש-ברנע (מדבר) וואו זיי פערבּלייבען 19 יאָהר. אין דער דאָזיגער צייט זענען אויסגעשטאָרבען אַלע מענער וואָס זענען עלטער געווען פון 20 יאָהר, בּעת זיי זענען אַרויס פון מצרים. דעם ערשטען ניסן אין יאָהר 2488, אויפ׳ן 40-טען יאָהר פון יציאת מצרים, זענען זיי געקומען קיין מדבר צין אין אַ שטאָדט קדש — שוין דאָס צווייטע דור וואָס איז געווען גרייט אַריינצוקומען קיין ארץ ישראל.

בּאר מרים. די גאַנצע צייט וואָס די יודען זענען געווען אין דער מדבר, האָבען זיי געהאַט וואַסער אין זכות פון מרים הצדיקת: דאָס איז געווען אַ קוואַל וואָס האָט זיך איבּערגעטראָגען פון איין אָרט אויפ׳ן צווייטען (שבת) אין דער פאָרם פון אַ רונדיגען שטיין, וואָס קאָלערט זיך.

דעם צעהנטען ניסן איז מרים געשטאָרבען און עס האָט זיך אָבּגעשטעלט דאָס וואַסער פאַר יודען (מגילת תענית), דאָס איז געווען אין מדבר צין. די יודען האָבען נישט געקענט אויסהאַלטען דעם דורשט, זענען זיי געקומען צו משה׳ן; אַ טייל האָבען זיך גענומען קריגען מיט איהם און אַ טייל האָבען גע-זוכט צו פּרובען, אויבּ גאָט וועט זיי ווידער בּעווייזען אַ נס (רמב״ן). משה רבינו האָט געראָפען צו גאָט, וועלכער האָט איהם אָנגעוויזען אויפ׳ן שטיין, אין וועלכען עס איז געווען דער בּאר מרים, ער זאָל רעדען דעם שטיין, אַז דאָ איז אַ אָרט צו דערווייזען גאָט׳ס גרויסקייט אין דער בריאה, אַז נישט נור אַ לעבּעדיגער מענש, נור אַ שטיין זאָגאַר די גאַנצע

בריאה, שטעהט גרייט יעדע רגע, אַז גאָט׳ס וואָרט זאָל פאַר-
ווירקליכט ווערען.

**מי מריבה.** דאָס ערשטע מאָל, האָט זיך דער באר מרים
בעוויזען צו יודען אין רפידים, דער 3-טער רוה-פונקט נאָךקריאת
ים-סוף, (בחיי) דאָרט האָט משה בעקומען אַ אָנווייזונג פון גאָט,
אַ קלאַפּ צו טהון מיט זיין שטעקען אויפ׳ן שטיין, וועלכער
האָט באַלד אָנגעהויבען געבען וואַסער. דאָס צווייטע מאָל אָבער,
איז געווען דער רצון פון גאָט, אַז די יודען זאָלען זעהען, דאָס
בלויז מיט׳ן רעדען צום שטיין, גיעט ער וואַסער, און ווען משה
רבינו מיט אהרנ׳ען האָבען אויך דאָס צווייטע מאָל אין מדבר
צין, געשלאָגען מיט׳ן שטעקען אויפ׳ן שטיין, איז אַרויס אַ גזירה
פון הימעל (רש״י), אַז זיי זאָלען נישט אַריינפיהרען די יודען קיין
ארץ ישראל. דאַמיט האָט זיך אַרויסגעוויזען די גאַנצע האַרב-
קייט פון גאָט׳ס שטראָפען, וועלכע שאַנעווען נישט קיינעם, און
וואָס גרעסער איינער איז, אַלץ גענויער מוז ער זיין אין דער
ערפיעלונג פון זיינע פליכטען, און אויף דער קלענסטער קליי-
ניגקייט, טהוט דער גוזר דין פאָדערען צו טהון איהם זיין
משפט (מדרש).

משה רבינו איז אויך נקבר געוואָרען אין חוצה לא״ץ,
בכדי צו ווייזען, אַז אין זיין זכות וועלען אויך די מתי חוץ
לארץ לעבעדיג ווערען און קומען קיין א״י (זהר).

**אדום** — דאָס לאַנד רופט זיך אויך ארץ שעיר, שדה אדום (בראשית ל"ב) הר שעיר (שם ל"ו), הר עשו (עבדיה א). איהרע גרעניצען זענען: פון דרום־זייט — ביי דער מדבר סין און באַרג סיני מיט דער מדבר פארן; און פון מזרח־דרום זייט — עציון גבר ביים אויסגוס פון ים עקבה (Akaba). נאָהנט פון אָט דעם ים־אויסגוס זענען די יודען געגאנגען אויף זייער וועג פון מצרים קיין א"י. די גרעניץ פון צפון־זייט פון אדום איז די גרעניץ פון דרום־זייט פון א"י, צווישען דעם ים המלח און דעם מיטעללענדישען ים, און נאָך ווייטער ציהט זיך דאָס לאַנד אדום פון מזרח צפון זייט געגענאיבער דאָס לאַנד מואב, דער נחל זרד טהיילט זיי אָב.

צווישען די בערגער וואָס געהען אין די מדבריות וואָס גרענעצען זיך מיט אדום, זעהט מען דעם בארג סיני און דעם באַרג חורב, דער ערשטער איז 7000 פוס הויך און דער צווייטער 6000 פוס. דער באַרג סיני איז פון מערב־צפון זייט צו אדום און דער הר־ההר — פון מזרח־זייט.

דאָס לאַנד אדום איז פריהער געווען בעזעצט פון די חורים און שפעטער איז עס איבערגעגאַנגען אינגאַנצען צו די בני עשו (זעה אויבען). צום ערשט איז דאָרט געווען אַ הערשאַפט פון „אלופים" (בראשית) צווישען די אלופים וואָס האָבען געהערשט אין די ערשטע צייטען, ווערט אין דער תורה אויך דערמאָנט אלוף תימן, אלוף עמלק — מעגליך אַז אויף איינעם פון אָט די, רופט מען דאָס לאַנד תימן, וועלכעס ווערט נאָכהער געבערענגט אין יחזקאל (כ"ה) און עובדיהו (א). מיט דער צייט, איז די מלוכה־פיהרונג אין אדום איבעראַנדערש געוואָרען און אַנשטאָט די אלופים זענען געווען מלכים (אַכט מלכים ווערען אויסגערעכענט אין דער תורה, וועלכע האָבען זייער מלוכה געפיהרט נאָך איידער ביי יודען איז געווען אַ מלך — בראשית ל"ו). ווי עס איז צו זעהען, איז דער איבערגאַנג פון

אלופים צו מלכים, געשעהען אין דער צייט וואָס די יודען זענען געווען אין דער מדבר, דען אין דער שירה נאָך קריעת־ים־סוף ווערט דערמאָנט אלופי אדום און שפעטער איידער די יודען קימען קיין א״י, ווערט שוין דערמאָנט אַז משה רבינו שיקט שלוחים צום מלך פון אדום. נאָך איז צו זעהען, אַז אין די ערשטע צייטען, איז די מלוכה אין אדום, נישט איבערגעגאַנגען בירושה פון אַ פאָטער צו אַ זוהן, נור יעדעס מאָל האָט מען אויסגעוועהלט אַ נייעם מלך, טיילמאָל אויך גאָר פון אַ פרעמד לאַנד. ערשט אין שלמה המלך׳ס צייטען, זעהט מען אַז ביי די אדומיים האָט מען גענומען אַ מלך וואָס שטאַמט פון דער זרע המלוכה (מלכים א׳).

פון מדבר צין, האָבען די יודען געשיקט שלוחים צום מלך אדום, ער זאָל זיי ערלויבען דורכצוגעהן דעם „דרך המלך" וואָס געהט צווישען די בערג, וואָס ווי מען קען זיך משער זיין, איז עס דער וועג וואָס געהט ביים טייך „וואדי־גאלשמייר". די יודען האָבען זיך פערפליכטעט, נישט אַראָנצוגעהן פון וועג רעכטס אָדער לינקס, נאָר גלייך בלויז דורכגעהן, דאַביי וועלען זיי אויך בעצאָהלען פאַר יעדע קלייניגקייט וואָס זיי וועלען נעהמען אין לאַנד אדום ביים דורכגעהן. די אדומיים האָבען אָבער געטראָגען זייער שנאה צו די יודען, וואָס האָט נאָך געשטאַמט פון עשו צו יעקב׳ן, און דער מלך אדום בעפעהלט צו משה רבינו, אַז ער וועט נישט לאָזען דורכגעהן די יודען אָהן אַ מלחמה, און זיי האָבען אויך מאָביליזירט אַ גרויסע אַרמעע, אויף צו שטעלען זיך אין אַ מלחמה געגען די יודען.

די יודען האבען אָבער דאַן נישט געהאַט קיין רשות פון הימעל צו פערפיהרען אַ מלחמה מיט די אדומיים, זיי זענען געגאנגען ווייטער ביי דער גרעניץ פון אדום, אַרומגערינגעלט דעם הר שעיר און אויסגעמיטען דאָס לאַנד אדום.

הר ההר. אויפ׳ן וועג ווי די יודען זענען געגאַנגען ביים ברעג פון ים־אויסגוס, ביי די גרעניץ פון אדום, זענען די יודען געקומען צום באַרג הר ההר. דאָרט איז אהרן הכהן גע־שטאָרבען און זיין קבר איז אויף אָט דעם באַרג הר ההר.

דעם טאָג וואָס אהרן הכהן איז געשטאָרבען, האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן, ער זאָל זאָגען אהרנ׳ען, אַז עס איז געקומען די צייט, ווען ער מוז שטאַרבען. משה רבינו איז גאַנץ מען גאַנץ פריה צו אהרנ׳ען און איהם גערופען. אהרן פערוואונדערט זיך, וואָס משה רבינו איז צו איהם געקומען אַזוי פריה, דערויף ענטפערט משה אז ער האָט א שווערע שטעלע אין דער תורה, און ער וויל עס לערנען מיט אהרנ׳ען. משה הויבט אָן לערנען דאָס ספר בראשית און ווען זיי קומען צו די פרשה פון בריאת אדם, זאָגט משה: וואָס זאָגט מען צו אדם׳ן וועלכער האָט גע־ברענגט אַ טויט אויף די מענשען? מ׳דאַרף אַזוי נישט זאָגען. ענטפערט אהרן, נור מען מוז פערנעהמען די גזירה פון גאָט!

— און איך, וואָס האָב דערגרייכט א מדרגה העכער ווי פיעל מלאכים; און דו וואָס האָסט געקאָנט פערהאלטען דעם מלאך־המות אין דער צייט פון אַ מגפה, וועט דען אונזער סוף נישט זיין דער זעלבער וואָס מיט אלע מענשען? וויפיעל שעה האָבען מיר דען נאָך צו לעבען? ווייניג!—און אזוי האָט משה רבינו אַלץ דערמאָנט אהרנ׳ען דעם טאָג פון טויט, ביז אהרן האָט עס דערפיהלט און ער פרעגט משה׳ן: אפשר זענען אַלע דיינע ווערטער געווענדעט צו מיר? יאָ! איז געווען משה׳ס ענטפער — און באַלד האָט מען געזעהן ווי אהרנ׳ס הויך איז נידריגער געוואָרען.

משה פרעגט אהר׳נען: ביזטו איינפערשטאַנדען צו שטאַר־בען? יאָ! ענטפערט אהרן, און באַלד געהן זיי, משה מיט אהרן און זיין זוהן אלעזר, אויפ׳ן שפיץ בארג הר ההר. די יודען האָבען קיינער נישט געוואוסט, אַז אהרן גייט שטאַרבען, נור

גערעכענט אז משה מיט אהרן געהען פערנעהמען א נביאה, וואס עס האט א סך מאל געטראפען, און דעריבער האבען זיי אפילו נישט געבעטען פאר אהרנ׳ען.

ווען זיי קומען אויפ׳ן שפיץ בארג, האט זיך דארט גע־עפענט א הייל, וואו עס איז געשטאנען א בעט, (הימלישעס וועזען) אהרן האט אויסגעטהון זיינע מלבושים און אלעזר טהוט זיי אן, און משה פרעגט אהרנ׳ען: זעה מיין ברודער! אונזער שוועסטער מרים איז געשטארבען, האבען מירביידע זיך פערנומען מיט איהר קבורה; דו שטארבסט, און דו זעהסט ווי איך מיט דיין זוהן אלעזר פערנעהמען זיך מיט דיין קבורה; און אז איך וועל שטארבען, ווער וועט זיך פערנעהמען מיט מיין קבורה?

און עס קומט א קול פון הימעל: קיינער נישט, נור גאט אליין! דערנאך איז אהרן געשטארבען בנשיקה, און משה מיט אלעזר׳ן בעקומען א בעפעהל צו פערלאזען די הייל, וועלכע פערמאכט זיך באלד ווי זיי געהען פון דארט ארויס. ווען משה מיט אלעזר׳ן קומען אין דער יודישער מחנה, איז געווארען א גרויסער טומעל צווישען יודען, זיי האבען זיך נישט געגלויבט אז אהרן זאל שטארבען אזוי פלוצלונג און זיי האבען עס אויך יעצט נישט געוואלט גלויבען. האט מען פון הימעל אנגעוויזען די מלאכים, זיי זאלען נעהמען די מטה מיט אהרנ׳ען און איהר טראגען אין דער הויך איבער די יודישע מחנה, אלע יודען זאלען זעהען אז אהרן איז טויט (ילקוט).

אהרנ׳ס טויט האט ארויסגערופען א שטארקען טרויער אין דער יודישער מחנה, סיי ביי מענער, סיי פרויען און סיי די קנאבסטע מענשען. אהרן איז געווען דער בעליבטסטער מענש, ער האט קיינמאל נישט דירעקט געשטראפט א מענש, ווען זאגאר ער האט געוואוסט אז יענער האט געזינדיגט. ער האט מחזיר למוטב געווען מענשען אויף א גאנץ אייגענארטיגען אופן. נעמליך, ווען ער האט געטראפען א שלעכטען מענש אדער א

רשע, האָט אַהרן געזעהן יענעם צו געבען שלום. שפּעטער האָט זיך יענער איבערגערעכענט און געזאָגט: ווען אַהרן זאָל וויסען וואָסער נידריגער מענטש איך בין, וואָלט ער מיר דען געגעבען שלום? אַזוי אַרום זענען אַ סך מענשען בעסער געוואָרען, נאָכ-דעם ווי אַהרן האָט געזוכט זיי צו דערנעהנטערען צו זיך.

ווען אַהרן דערוויסט זיך אַז צוויי מענשען האָבען זיך בעקריגט, געהט ער צו איינעם און דערצעהלט איהם אַז זיין חבר האָט חרטה; און אַהרן בעמיהט זיך אַרויסצונעהמען יעדע שפּור שנאה פון זיין האַרץ — דאָס זעלבע זאָגט ער דעם צווייטען, אַזוי אַז ווען ביידע טרעפען זיך, ווערען זיי צוריק גוטע פריינד.

אַהרן'ס טויט האָט אָבער געגעבען די יודען צו פיהלען אויך פון אַ אַנדער זייט. נעמליך, די גאַנצע צייט וואָס די יודען זענען געווען אין דער מדבר, האָבען אין זכות פון אַהרן, אַ רייה וואָלקענס אַרומגענומען די יודישע מחנה, אַזוי אַז קיינער האָט נישט געקענט אַריינקומען. נאָך אַהרן'ס טויט זענען די וואָלקענס מעהר נישט געווען, און די כנענים-פעלקער, האָבען זיך עס דערוויסט און גערעכענט אַז זיי קענען קומען אויף אַ מלחמה מיט די יודען.

דאָס ערשטע זענען ווידער געקומען די עמלקים (תנחומא). די אדומיים האָבען געזאָגט צו עמלק'ן: וויפיעל מיה, האָט זיך אונזער פאָטער עשו געגעבען, ער זאָל קאָנען אויסראָטען יעקב'ן מיט זיינע קינדער, און ער האָט נישט געהאַט די מעגליכקייט. זעהט איהר כאָטש צו נעהמען נקמה פון יעקב'ס קינדער פאַר עשו'ן.

— און ווי קענען מיר בייקומען די יודען וועלכע האָבען אַזוי פיעל זכותים?

— איהר זאָלט שטענדיג בעאָבאַכטען, ווען די יודען וועלען געשטרויכעלט און דערווייטערען זיך פון זייער תורה, דאַ-

מאָלס איז אַ צייט וואָס מען קען זיי שלאַכטען — איז געווען די עצה פון די בני עשו. דעריבער, איז אויך געווען דער בעפעהל פון גאָט, אַז כאָטש די עמלקים שטאַמען פון די בני עשו, מיט וועמען די יודען האָבען נישט קיין רעכט צו פערפיהרען אַ מלחמה, מיט די עמלקים אָבער, מיט זיי מעגען די יודען פערפיהרען די שווערסטע און ביטערסטע מלחמות פונקט ווי מיט די כנענים-פעלקער (ילמדנו).

די עמלקים זענען געקומען צו אַ מלחמה מיט די יודען, זיי האָבען גערעדט אויף די שפּראַך פון די כנענים, און זענען אויך פערקליידעט ווי די כנענים, אַזוי אַז די יודען זאָלען נישט וויסען וואָסער פאָלק דאָס איז, און אויף וועמענס מפּלה זיי דאַרפען בעטען (ילקוט). די יודען האָבען זיך דערשראָקען פון'ם איבערפאַל פון די פערשטעלטע כנענים, און זיי הייבען אָן צו אַנטלויפען, זיי זענען צוריקגעגאַנגען, ביז 8 רוה-פונקטען וואָס זיי זענען שוין פריהער געהאַט דורכגעגאַנגען. אַזוי זענען זיי געלאָפען צוריק ביז מוסרה, און זיי האָבען געטראַכט צו בעשטימען פון די יודען אַ פיהרער, וואָס זאָל די יודען צוריק-פיהרען קיין מצרים.

די בני לוי, וועלכע זענען שטענדיג געבליבען טריי דעם געטליכען וואָרט, זיי האָבען נאָכגעיאָגט די יודען ביז מוסרה, דאָרט פערפיהרט מיט זיי אַ מלחמה, בעת וועלכען עס זענען געפאַלען פון די יודען און פון די לוים, 5 משפּחות פון די יודען און 5 משפּחות פון די לוים. ערשט דאַן האָבען זיי זיך אַרומגעזוהען, אַז אַלץ איז געקומען נאָך אהרנ'ס טויט, און זיי האָבען זיך אַוועקגעזעצט אויפסניי טרויערען אויף אהרנ'ס טויט. דערנאָך האָבען די יודען זיך צוריקגעקעהרט מיט אַ פעסטען בעשלוס, צו געהן אין אַ מלחמה מיט די אַלע פעלקער, וואָס וועלען זיך שטעלען אין וועג און נישט לאָזען די יודען קיין ארץ ישראל.

אין דער מלחמה, האָבען שפּעטער די עמלקים געליטען אַ שטאַרקע מפלה; די יודען האָבען זיך געווענדעט מיט אַ תפלה צו גאָט, און עס איז זיי געלונגען צו דערשלאָגען די עמלקים. אַ גרויסער טייל איז אויסגעהרג׳ט געוואָרען און אַ סך שטעדט זענען פּערוויסט געוואָרען.

מואב, דאָס לאַנד ליעגט ביי מזרח פון ים המלח און אויף דער לינקער זייט פון ירדן אין ערבות יריחו, אין דעם פלאַך־באָדען וואָס ליגט צווישען די טייכען נחל ארנון און נחל ביק. (ארום ליגט פון דרום־זייט פון מואב, אין עמון—פון צפון־זייט)

דער נחל ארנון איז דאָס גרעסטע וואַסער אין לאַנד („איל מוגאב" אויף אַראַביש) וואָס עס שטראָמט ביים פעסונג קאַט־דאַני און עס פאַלט אַריין אין ים המלח צו מזרח פון חברון. דער דאָזיגער טייך איז אויך געגאַנגען ביי די אַלטע גרעניצען צווישען מואב און אמורי.

דער נחל יבוק געהט פון די בערג חורן און פאַלט אַריין אין ירדן אויף האַלב וועג צווישען דעם ים כנרת און דעם ים המלח, געגענאיבער די שטאָדט שכם, דאָס איז אויך געווען די גרענעץ צווישען א״י און די בני עמון (במדבר כ״א).

דער נחל זרד (ואדי־אבני־האמר) געהט פון צפון מואב אין צו דרום פון ארנון, פאַלט אַריין אין ים המלח.

די מואבים זענען געווען אַ פאָלק פון פאַסטוכער, אין שטאַמען פון מואב לוט׳ס זוהן (זעה אויבען), וועלכער איז מיט אברהם׳ן געקומען קיין א״י, אין די צייט ווען אברהם איז אַוועק פון אור כשדים (זעה אויבען). אין דעם זכות וואָס זייער הו בעגלייט אברהם׳ן, האָט גאָט בעפוילען די יודען, אַז זאָלען האָט נישט מלחמה האַלטען מיט די מואבים ביי זייער אַריינקומען קיין ארץ ישראל, כאָטש דאָס לאַנד מואב איז געלעגען אויפען וועג דעריבער זענען די יודען ארומגעגאַנגען די גרעניצען פון מואב און אויסגעמיטען אַ מלחמה מיט די מואבים.

דער צפון טייל פון לאַנד מואב, וואָס האָט זיך געצויגען פון נחל ארנון ביז חשבון און ביז'ן ירדן, דאָס האָט סיחון דער מלך פון אמורי (זעה ווייטער) פערנומען אין אַ מלחמה ביי די מואבים. אָט דער טייל לאַנד איז יאָ איבערגעגאַנגען צו די יודען צוזאַמען מיט'ן לאַנד אמורי וואָס די יודען האָבען פערנומען ביי סיחונ'ען (זעה ווייטער). דעם איבריגען טייל, וואָס איז געבליבען ביי די מואבים, דאָס האָבען די יודען נישט פערנומען.

עמון איז דאָס שוועסטער-פאָלק פון די מואבים, זיי שטאַמען אויך פון לויטס אַ טאָכטער (זעה אויבען), אויך זייער לאַנד ליעגט צווישען די טייכען ארנון און יבוק אין עבר הירדן נעבען מואב פון צפון-זייט. צו מזרח פון די יודישע לענדערייען וואָס האָבען שפּעטער געהערט צו די בני ראובן און די בני גד אין עבר הירדן. אויך מיט די עמונים האָבען די יודען אויסגעמיטען אַ מלחמה אויפ'ן וועג פון זייער גאַנג קיין ארץ ישראל, דאָך איז אַ טייל לאַנד פון עמון געקומען צו די יודען (בני גד) — נאָכדעם ווי עוג מלך הבשן האָט אָט דעם באָדען פערנומען אין אַ מלחמה מיט די בני עמון, איז דאָס שטיק לאַנד שפּעטער איבערגעגאַנגען צו די יודען צוזאַמען מיט די איבריגע לענדער פון עוג מלך הבשן (זעה ווייטער).

די עמונים און מואבים זענען אין אַלע צייטען געווען שלעכטע שכנים פון יודען, וועלכע האָבען אין די שפּעטערע צייטען אויסגענוצט יעדע געלעגענהייט צו אָנפאַלען אויף די יודען (זעה ווייטער). די תורה האָט פערבאָטען זיך מתחתן צו זיין מיט זיי: אַ יודישע טאָכטער טאָר נישט נעהמען קיין עמוני און נישט קיין מואבי, אָבער אַ טאָכטער פון זיי קען יאָ זיין אַ ווייב פון אַ יוד, (רות המואביה, איז געווען אַ טאָכטער פונ'ם יודישען שופט בועז (זעה ווייטער) פון וועלכע עס שטאַמט דוד המלך).

**ביים נחל ארנון.** אויפ׳ן וועג קיין א״י, זענען די יודען געגאַנגען נאָך אהרנ׳ס טויט פון הר־ההר קיין אובות, איי העברים, (דאָרט וואו עס טיילט זיך אָב דאָס לאַנד אמורי פון מואב (רש״י חקת) דאָס אָרט ליעגט אין דער מדבר ביי מואב פון מזרח־זייט, פון דאָרט זענען די יודען ווייטער געגאַנגען און זיך אָבגעשטעלט ביים נחל זרד, ווייטער האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט אין עבר ארנון, וואָס ליעגט אין דער מדבר ביי דער גרעניץ צווישען מואב און אמורי. זיי זענען אַלזאָ אַרומגעגאַנגען דאָס לאַנד מואב די גאַנצע דרום און מזרח־זייט ביז זיי זענען געקומען אויף דער צווייטער זייט צו ארנון וואָס ליגט שוין אין שטח פון אמורי, די צפון־זייט פון מואב (רש״י חקת).

**די נסים ביים נחל ארנון,** ווערען דערצעהלט אין דער תורה, אז דאָרט זענען געשעהן גאָט׳ס וואונדער, נאָך וועלכע די יודען זענען ניצול געוואָרען פון א זיכערען טויט, וואָס די אמוריים, האָבען אויף זיי געפלאַנט. דער נחל ארנון געהט צווישען הויכע בערג וועלכע זענען נאָהנט איינע צו די צווייטע, און דער שמאָלער דורכגאַנג געהט האַרט נעבען טייך. די אמורים האָבען זיך בעהאַלטען אין די היילען, אויף די בערג און האָבען אָבגעוואַרט דעם מאָמענט ווען די יודען וועלען דורכגעהן אונטען אין טאָל, דאַן וועלען זיי אַרויס פון די בערג און פון דער הויך פלוצלינג אָנהויבען וואַרפען אויף די יודען שטיינער און פיילען.

איז אָבער געשעהן אַ נס, אַז כאַר׳ן דורכגעהן פון די יודען, האָבען די בערג אָנגעהויבען ציטערען און אַלע הוילע ערטער אין די בערג זענען פערפולט געוואָרען אין דערדריקט די מענשען וואָס זענען דאָרט געווען, אזוי זענען אויסגעהרגעט געוואָרען אַלע אמורים וואָס זענען דאָרט געווען בעהאַלטען.

די יודען האָבען אין אָנהויב נישט געוואוסט די נסים וואָס זענען דאָרט געשעהן. אז די אמורים ליעגען טויט אין די

בערג, איז אָבער דער באר מרים (זעה אויבען) וואָס איז גע־גאַנגען מיט די יודען און זיך געקאָלערט פון איין אָרט אויפ׳ן צווייטען (זעה אויבען), אָט די ברונעם האָט דורכגעשווענקט די ערטער, און די טויטע ביינער פון די אמורים זענען אַרויפגעשוואומען, דאַן ערשט האָבען די יודען געזעהען, וואָסערע נסים, עס איז זיי דאָ געשעהען. (דער באר וואָס איז אָבגעשטעלט געוואָרען נאָך מרים׳ס טויט (זעה אויבען) איז שפעטער צוריקגעקומען אין זכות פון משה רבינו׳ס תפילות—מדרש).

אמורי, דאָס לאַנד אמורי, זייער הויפט צענטר איז געווען אין עבר הירדן, אויפ׳ן וועג צו מזרח ווי די יודען זענען געגאַנגען קיין א״י. דאָס לאַנד מואב האָט זיך געגרענעצט מיט די אמוריים פון דרום־זייט (זעה אויבען), דער הר־חרמון איז געווען די גרעניץ פון אמורי צו צפון־זייט (זיי האָבען געהאַט אויך שטעדט אין מערב פון עבר הירדן) דער הר האמורי איז געלעגען פון דרום־זייט, פון צפון צו הר שעיר אין אדום.

די אמורים שטאַמען אויך פון כנען, זיי ווערען אָבער אָנגעצייכענט אַלס אַ בעזונדער אָנגעזעהן פאָלק (בראשית י׳). אין דער צייט וואָס די יודען האָבען מיט זיי געפיהרט מלחמה, איז דאָס אמורי־לאַנד געווען פערטיילט אונטער די מלוכה פון די צוויי בעוואוסטע גבורים, סיחון מלך חשבון און עוג מלך הבשן.

סיחון, איהם האָבען אַלע מלכי כנען געצאָהלט, ער זאָל שטענדיג זיין גרייט צו אַ מלחמה, ווען אַ פאָלק וועט ווען אָנפאַלען אויף די גרעניצען פון די כנען־פעלקער, דעריבער האָט ער צוּבגעוואָרפען דעם שלום־פאָרשלאַג פון משה רבינו, וועלכער האָט געשיקט שלוחים צו איהם סיחונ׳ן, דאָס ווען ער וועט די יודען לאָזען דורכגעהן זיין לאַנד, וועלען זיי אויכמייַדען אַ מלחמה. אלס ענטפער אויף אָט דעם שלום־פאָרשלאַג האָט

סיחון מאָביליזירט אַלע זיינע חיילות און איז אַרויס אויף׳ן פלאַץ יהצה, דאָרט צו פערפיהרען אַ מלחמה מיט דער יודישער מחנה.

דער סוף איז געווען אַז אַלע מענער זענען געפאַלען אין דער מלחמה מיט די יודען, און די יודען האָבען נאַכהער פארנומען אָהן א ווידערשטאַנד, די שטעדט און פלעצער וואָס האָבען זיך פריהער געפונען אונטער דער הערשאַפט פון סיחון מלך חשבון.

עוג מלך הבשן, האָט געהערט צו די פערבליבענע ריזען וואָס זענען פערבליבען נאָך פון די צייטען פון מבול. ווען משה רבינו מיט די יודען זענען געקומען נעבען חשבון, האָבען די פון דערווייטענס געזעהען, ווי עוג זיצט אויף די מויער פון שטאָדט און זיינע פיס דערגרייכען די ערד, די לענג פון זיינע פיס זענען געווען 18 איילען (דברים רבה) אין דער מלחמה מיט יודען, האָט עוג אַזוי בעשלאָסען: די יודישע מחנה ציהט זיך דריי מייל, וועט ער אַרויסרייסען אַ באַרג פון דריי מייל און איהם אַרויפוואַרפען אויף די יודען, אַזוי דאָס ער זאָל זיי אַלע מיט אַמאָל אומברענגען. האָט מען פון הימעל אָנגעשיקט אַ מחנה מילבען, וועלכע האָבען אויסגעביסען לעכער אינ׳ם באַרג וואָס עוג האָט געטראָגען אַזוי אַז דער באַרג איז איהם אַראָב אויפ׳ן קאָפּ ביז איבער׳ן האַלז (ברכות).

עוג האָט פערזאַמעלט זיינע חיילות אין אדרעי אויף אַ מלחמה מיט די יודען. משה רבינו האָט שטאַרק תפילה געטהון, אַז די יודען זאָלען ניצול ווערען פון אַזעלכע אונגעוועהנליכע מלחמה-גבורות וואָס עוג קען בעווייזען, האָט איהם גאָט בצרוהיגט און פערזיכערט אַז עוג וועט פאַלען אין דער מלחמה, און ווי נאָר עס איז געשעהן דאָס נס מיט׳ן באַרג (זעה אויבען), האָט משה רבינו גענומען אַ שטעקען און איז אַ שפרונג געטהון 10 איילען

ריך, האָט עֶר עוג'ן געטראָפֿען אין־קנעכעל און איהם דערהרג'עט ברכות).

סיחון מיט עוג'ן זענען געווען ברודער פון איין מוטער נישט פון איין פאָטער (בחיי). די מלחמה מיט סיחונ'ען איז פאָרגעקומען אין חודש אלול, נאָך דער מלחמה האָבען די יודען גערוהט איבער די יום־טובים און נאָך די יום־טובים איז פאָרגעקומען די מלחמה מיט עוג מלך הבשן (במדבר רבה). נאָך דער מלחמה מיט סיחון ועוג, האָבען די יודען אויך פערנומען דאָס פעסטונג יעזר און דאָס קאַנט אַרום, בסך הכל האָבען די יודען פערנומען 60 שטעדט ביי די אמוריים־פעלקער.

**בלק.** די יודישע נצחונות איבער די אמוריים, און איבער די ריעזען־מלכים—סיחון און עוג, האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקע בעאונרוהיגונג און מורא ביי די מואביים פאַר די יודישע מחנה. זיי זענען ביי זיך נישט געווען זיכער, אַז אויך נישט געוויסט פון דעם, דאָס די יודען האָבען אַ בעפעהל אויסצומיידען אַ מלחמה מיט די פעלקער פון עמון און מואב. דעריבער האָבען זיי גענומען זוכען אַלע עצות אויף צו קענען זיך שטארקען איבער די יודען. פאר אלעם האָבען די מואבים זיך גענומען צוריקשטעלען און פערפעסטיגען זייער מלוכה. וועלכע איז געפאלען אין איר פרעסטיזש נאך דעם ווי די מואבים זענען בעזיגט געוואָרען אין דער מלחמה מיט סיחון מלך מואב. דער לעצטער האָט אינגאנצען אָבגעשאַפט די מלוכה ביי די מואבים, און אָנשטאָט אַ מלך, האָט סיחון איינגעפיהרט אַ זקנים־הערשאַפט, וואָס עס ווערט דערמאָנט אין דער תורה: זקני מואב און זקני מדין. אויס מורא פאַר יודען, האָבען די מואבים אויפגענומען פאַר אַ מלך בלק'ן, אַ זוהן פון ציפור, אַ בעוואוסטער כשוף־מאַכער וואָס איז געווען בערוהמט אין זיין צייט. די מואבים האָבען אויך שלום געשלאָסען מיט די מדינים, כאָטש עס האָט פון לאַנגע יאָהרען גע־


ייד מדבר

הערשט אַ איינגעבאַקענע שנאה, צווישען אָט דיביידע פעלקער, זייט די אור־אַלטע מלחמות וואָס האָבען די מואבים און מדינים פערוואַנדעלט אין טויט־פיינד צווישען זיך (זעה אויבען). די מדין און מואב פעלקער האָבען זיך יעצט פעראייניגט, אום צו געפונען אַ בשותפות׳דיגע עצה געגען די יודען.

זיי זעהען, ווי די יודען זענען מנצח אין מלחמות אויף אַ איבערראַטירליכען אופן, און זיי דערוויסען זיך ביי די מדינים, וואו משה רבינו דער יודישער פיהרער האָט אַ צייט לאַנג פערברענגט (ביי יתרו׳ן—זעה אויבען), אַז דער גרויסער כח פון משה רבינו ליעגט אין זיין מויל, דאַמיט וואָס ער שטאַרקט זיך אין תורה און תפילה. די מואבים בעשליסען דעריבער, זיך ווענדען צו בלעמ׳ן, וועלכער איז אויך בעקאַנט מיט זיין גבורה אין מויל; ווען ער שעלט, דער געהט פערלוירען און אַ סך מלכים פלעגען זיך פיהרען, איידער זיי זענען געגאַנגען אין אַ מלחמה, האָבען זיי געשיקט מתנות צו בלעמ׳ן, ער זאָל שעלטען די פיינד.

בלעם בן בעור, וועלכער איז געווען אין יענער צייט, איז געווען אַ אייניקעל פון בלעם בן בעור וואָס איז געווען אין פרעה׳ס צייטען,*) אַ אייניקעל פון לבן הארמי (זעה אויבען), ער איז געווען אַ נביא ביי גוים (זעה אויבען) און צום סוף איז ער געוואָרען אַ כשוף־מאַכער (סנהדרין). בלעם האָט געוויסט אָבצופאַסען די רגע ווען עס איז דער צאָרן פון גאָט, דאַן פלעגט ער אַרויסלאַזען פון זיין מויל אַ קללה וועלכע פלעגט מקוים ווערען (ברכות).

בלק האָט געשיקט שלוחים, די „זקני מואב" און „זקני מדין", צו בלעמ׳ן ער זאָל קומען פערשעלטען די יודען אַז זיי-

---

* אַ צווייטע דעה איז פאַראַן, אַז ס׳איז דער זעלבער בלעם פון פרעה׳ס צייטען וועלכער האָט אַזוי לאַנג געלעבט, און איז אויך געקומען צו בלק׳ן שעלטען די יודען.

צָלען הָאבען אַ כּבלה, דערכּ‍ער וועט ער געבען בלעמ'ן אַ סך בתנות.

בלעם האָט צום ערשטען אויפגענומען די שליחים פון מואב און מדין, און זיי געהייסען ווארטען איבער נאַכט, ווייל ער מוז ווארטען אויף אַ רוח נביאה, אַנדערש וועט ער נישט געהן. ער קאָן אָבער נישט האָבען קיין רוח נביאה נאָר ביינאכט (אזוי איז עס געווען ביי די נישט-יודישע נביאים).

אויף צו מאָרגענס האָט בלעב זיך געשעהמט צו דער־צעהלען בלק'ס שלוחים, אַז ער איז אָבהענגיג פון גאָט'ס בע־פעהל, און אַז ער וועט די יודען נישט קענען טהון קיין שלעכטס, אַחוץ ווען עס וועט אויף זיי קומען אַ שטראָף פון הימעל. ער האָט זיי נור געזאָגט, דאָס עס איז נישט פאַר זיין כבוד צו געהן מיט אַזעלכע שליחים.

ווען עס קומען די צווייטע שליחים, און בלעם רייסט זיך דוקא צו געהן (בלעם איז געווען די יודען מעהר שונא ווי בלק, און ער האָט זיך געטראַכט פיללייכט וועט פּאָרט אונטער־קומען אַ געלעגענהייט, די יודען וועלען זינדיגען און עס וועט אויף זיי זיין אַ צאָרן פון הימעל, ער זאָל קענען די יודען שלעכטס טהון)—האָט ער געהאַט אַ בעפעהל פון גאָט, אַז אויב ער וויל דוקא, קען ער געהן, נור ער מוז זיך שטרענג האַל־טען אין די ווערטער וואָס גאָט וועט איהם בעפעהלען.

בלעמ'ס אייזעל אויף וועלכען ער פלעגט רייטען, איז גע־ווען פון די צעהן זאכען וואָס זענען בעשאפען געווארען דעם ער־שטען פרייטאָג פון די ששת ימי בראשית (אבות). אויפ'ן וועג וואס בלעם איז געגאנגען מיט בלק'ס שליחים, איז בעוויזען גע־ווארן אַ גרויס וואונדער: דאס אייזל האט גענומען רעדען און אויסשטראָפען בלעמ'ן, פארוואס ער האט אנגענומען אזעלכע מיט־לען, און צווינגען איהר צו געהן אויף אַ וועג וואס זי קען נישט געהן.

דאס אייזעל האט צום ערשט דערזעהען א מלאך פון הי־מעל וואס האט זיך געשטעלט איבער׳ן וועג מיט אַ שווערד. שארף. ווערענדיג אויסמיידען דעם מלאך, האט דאס אייזעל זיך אראבגעקערע ועט פון גלייכען וועג און האט זיך גענומען אויף אַ זייטען־וועג, און ווען זי דערזעהט איך דארט דעם מלאך, האָט זי זיך אנידערגעלעגט און איז ווייטער נישט געגאנגען.

בלעם נעהמט שלאגען דאָס אייזעל, וועלכע איז ארויס אויף איהם מיט אַ לשון, פארוואס ער שלאגט איהר בעת זי האט קיינמאל אזעלכעס נישט געטהון? פארוואס האט ער נישט אריינגעטראכט זיך, אז דער וועג איז עפעס נישט אינגאנצען גלאטיג און אז ער דארף זיך אומקעהרען? ערשט דאַן דערזעהט בלעם דעם מלאך, און ער פרעגט זיך, צי ער מוז דורכאויס צוריקגעהן? דער מלאך זאגט איהם: אויב ער וויל דוקא געהן, קען ער געהן אבער ער מוז זיך שטרענג האלטען אין דעם וואס גאט וועט בעפעהלען.

בלעם האט עס אנגענומען פאר אַ צייכען אַז ער קאן געהן, און ער האָט זיך נישט פערטיפט אין׳ם וועג פון דער תורה, וועלכע ווייזט נור דעם מענש ווי צו געהן און דאָס איבעריגע, צי זאָל ער געהן אויף אַ גוטען אדער שלעכטען וועג) דאָס לאָזט מען איבער פאַר׳ן מענש זעלבסט ווי ער בעשליסט זיך (במדבר רבה).

**בלעמ׳ס דורכפאַל.** כאָטש בלעם ווערט דורך בלק׳ן אויפגענומען מיט גרויס כבוד, האָט זיך אָבער באַלד ארויסגעשטעלט בלעמ׳ס שוואַכקייט געגען די יודען. בלק נעהמט איהם אויף פאַרשידענע פלעצער וואו ער זעהט די יודישע מחנה, בלעם זעט אַ מאָמענט, ער זאָל קענען די יודען שלעכטס טהון, אזא מאָמענט איז אָבער נישט געווען, און צום סוף האָט בלעם גאָר גענומען בענשען די יודען און אויסרעכענען זייערע מעלות. בלק ווערט אויף בלעמ׳ן אין כעס. בלעם רעדט אָבער

מיט בלק'ן שטייפע ווערטער, ער זאָל זיך נישט דהאַלטען אזוי גרויס, ווייל אלץ איז אָבהענגיג פון גאָט, וועלכער דערלאָזט נישט אין יעצטיגען מאָמענט קיין שום שלעכטס אויף יודען, צום סוף אָבער גיעט בלעם אַ עצה בלק'ן, ווי ער זאָל אַרויסרופען דעם צאָרן פון גאָט אויף יודען.

אויף בלעמ'ס עצה, האָבען די מדינים אוועקגעזעצט זייערע טעכטער אין געצעלטען ארום דער יודישער מחנה, אַ טייל יודען זענען אַזוי אַרום אַריינגעפאַלען אין דער נעץ פון די מדינות'ן, וועלכע האָבען אַרויסגעפאָדערט די יודען צו טה'ן עבירות, און צום סוף אויך צו דיענען די עבודה זרה פון מדין.

און עס איז געקומען דער צאָרן פון גאָט; עס איז אויסגעבראָכען אַ מגפה אין דער יודישער מחנה, בעת וועלכע עס זענען אומגעקומען 24 טויזענד מאַן. שפעטער איז בלעם געקומען צו בלק'ן, נעהמען אַ פארגיטיגונג דערפאַר וואָס אויף זיין עצה זענען געפאַלען טויטע 24 טויזענד יודען, ער ווערט אָבער דערהרגעט דורך פנחס'ן, ווען ער, בלעם איז אַלט 33 יאָהר (סנהדרין).

**פנחס,** ז"ע זוהן פון אלעזר הכהן (אהרנ'ס זוהן) האָט אָבגעשטעלט די מגיפה און די שרעקליכע מעשים אין וועלכע די יודען זענען אַריינגעשלעפט געוואָרען דורך די מדינים. ער האָט זיך מוסר נפש געווען און דערשטאָכען זמרי בן סלוא, איינעם פון די אָנגעזעהנסטע נשיאים, פון שבט שמעון, וועלכער האָט זיך אַראָבגעלאָזט אין די נידריגסטע נעצען פון די מדינים, דאַמיט האָט ער געוואָלט אָבראַטעווען פון טויט זיינע שבט-מענשען וואָס זענען פון די יודען פערפאָלגט געוואָרען צוליעב זייער פערברענגען מיט די מדינות'ן.

די לייט פון שבט שמעון זענען געגאַנגען צו זייער נשיא און איהם אויפגעפאָדערט, ער זאָל זיך אַריינמישען, אז מען זאָל נישט הרג'ענען די יודען איבער'ן חטא מיט די מדינות'ן.

זמרי האָט פערזאַמעלט 24 טויזענד מאַן פון זיין שבט און איז געקומען מיט אַ טענה צו משה רבינו, אַז איגענטלעך מעג אַ יוד נעהמען אַ מדינית, און ער האָט עס פאַר אַלעמען אין די אויגען אליין געטהון. משה רבינו האָט נישט געגעבען קיין קלאָרען ענטפער און די יודען זענען געבליבען דערשראָקען, מורא האָבענדיג פאַר אַ אויפשטאַנד אין דער יודישער מחנה. פנחס דערמאָנט זיך, ווי משה רבינו האָט געלערענט אַ דין, אויב אַ יוד נעהמט אַ ארמית פאַר אַ פרוי און ער איז זי נישט מגייר, איז כאָטש דאָס בית־דין טהוט דאַן נישט אַרויסטראָגען אויף איהם קיין טויט־אורטייל, נור ווען עס קומט אַ עהרליכער יוד וואָס ווערט פול מיט צאָרן און הרג'עט יענעם וואָס געהט זיך פערמישען און אַסימילירען מיט די ארמית, אָט דער יוד טהוט רעכט און איהם קומט נישט צו בעשטראָפען ווען ער הרג'עט דעם פערברעכער.

פנחס טראַכט נישט לאַנג, ער נעהמט אַ שפיז און דערשטעכט זמרי בן סלוא, צוזאמען מיט די מדינית כזבי בת צור, וואָס זמרי האלט פאַר אַ ווייב (סנהדרין). פנחס בעט אויך צו גאָט און עס ווערט איינגעשטילט די מגיפה וואָס האָט געבושעוועט אין דער יודישער מחנה.

אַ גאַנצע רייה נסים זענען געשעהן, ווען פנחס האָט גע־הרגעט זמרי'ן, און עס געשעהט איהם נישט קיין שלעכט'ס. צווישען אַנדערע דאָס צ,ליין, וואָס אַרום זמרי'ן זענען געווען פערזאַמעלט 24 טויזענד זיינע אָנהענגער, וועלכע זענען געווען גרייט אויף אַלעם צו טהון, ווער עס וועט זיך נור שטעלען געגען זמרי'ן.

פנחס איז געווען אַ איינציגער זוהן ביי זיינע עלטערן און ער האָט געהאַט אַ זוהן אַבישוע (דהי"א) פנחס'ס ווייב איז געווען אַ טאָכטער פון פוטיאל וואָס האָט געשטאמט פון יתרו. אַ טייל שבטים האָבען געהאַט תרעומת'ן אויף פנחס'ן וואָס ער האָט גע'הרג'עט אַ נשיא פון אַ שבט ביי יודען. איז געקומען

דער בעפעהל פון גאָט צו משה׳ן, אָבצודאנקען פנחס׳ן פאַר זיין גוטס וואָס ער האָט געטהון און אָבגעהאַלטען די מגיפה ביי יודען. פנחס בעקומט אויך א כריתת־ברית, אז די כהונה וועט אייביג נישט אוועק פון זיינע קינדער.

פנחס האָט זיך גערעכענט צו די גרעסטע מענשען ביי יודען, און ווען עס האָט אויף איהם גערוהט דער רוח הקודש, האָט זיין פנים געפלאמט ווי אַ פייער־צייל (ויקרא רבה). ער איז אויך דערהויבען געוואָרען צו אַ מדריגה פון אַ מלאך (במדבר רבה).

**די נקמה ביי מדין,** וואָס די יודען האָבען גענומען אויף גאָט׳ס בעפעהל, איז אויסגעפיהרט געוואָרען אונטער דער אָנפיהרונג פון פנחס׳ן. מיט צוועלף טויזענד מאַן, צו 1000 מאַן פון יעדען שבט, געהען די יודען אויף אַ מלחמה מיט די מדינים וועלכע פאַלען אלע ביז׳ן לעצטען. בלעם איז אין יענער צייט געווען אין מדין, ער האָט דורך כישוף געמאכט פליהען אין דער לופט, די 5 מלכים פון מדין, בכדי די יודען זאָלען זיי נישט טהון קיין שלעכטס. פנחס ווייזט זיי פון דערווייטענס דעם ציץ (איינס פון די בגדי כהונה גדולה וואָס אויף איהם שטעהט דער שם המפורש) און זיי פאַלען אראָב אויף דער ערד, וואו זיי ווערען געהרגעט (תנחומא).

די יודען זענען צוריקגעקומען פון דער מלחמה מיט אַ רייכען רויב, וועלכער ווערט פערטיילט אויפ׳ן בעפעהל פון משה רבינו. אַ העלפט נעהמען, די וואָס זענען געגאַנגען אין דער מלחמה, און די צווייטע העלפט ווערט פערטיילט צווישען אַלע יודען, וואָס זענען געבליבען אין דער מחנה. פונ׳ם רויב, ווערט אויך אַראָבגעגעבען אַ טייל פאַר די כהנים און לוים.

**עבר הירדן,** די לענדערייען וואָס די יודען האָבען פערנומען אין דער מלחמה מיט די אמוריים, וועלכע זענען געלעגען אויף מזרח־זייט פון ירדן, האט משה רבינו פערטיילט צווישען

די שבטים פון ראובן, גד און אַ האַלבען שבט מנשה. די דאָזיגע שבטים זענען געווען זעהר רייך אין פיה, און די דערמאָנטע לענדערייען זענען געווען זעהר גוט פאַר פיה־צוכט. דעריבער האָבען זיי עס פערלאַנגט פון משה רבינו, ער זאָל פאַר זיי בעשטימען אָט די לענדערייען, דערפאַר וועלען זיי זיך אָבזאָגען צו פון האָבען אַ נחלה אין ארץ ישראל, אויף יענער זייט ירדן. משה רבינו איז דערויף מסכים, מיט דעם בעדינג אָבער, אז זיי, די בני ראובן, גד און אַ טייל פון מנשה, מוזען אויך אַריבערגעהן דעם ירדן אין דער מלחמה מיט די כנענים. נאָכמעהר, זיי דאַרפען געהן פאָראויס, אין דער שפּיץ פון די חיילות.

משה רבינו האָט עס אויפגעקלערט די בני ראובן, גד און מנשה, דאָס הגם די קראַפט פון יודען ליעגט נישט אין דער מעהר־צאָהל פון זייערע חיילות, דאָך קען זיך עס אָברופען אין ארויס־רופען אַ שלעכטען איינדרוק ביי די איבריגע יודישע שבטים, ווען זיי וועלען זעהען, אַז אַ טייל פון דער יודישער מחנה האָט זיך דאָ אָבגעשטעלט און וויל נישט אַריבערגעהן דעם ירדן, עס קאָן אויסגעטייטשט ווערען, אז זיי האָבען מורא צו געהן אין דער מלחמה, וואָס די יודען פיהרען מיט די כנען־פעלקער.

משה רבינו שטעלט דעריבער, דעם אויסדריקליכען בעדינג, דאָס אויב זיי וועלען האַלטען וואָרט און געהן פאָראויס די יודישע חיילות אין דער מלחמה מיט די כנען־פעלקער, דאַן פערנעהמען זיי מיט רעכט די לענדערייען אין עבר-הירדן. קיים אָבער וועלען די בני ראובן, גד און מנשה, נישט האַלטען זייער וואָרט און וועלען נישט אַריבערגעהן דעם ירדן אין דער מלחמה, דאַן קומט זיי נישט די לענדערייען אין עבר הירדן.

די בני ראובן, גד און מנשה נעהמען געהרן אָן דעם בעדינג, זיי שטעלען זיך דא הייזער פאַר ווייב און קינדער, אויך

שטעלער פאַר זייערע פּיה. און צליין גצהצן זיי שפּציטער אין דער מלחמה, צוזאַמען מיט דער גאַנצער מחנה.

**ערי מקלט.** ווי נאָר משה רבינו האָט פּערט־ילט דעם עבר הירדן, צו די דריטהאַלבצן שבטים פון יודישען פאָלק, האָט ער באַלד בעשטימט די שטעדט פאַר ערי מקלט, ווי די תורה פערלאַנגט, בכדי צו פערמיידען אומזיסטע בלוט פערגיסונג ביי יודען. דען, כאָטש די תורה, האָט אַ רייה שטרענגע אורטיילען פאַר פערברעכער, און פאָדערט אויך טויט־שטראָף פאַר אַ מענשען־מערדער, איז עס אָבער נור אַלץ, ווען עס שטעלט זיך אַרויס, אַז יענער האָט זיין מאָרד־טהאַט אויסגעפיהרט מיט אַ בייזוויליגער כונה און ער האָט אויך געוויסט וואָסערע שווערע שטראָף די תורה פאָדערט פאַר אַזאַ פערברעכען. אָט דער פערברעכער, איז אַ געפעהרליכער מענש פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט וועלכער איז פעהיג אין יעדער צייט צו מאָרדען און רויבען. אַנדערש איז אָבער, ווען מען קען נישט דערוויוזען, אַז דער מאָרד איז אויסגעפיהרט געוואָרען מיט אַ בייזוויליגער כונה, דאן פערדיענט נישט דער מערדער קיין טויט־שטראָף. ווי איז אָבער, אַז אַ קרוב פונ׳ם ערמאָרדעטען טרעפט דעם מערדער, ער ווערט אויפגעקאָכט פון די נקמה־געפיהלען, און ער הרגעט דעם מערדער — דאַן קומט דעם קרוב נישט קיין טויט־אורטייל, ווייל ער האָט עס געטהון אין אַ אויפגערעגטען צושטאַנד, און איהם האָט געהייצט דאָס צער און דער כעס פאַר זיין ערמאָרדעטען קרוב.

די תורה בעפעהלט דעריבער, צו בעשטימען אין פערשיעדענע פונקטען אין ארץ ישראל, ערי מקלט, שוץ־פונקטען פאַר מערדער וואָס פערדיענען נישט דעם טויט, דאָרט זאָלען זיי זיך אויפהאַלטען און דאָרט זאָלען זיי אויך זיין געשיצט, אַז עס זאָל נישט קומען קיין אויפגערייצטער קרוב פונ׳ם ערמאָרדעטען און הרגענען דעם אונשולדיגען מערדער.

אַזעלכע שוץ־פונקטען זענען בעשטימט געוואָרען: דריי

אין עבר־הירדן, 1) בצר אין ראובנ׳ס טייל לאַנד, 2) ראמות אין גלעד וואָס איז געווען פערנומען פון שבט גד, און 3) בשן אינ׳ם טייל לאַנד וואָס האָט געהערט צו שבט מנשה.

אין דער צווייטער זייט ירדן זענען אויך געווען דריי אַזעלכע שוץ-פונקטען: 1) קדש אין גליל, אינ׳ם טייל לאַנד וואָס איז געווען פערנומען פון שבט נפתלי, 2) שכם אין הר אפרים, אין 3) חברון אויפ׳ן הר יהודה. (ווען משיח וועט קומען און יודען וועלען בעזעצען ארץ ישראל אין איהרע אַלע גרעניצען וועלען צוקומען נאָך 3 אַזעלכע שוץ-פונקטען—רמב״ם).

דער גזר דין, אַז משה רבינו זאָל נישט אַריינפיהרען די יודען קיין ארץ ישראל, איז געווען אַזוי האַרב, אז טראָץ דעם וואָז משה רבינו האָט געבעטען מיט אַלע כוחות, האָט זיך די זאך נישט געענדערט. די געטליכע הנהגה איז געווען צוגעפאסט צו דער מדרגה ביי וועלכע יודען האָבען געהאלטען, און וויל די יודען אין דער מדבר, האָבען זיך נישט אינגאַנצען דערהויבען צו דער מדרגה צו וועלכע משה רבינו האָט זיי געוואָלט פיהרען, און עס איז אויך געווען פאָרגעזעהען, דאָס נאָכדעם ווי די יודען וועלען זיך בעזעצען אין א״י, וועלען זיי צייטענווייז זיך נישט האַלטען אינ׳ם פאָלקאָמען וועג וואָס די תורה בעפעהלט, און דערפאַר וועלען זיי מוזען ליידען גלות און פערקנעכטונג ביי פרעמדע פעלקער, צום סוף וועט אויך דאָז בית המקדש חרוב ווערען און די יודען וועלען אינגאַנצע פערטריבען ווערען פון לאַנד — אָז דאָס טאַקי האָט נישט געשטימט דאצו, אז משה רבינו זאלבסט זאָל די ודען אריינפיהרען קיין א״י. דען, אונזער משה רבינו׳ס פיהרונג וואָלטען אַלע פעלקער בעזיעגט געוואָרען, דאָ בית המקדש וואָלט אויף אייביג געבליבען, אין צוליעב׳ן חטא פון די יודען וואָלט עס נור אויסגעגאַנגען צו זיי אליין — דאָס יודישע פאָלק וואָלט חלילה אומגעקומען. אוי אָבער, אונטער די פיהרונג פון יהושע בן

נון און זיינע נאָכפאָלגער, זענען די יודען נור געבליבען א בעשטימטע צייט אין א״י, שפעטער האָבען די חטאים געברענגט אַז דאָס בית־המקדש איז צוויי מאָל חרוב געוואָרען, די יודען זענען געגאַנגען אין גלות; זיי לײדען, אָבער זיי בלייבען עקזיסטירען אויף אייביג, און עס וועט קומען די צייט ווען דאָס יודישע פאָלק, וועט אויף שטענדיג זיך אומקעהרען אין זיין היים־לאַנד, דאַן וועט אויך געשטעלט ווערען דאָס דריטע בית המקדש (בית שלישי) וואָס וועט האָבען אַ אייביגען עקזיסטענץ (מדרש).

**פאר דער פטירה,** רופט משה רבינו די יודען, און ער שטוט פאַר זיי איבערחזר׳ן די גאַנצע תורה (דאָס האָט געדויערט פון ראש חודש שבט ביז׳ן 7-טען אדר). ער האָט אויך די יודען געשטראָפט, דער פאַר וואָס זיי האָבען אין פערשיעדענע צייטען זיך פערזינדיגט ער האָט זיי אויך בעפוילען צו היטען שטענדיג די תורה, און ער נעהמט אלס עדות דעם הימעל און ערד, אז אויב די יודען וועלען נישט היטען די תורה אין ארץ ישראל, וועט אויף זיי קומען אַ גאנצע רייה צרות און יסורים, וואָס משה רבינו האָט אויסגערעכענט אין דער תורה, און צום סוף וועלען זיי אויך פערטריבען ווערען אין גלות ביי פרעמדע פעלקער.

**יהושע בן נון,** ווערט אויך דורך משה רבינו געשטעלט פאר אלעזר כהן גדול און פאר אלע יודען, אלס דער צוקונפטיגער פיהרער פון יודישען פאָלק, וועלכער וועט די יודען אריינפיהרען קיין א״י — אַזוי איז געווען גאָט׳ס בעפעהל צו משה׳ן. משה רבינו פערלאַנגט פון יהושע׳ן ער זאָל איהם אָנפרעגען פאר דער פטירה אלע ספיקות, וואָס ער האָט אין דער תורה. יהושע בלייבט פערוואונדערט: האָב איך דען דיך פערלאָזט אַ רגע און נישט געלערנט?—פרעגט יהושע. דאָך זענען שפעטער פון יהושע׳ן פערגעסען געוואָרען 300 הלכות, און 700 ספיקות האָט ער געהאַט, וואָס עס האָט ארויסגערופען א גרויסע אויפרעגונג ביי יודען, ביז עס איז געקומען עתניאל

בן קנז, וועלכער האָט צוריקגעשטעלט אַלע ספיקות און הלכות (תמורה).

**משה רבינו'ס תפילות.** ווען משה רבינו זעהט, אַז דער גזר-דין, דאָס ער זאָל נישט קומען קיין א"י, איז שוין געשטעמפּעלט, האָט ער גענומען פאַסטען און געמאַכט אַ קיילעכדיגען רינג־צייכען: איך וועל פון דאַנען מיך נישט אָוועקריהרען ביז דער גזר־דין וועט בטל ווערען—אַזוי האָט ער אָנגעהאַלטען אין תפילות. אין דער זעלבער צייט, נעמט משה רבינו אויף זיך אַ זאַק און וואַלגערט זיך אין אַש מיט דער גרעסטער צובראָכענהייט, זיינע תפילות צו גאָט האָבען דערציטערט הימעל און ערד און די גאַנצע בריאה, וועלכע האָבען גענומען טראַכטען אַז עס איז געקומען די צייט ווען גאָט וויל ענדערען די בריאה. אַ בת קול פון הימעל בערוהיגט זיי און רופט: עס איז נישט די צייט ווען גאָט ענדערט די בריאה!

און עס איז אַרויס אַ רוף אין יעדען הימעל-דורכגאַנג, אַז מען זאָל נישט דורכלאָזען משה רבינו'ס תפילה פאַר'ן כסא הכבוד, ווייל דער גזר־דין איז שוין געשטעמפּעלט און ער מוז אויסגעפיהרט ווערען. דאַן ווערט גערופען פאַר גאָט דער מלאך וואָס איז בעשטימט אויף רופען, און עס ווערט געגעבען איילינג אַ בעפעהל צו די מלאכים, זיי זאָלען שנעל שליסען די טויערן פון די הימלען, ווייל דאָס קול פון משה רבינו'ס תפילה שטאַרקט זיך און רייסט זיך אַרויף צום כסא הכבוד. (די תפילה פון משה רבינו איז געווען ווי אַ שווערד־שאַרף וואָס שניידט זיך אַ דורכגאַנג און דערלאָזט נישט גאַנץ קיין שום פערשטעלעכץ וואָס שטעלט זיך איהר אין וועג; זיין תפילה איז געווען מיט'ן שם המפורש וואָס עס האָט איהם איבערגעגעבען דער מלאך הגזאל, ווען משה רבינו איז געווען אין הימעל ביי קבלת התורה).

ווען די גלגלים, מלאכים און שרפים זעהען, אַז משה

רבינו'ס תפילה ווערט נישט דורכגעלאָזט, איז געוואָרען אין הי־מעל אַ שטאַרקער רעש פון זייער ליוב צום כסא הכבוד, זיי האָבען געזעהען אַז עס איז נישטאָ קיין שום נשיאות פנים, נישט צו אַ קליינעם און נישט צו אַ גרויסען אפילו (דברים רבה).

**משה רבינו וויל זיין אַ תלמיד ביי יהושע'ן.** ווען משה רבינו האָט שטאַרק אָנגעהאַלטען אין תפילות, ער זאָל קאָנען אַריינקומען קיין ארץ ישראל, זאָגט איהם גאָט אַז עס איז שוין געקומען די צייט וואָס יהושע דאַרף איבערנעהמען די אָנפיהרונג איבער'ן יודישען פאָלק נאָך משה רבינו. האָט משה געבעטען, ער וויל לעבען און ער בעשטעהט צו זיין אַ תלמיד ביי יהושען, דעריוף האָט גאָט איהם נאָכגעגעבען אַז ער זאָל עס פרובען צו זיין אַ תלמיד ביי יהושען.

צו מאָרגענס פריה, קומט משה צו יהושע'ן, וועלכער דערזעהט נישט משה'ן (עס איז געווען פון הימעל, יהושע זאָל נישט בעמערקען משה'ן, אַזוי אַז משה'ן זאָל זיין שווער צו פערנעהמען דעם צער). די יודען קומען צום פּלאַץ ווי משה רבינו וואוינט, ענטפערט מען זיי אַז משה געפונט זיך ביי יהושע. דאָרט זעהען זיי ווי יהושע זיצט און לערנט, און משה רבינו שטעהט פאַר איהם. האָט מען ערשט יהושע'ן געזאָגט, אַז משה רבינו שטעהט דאָ. ווי יהושע דערזעהט משה רבינו, האָט ער צוריסען זיינע קליידער און וויינט און ער בעט משה רבינו, אַז ער האָט איהם נישט געזעהען, דעריבער האָט ער איהם געלאָזט שטעהן.

די יודען ווענדען זיך צו משה רבינו, ער זאָל מיט זיי לערנען ווי שטענדיג. דערויף ענטפערט משה רבינו, אַז ער האָט שוין מעהר נישט קיין רשות צו זיין דער רבי פון די יודען, נור יהושע איז דער רבי. ווען די יודען פרובען זיך עקשנ'ען אַז זיי ווילען דוקא לערנען ביי משה'ן, הערט זיך אַ בת־קול פון הימעל, זיי זאָלען לערנען תורה ביי יהושע'ן. יהושע זעצט

זיך, משה רבינו זיצט ביי זיין רעכטע האנד און אהרן הכהנ׳ס קינדער ביי זיין לינקע האנד, יהושע דרש׳ענט, און משה רבינו פערנעהמט נישט זיין דרשה (דאס איז אויך געווען פון הימעל, צו ווייזען משה׳ן או עס קאן אזוי נישט זיין, ער זאל זיין יהושע׳ס תלמיד). די יודען בעטען משה רבינו, אז פון איהם האבען זיי בעסער פערנומען. משה רבינו זעהט אבער, אז מ׳האט פון הימעל ביי איהם אוועקגענומען אלע קוואלען פון חכמה, דאן ערשט האט ער געזעהן, אז ער וועט מוזען אויף זיך מקבל זיין דעם ביטערען גזר דין. משה רבינו בעט ביי אלע יודן זיי זאלען איהם מוחל זיין, פאר דעם וואס ער האט זיי א סך מאל מצער געווען און פערלאנגט זיי זאלען היטען די תורה און די מצות, און די יודען בעטען אויך דאס זעלבע ביי איהם, ער זאל זיי מוחל זיין. משה רבינו פערלאנגט אויך ביי די יודען, ווען זיי וועלען זיין אין א״י, זאלען זיי איהם דערמאנען (תנחומא).

א האלבע שעה האט נאך משה רבינו צו לעבען—אזוי איז אראב א בת־קול פון הימעל, און די יודען נעהמען וויינען און רופען: משה רבינו! אויב דו פערלאזט אונז, וואס וועט מיט אונז ווערען? משה רבינו ענטפערט זיי: אלע צייטען איז גאט געווען מיט אייך און דאס זעלבע וועט אויך ווייטער זיין; איהר זאלט נישט רעכענען אז די וואונדער און נסים וואס זענען דורך מיר בעוויזען געווארען, זע עו געווען צוליעב מיר — ניין! דאס אלץ איז געשעהן בכדי צו דערווייזען די געטליכע קראפט, און אויב איהר וועט אייך ווירקליך פערלאזען אויף גאט, דאן וועלען אלע אייערע פערלאנגען ערפיעלט ווערען.

א פיערטעל שעה, האט נאך משה רבינו צו לעבען איז ווידער געקומען א בת־קול פון הימעל. דאן האט זיך משה אויפגעשטעלט און געבענטשט אלע יודען אין כלל, ער האט גענומען וויינען און זיך געווענדעט צו די יודען מיט א ברכה,

ער זאָל זיי זוכה זיין צו זעהען ביי תחית המתים לעתיד לבא. דאַן האָט משה רבינו גענומען אָבשייד פון די יודען און ער האָט זיי פערלאָזט מיט אַ גרויס געוויין. אלע יודען האָבען אויסגעבראָכען אין אַ שטארק געוויין, ביז דאָס קול פון זייער געוויין איז ארויף אין די העכסטע הימלען.

משה רבינו האָט צוריסען זיינע מלבושים און זיך געריסען ביי די האָר, זיך פערדעקט דעם קאָפּ ווי אַ אבל—ווייל ער האָט נישט זוכה געווען אריינצוקומען קיין ארץ ישראל.

די לעצטע מינוטען, פאַר משה רבינו'ס פּטירה. גאָט זאָגט צום מלאך גבריאל ער זאָל ארויפברענגען די נשמה פון משה רבינו. דער מלאך גבריאל בעט זיך אָבער ביי גאָט: ווי קאָן איך זעהען משה רבינו'ס צער, אַ מענש וואָס זיינע זכותים טהון איבערשטייגען אַלע 600,000 יודען, ווער קאָן אַזא איינעם שלעכט'ס טהון?

אויך דער מלאך מיכאל בעט זיך ביי גאָט, אַז ער קען נישט געהן אין שליחות צו נעהמען די נשמה ביי משה רבינו, ער איז געווען דער רבי פון משה רבינו וועלכער איז געווען זיין תלמיד, ווי קען ער איהם געהן טהון שלעכט'ס?

האָט זיך געשטעלט דער מלאך המות פאר גאָט און געזאָגט: איז דען משה גרעסער פאַר אדם הראשון, פאַר אברהם, יצחק און יעקב? גיעב מיר רשות וועל איך ברענגען זיין נשמה. ער געהט מיט גרויס פרייד צום אָרט ווי עס געפינט זיך משה רבינו, וועלכער זיצט און שרייבט דעם שם המפורש און פייערדיגע פונקען שפריצען פון זיין מויל, און אינגאַנצען האָט ער דאָס געשטאלט פון אַ מלאך. דאן ווערט סמאל דערשראָקען און ער האָט צומאָל נישט געקענט אָנהויבען ריידען צו משה'ן, ביז משה פרעגט איהם: וואָס פערלאנגסטו?

— עס איז געקומען די צייט, ווען דו דארפסט אוועק

פון די וועלט! איך בין אַ שליח צו נעהמען דיין נשמה — זאָגט סמאל.

— איך וועל דיר מיין נשמה נישט געבען — האָט משה רבינו איהם געזאָגט. סמאל קומט צוריק און זאָגט צו גאָט: אויב איך וועל בעקומען רשות איבערצוקצהרען דאָס גהנים, קען איך עס אין איין רגע בצווייזען דורכצופיהרען, נאָר די נשמה פון משה רבינו קען איך נישט נעהמען.

די לעצטע רגע, איז ארויס אַ בת קול און געזאָגט צו משה רבינו: עס איז שוין גאָר די לעצטע רגע פון דיין לעבען, פארוואָס זאָלסטו דיך מצער זיין? דאן האָט משה רבינו פערלאנגט, זיין נשמה זאָל נישט געהן דורך די הענד פון מלאך המות, און גאָט ענטפערט איהם: דיין תפילה איז שוין לאנג פערנומען, איך אליין וועל זיך פערנעהמען מיט דיין קבורה און משה רבינו שטארבט בנשיקה.

אַ גאַנצען חודש האָבען די יודען געטרויערט נאָך משה רבינו'ס פטירה. זיין קבר איז אויפ'ן בארג נבו, אינ'ם לאנד וואָס געהער צו שבט ראובן. קיינער ווייס אָבער נישט דאָס אָרט וואו דער קבר געפינט זיך, און שוין דאן, נאָך משה רבינו'ס פטירה, האָט קיינער דעם קבר נישט געפונען.

תחיית המתים. משה רבינו, איהם האָט מען געוויזען פון הימעל די גאנצע וועלט און אלע געשעהענישען אויף איהר, זייט זי איז בעשאפען ביז'ן טאג פון תחיית המתים (ספרי), ווען עס וועט קומען די בעשטימטע צייט וואָס די בעסטע מענשען און דורות וועלכע זענען פריהער געשטאָרבען, וועלען צוריק לעבעדיג ווערען. (די יסודות אינ'ם מענש'ס קערפער וואָס טהוען זיך פונאנדערשפרייטען נאכדעם ווי דער טויטער קערפער ווערט צופוילט, אָט דאָס וועט ווערען צונויפגעקליבען אונטער גאָט'ס בעפעהל, נאָך משיח'ס קומען (יחזקאל ל"ז).

עולם הזה און עולם הבא, דאָס זענען די צוויי בע-

גריפען אין וועלכע מיר זעהען דעם עקזיסטענץ פון מענש אין דער וועלט-בריאה. דאָס גאנצע פערקערפּערטע וועזען וואָס מיר זעהען אין דער געגענווארטיגער פאָרם און פערנעהמען עס מיט די מענשליכע חושים, אלע פערגנוגענס אָדער אונאנגענעהמליכ־קייטען, גוט'ס אָדער שלעכט'ס, מנוחה אָדער פּיין און ליידען — דער גאנצער וועלט בעשטאנד וואָס שטעהט פאר'ן אויג פונ'ם מענש, דאָס ווערט אויפגעפאסט און ארייגענומען אין דער גרענעץ פון עולם הזה, וועלכע האָט זיך איהרע בעשטימטע פאָרמען, נאָך וועלכע אלץ ווערט פערניכטעט און פערענדערט אזוי אז דאָס פריהערדיגע עקזיסטירענדע האָט נישט קיין פערבלייבעניש און קיין שום אייביגקייט.

דאָס אייביגע אין דער וועלט-בריאה, געהער שוין צו דעם וואָס מיר פערשטעהען אונטער'ן בעגריף עולם הבא, דאָס וואס מיר קענען נישט גענוי בעגרייפען כל זמן דעם מענש'ס וויסען און נשמה איז איינגעהילט אין די פערקערפּערטע חושים, דורך וועלכע ער קומט אין בעריהרונג מיט דער גאנצער וועלט-בריאה.

דער קאנטראסט און געגענזאץ צווישען גייסט און קערפּער אין דער פארם, ווי זיי קענען זיך נישט צוזאמענקומען, דאָס שטערט דעם „היינטיגען מענש" צו בעגרייפען דאָס ריכטיגע, אמת'ע, אייביגע, וואָס וועט זיך ארויסשטעלען ערשט שפּעטער אין די צייטען פון עולם הבא, דאן ווען אויך די מענשען וועלען זיין אויסגעטהון פון זייער פערקערפּערטען לבוש און גוף.

יעדער יוד האָט אַ חלק אין עולם הבא (אבות) נאכדעם ווי ער ווערט דאצו געלייטערט נאכ'ן טויט, אחוץ די וואָס האָבען געטהון אזעלכע פערברעכענס (עברות) צוליעב וועלכע ער פערלירט זיין חלק עולם הבא, אויך דעם חלק וואָס דער מינדסטער יוד האָט. דאָך אָבער, האָט נישט קיין ערך, דער חלק עולם הבא פונ'ם דורכשניטליכען יוד לגבי דעם וואָס די צדיקים האָבען, יעדער לויט זיין מדרגה. אין אַלגעמיין ווערט בעטראַכט דאָס לעבען

פונ׳ם מענש אין דער געגענוואַרט, ווי א דורכגאַנג צום קומענדיגען אייביגען לעבען אין דער צייט פון עולם הבא — וועלכע יעדער מענש קען זיך דערשלאָגען אויף אַ העכערער מדרגה לויט זיינע אויפפיהרונגען און טהאַטען אין געגענווערטיגען לעבען. אויך די אמת׳ע פערגיטיגונג וואָס ווערט פאָרגעזעהן פאַר יודען, ווען זיי האַלטען ריכטיג די תורה און היטען איהרע מצוות — אַלץ איז פאָרגעזעהן אין די צייטען פון עולם הבא, ווייל נאָר יענע פערגיטיגונג האָט אַ אייביגע בעדייטונג פאַר וועלכע עס לוינט דאָס גאנצע לעבענס-ליידען צו וועלכען עס נעהמט דאָך א סוף און אַ גרעניץ. דאָך ווערט אָנגעוויזען אין דער תורה, אַז אַ טייל שכר פאר היטען די מצוות, ווערט אויך געגעבען אין געגענווערטיגען לעבען (למען ירבו ימיכם—בעולם הזה, וימי בניכם — לימות המשיח — מדרש). דאָס דאָזיגע ווערט אויך בעשטימט פון הימעל לויט די מדריגות פון די מענשען, ווער און וויפיעל עס ווערט איהם בעשטימט פאַר זיין שכר אויף עולם הזה. (מדרש)

די צייט פון עולם הבא ווערט פערטיילט אין דריי תקופת: א) עולם הנשמות, וועלכע נעהמט אַרום די נשמות פון צדיקים און גוטע מענשען וועלכע שטאַרבען אין יעדען דור; ב) לעתיד־לבא, ווען משיח וועט קימען און עס וועט זיין די לעצטע און אייביגע גאולה פון יודישען פאָלק (ישעי׳ ב׳ י״א; ג) אחרית הימים, ווען די גאַנצע מענשהייט וועט פערוואַנדעלט ווערען אין איין ציעל צו דערקענען די גאָטהייט, דאָס גאַנצע שלעכטע וועט פערשוואונדען און אַלע מענשען וואָס זענען בעשאפען אין דער געטליכער פאָרם, וועלען דערהויבען ווערען צו זייער ענדע־ציעל און מדרגה.

---



**ענדע פון ערשטען באנד**

